# אגב-אורחא

## פון ז. מארק

(ש. מ. זעלטשען)



ארויסגעגעבן פון ש. מ. זעלטשען יובל קאמיטעט

געדרוקט אין "דאס אידישע ווארט"

וויניפעג, קאנאדע

1948



ש. מ. זעלטשען (ז. מארק)

# מחברס הקדמה

פון די 27 יאָר אין משך פון וועלכע דער שרייבער איז געווען פאַרבונדן מיט וויניפּעגער צייטונג "דאָס יידישע וואָרט", האָט ער פאַר 25 יאָר אָנגעפירט אין איר א "קאָלום" אונטערן נאָמען "אגב־אורחא". די צייטונג, א האלב־וועכנטלעכע, איז אין משך פון די 25 יאָר פאַר ארום 6 יאָר דערשינען 5 מאָל א וואָך, און אזוי ווי זיין "קאָלום" איז דערשינען כמעט אין יעדער אויסגאבע פון דער צייטונג פאַר אָט־דער גאנצער צייט, האָט זיך אָנגעקליבן א סך־הכל פון וואָסערע 3,500 "קאָלומס".

דער שרייבער האָט באצוועקט דורך זיי נאָר דורכשמועסן זיך מיט די לעזער וועגן לויפנדיקע לאָקאלע און נאציאָנאלע יידישע און אלגעמיינע פּראָבלעמען, און האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין אמביציעס פאַר דער א"נ "אייביקייט". ער האָט אפילו ניט געפונען פאַר נויטיק אויסשניידן זיי און פאַרהיטן זיי, ווי דאָס טוען א סך אנדערע זשורנאליסטן, און זיי זיינען אזוי פאַרבליבן נאָר אין די יערלעכע קאָמפּלעטן פון "דאָס יידישע וואָרט".

איניקע חברים, מיט ח' פ. זאָלף בראש, האָבן אים לעצטנס אָנגעהויבן איינריידן, אז א טייל פון זיינע "קאָלומס" האָבן מער ווי א לאָקאלן און צייטווייליקן ווערט, און אז זיי פאַרדינען געזאמלט צו ווערן און געדרוקט ווערן אין א בוך. נאָך א לאנגן ישוב הדעת, האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן, און עס איז דאן אָרגאניזירט געוואָרן, א דאנק א צאָל געטרייע חברים, א "יובילֵיי קאָמיטעט" אויפן נאָמען פונם מחבר, וואָס האָט דערמעגלעכט די אויסגאבע.

עס איז געווען א שווערע אויפגאבע אויסצוקלייבן וואָסערע 100 "קאָלומס" פון א סך־הכל פון 3,500, דורכקוקנדיק 25 יאָר "דאָס יידישע וואָרט". טעותן האָבן געמוזט געמאכט ווערן, — ניט אלץ וואָס האָט געמעגט אריין אין דעם בוך איז אויסגעקליבן געוואָרן, און ניט אלץ וואָס איז אין אים אריין האָט עס פאַרדינט. ניט אין אלע פאלן איז עס אפילו געלונגען אויסצומיידן איבערחזרונגען און אפילו סתירות, — און אין 25 שרייבן טרעפן אזעלכע זאכן . . .

עס איז אויך געווען שווער צו מאכן קלאסיפיקאציעס און פאַרטיילן די "קאָלומס" אין פאַרשיידענע אָפּטיילונגען ווייל אין די שמועסן זיינען באריירט געוואָרן אָפט א צאָל פאַרשיידענע פּראָבלעמען. די פאַרטיילונג איז געמאכט געוואָרן, אָבער זי איז ניט אינגאנצן א געלונגענע.

דער שרייבער האָט באַמיט זיך עלימינירן אין אַט דער זאַמלונג לאָקאַלע פּראָבלעמען פון א לויפנדיקן כאַראַקטער. דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז די אָפּטיילונג "קולטור און דערציִונג", א פּראָבלעם וואָס האָט אים באַשעפטיקט מער ווי וועלכע ס'איז אַנדער פראגע אין משך פון אַט־די יאָרן, האָט געקראָגן א קליינע אָפּטיילונג אין דער זאַמלונג. ער האָט אויך אויסגעמידן קאָלומס וועגן לאָקאַלע פּערזאָנען מיט געזעלשאַפטלעכע אָדער ליטעראַרישע פאַרדינסטן, — איבערהויפּט דערפאַר, ווייל א סך פּערזאָנען מיט ניט קלענערע פאַרדינסטן וואָלטן געפעלט . . .

פאַר אַלע טעותן און אויסלאָזונגען בעט דער מחבר די אַנטשולדיקונג פונם געדולדיקן לעזער. עס איז קוים מעגלעך אויסצומיידן פעלערן אין אַזא אונטערנעמונג.

צו זעצן דאָס בוך איז נויטיק געווען איבערשרייבן די אַלע "קאָלומס" פון די בענד פון "דאָס יידישע וואָרט", — זעצן פון די ביכער וואָלט געווען א צו שווערע אויפגאַבע. אַט־די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון א צאָל חברים און פריינט, איינשליסנדיק לערערס פון פּרץ־פּאָלק שול און תלמוד־תורה, און תלמידים פון דער ערשטער. דער מחבר איז זיי זייער דאַנקבאַר פאַר אַט־דער אַרבעט.

נאַטירלעך, וואָלט די גאַנצע אונטערנעמונג ניט מעגלעך געווען, אָן דער אַרבעט פון חברים און פריינט פונם "יובּיליי קאָמיטעט" (וועמעס נעמען זיינען פאַרצייכנט ביים סוף פונם בוך). פאַר זייער אויסערגעוויינלעך חבֿרשער און איבערגעגעבענער אַרבעט פילט דער מחבר די טיפסטע דאַנקבאַרקייט, און ער באַדויערט, וואָס ער איז ניט בכוח צו באַצאָלן זיי מער ווי מיט זיין דאַנק.

ש. מ. זעלטשען (ז. מאַרק).



# אונדזער שאָוויניזם

דאָגלאַס פעירבענקס און מערי פיקפאָרד, דאָס בארימטע „מואווי״ פּאָרל, וועלכע דארפן באזוכן די טעג שאנכאי, כינע, האָבן געקראָגן די מעלדונג, אז זיי וועלן באָיקאָטירט ווערן פון די כינעזער, ווען זיי וועלן אָנקומען אהין. זיי האָבן דערפאר באשלאָסן צו פארבלייבן אין כינע בלויז איין טאָג.

די סיבה פונם באָיקאָט איז, וואָס אין דער כינעזישער אויסגאבע פונם פילם „דער גנב פון באגדאד״, אין וועלכער פעירבענקס שפּילט די הויפּט־ראָל, זאָלן זיין באליידיקנדיקע אָפּשפּיגלונגען פונם כינעזישן כאראקטער.

יידן ווערן אָפט באליידיקט אויף אַט דעם אופן, און ניט נאָר פון סתם אקטיאָרן, נאָר אָפט טאַקע פון יידישע אקטיאָרן, וואָס טרעטן אויף אין די מיאוסטע יידישע ראָלן, און זיי העלפן מיט זיי מאכן אנטי־יידישע פּראָפּאגאנדע פאר דער גאנצער וועלט, וואָס האָט שוין אזוי אויך ניט איבעריקס ליב קיין יידן.

אזוי, למשל, געדענקען מיר נאָך זייער גוט דאָס בילד „קינג אָף קינגס״, אין וועלכן א גרויסער יידישער שוישפּילער האָט פאלסיפיצירט א „יידישן״ כאראקטער, כדי צו פארמיאוסן אים. און דאָך האָבן די יידן דעם שוישפּילער ניט באָיקאָטירט, און יידישע פרויען האָבן נאָך איצט הנאה פונם שיינעם שוישפּילער, אין וועלכן בילד ער זאָל ניט אויפטרעטן.

איז דאָס ניט א באווייז, אז יידן זיינען גאָר ניט אזעלכע שרעקלעכע שאָוויניסטן, ווי אונדזערע אייגענע אנטי־נאציאָנאליסטן האָבן אונדז פארוויגט?

* * * * *

ניין, יידן זיינען טאַקע גאָר ניט קיין שאָוויניסטן. אַט דערציילט מען ביי אונדז א מעשה, וואָס זאָל האָבן פּאסירט דאָ לעצטע וואָך:

צווישן די פרויען וואָס זיינען געגאנגען הערן די לעקציע פונם קינסטלער טאָדרעס געלער איבער יידישער קונסט און זען די אויסשטעלונג פון זיינע בילדער, איז אויך געווען די פרוי פון א גוט־ארויפגעארבעטן יידן פון דער נאָרט־ענד.

די יידענע האָט ביז איצט ניט געהאַט קיין אַנונג פון פּלאַסטישער קונסט. געלט האָט עס אָבער פאַרט א סך, און טאַדרעס געלערס לעקציע און אויסשטעלונג האָבן אויף איר געמאַכט אַזא גוואַלדיקן רושם, אַז זי איז באַלד אַוועק צום פּאַרוואַלטער פון דער קונסט אָפּטיילונג פון דער האַדסאָנס בעי סטאָר, און האָט פאַר 350 דאָלאַר געקויפט ביי אים א בילד — פון א ניט־יידישן מאָלער . . .

ווי איר זעט, האָט דאָס גאַרנישט ניט געקאָנט האָבן צו טאָן מיט איר מבינות אויף קונסט. ס׳איז דערפאַר קלאָר, אַז זי האָט אַזוי געהאַנדלט נאָר דערפאַר, ווייל איר, דער פּשוטער יידענע געשטראָפט מיט א סך געלט, איז אויך דערווידער יידישער שאָוויניזם, און זי איז פאַר ״אינטערנאַציאָנאַליזם״. . .

די שטים פון פאָלק, ווי איר זעט!

* * * * *

איר ווילט נאָך ראיות? נו, אדרבא, זאָגט נאָר אַליין, ווו האָבן נאָך די אַראַבער אַזויפיל און אַזעלכע איבערגעגעבענע פריינט, ווי צווישן די יידן? ווער לייגט זיך נאָך ביי אונדז אַזוי איין דער ברייט פאַר די אַראַבישע אינטערעסן קעגן די יידישע, ווי טאַקע אונדזערע אייגענע אחינו בני ישראל?

שוין אָפּגערעדט פון די קאָמוניסטן, וואָס זיינען גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער פאַר די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס, איז נעמט אַזא יידן ווי צביון, למשל, — א ייד שוין פון ״יידישע אינטערעסן״. איז ווו האָבן נאָך אַראַבער אַזא טשעמפּיאָן פון ״אַראַבישע אינטערעסן״, ווי אָט דער צביון, וואָס עס גייט ניט דורך א וואָך, ער זאָל ניט קעמפן זייער קאַמף?

ניין, ס׳איז נאָך א שטיקל גליק, וואָס גוטע גויים נעמען זיך נאָך אָן פאַר יידן. אַנדערש וואָלט פון אונדז שוין לאַנג קיין שריד ופליט ניט געבליבן.

* * * * *

איר ווילט נאָך? די סאָוועטן רעגירונג האָט אַנערקענט, אַז די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד איז באַזונדערס שווער, און אַז זי נויטיקט זיך דערפאַר אין באַזונדערע הילף מיטלען. זאָגט דערויף דער ״עמעס״, — און ער וואָגט אפילו אַרויסטרעטן קעגן אַן אָפיציעלער מיינונג! — אַז, ניין. אדרבא, די לאַגע פון די יידישע באַלמעלאָכעס, זאָגט ער, איז אויסגעצייכנט, און די דעקלאַסירטע יידן דאַרף מען ניט

העלפן ווייל זיי האנדלען אונטער. מיט איין ווארט: "דאס יידישע שטעטל נויטיקט זיך ניט אין רחמנות!"

האט איר ווען געזען נאך אזא פאלק, ווי דאס פאלק ישראל?

* * * * *

און ניט־ווילנדיק דערמאן איך זיך ווידער אויפן "מי כעמך" און אויפן "אתה בחרתנו". ווו האט איר נאך אזא פאלק, וואס זאל זיין אזוי פריי פון שאוויניזם, פון זעלבסט־ליבע, פון עגאיזם, ווי דאס פאלק ישראל?

זיינען מיר דאך טאקע דאס פיינסטע און דאס איידלסטע פאלק אין דער וועלט, און . . . ווי־זשע זאלן מיר זיך באפרייען פון אט די שאוויניסטישע געדאנקען ? . .

דעצעמבער 9טן, 1929.

## אונדזער סעקטאנטישקייט

דר. י. שאפירא האט דא אנומלט אין צייטונג באריכט איינע פון די קרענקלעכסטע דערשיינונגען אין אונדזער לעבן, — יעדער איינער פון אונדז מוז "נעמען א שטעלונג" צו אלץ אין דער וועלט, מעג זיך די זאך זיין פאר אים אבסאלוט אומבאקאנט.

א שטעלונג נעמען איז אבער נאך ווייניק. די דאזיקע שטעלונג מוז נאך סותר זיין אימעצנס אנדערש. אז יענער זאגט טאג, מוז איך זאגן נאכט, און אז יענער זאגט לאקש, מוז איך זאגן בוידעם.

לוידער פארפעלט ח' שאפירא דערגריבלען זיך צום גרונט פון דער דאזיקער דערשיינונג, — צו דער סעקטאנטישקייט, אדער פארטייאישקייט וואס באהערשט דעם אויבערפלאך פון אונדזער לעבן.

* * * * *

ביי אונדז מוז יעדער איינער האבן "א באדן אונטער די פיס", און מיט "א באדן" באצייכנט דער פארטיי־זשארגאן א פאליטישע פראגראם פון וועלכער ס'איז פארטיי, גוטגעהייסן מיט א מערהייט שטימען אויף א צוזאמענפאר פון פארטיי־דעלעגאטן.

אנערקענט איר ניט אזא פראגראם, דאן "פלאנטערט איר זיך בלויז אונטער די פיס"; זייט איר א "געוועזענער" מענטש (אויב איר האט ווען יא באלאנגט צו א פארטיי), זייט איר א "גארניסט", און בכלל זייט איר ניט ווערט וואס די ערד טראגט אייך . . .

ביי די אומות העולם קאָן זיך יעדער מענטש אינטערעסירן מיט וואָס ער וויל, — מיט ליטעראַטור, מיט מוזיק, מיט פּלאַסטישער קונסט, מיט בייסבאָל אָדער גאָר מיטן מצב אויף דער בערזע, — און ער איז מחוייב אַרויסזאָגן אַ מיינונג נאָר איבער ענינים וואָס האָבן אַ שייכות צו זיין פאַך. דער ייד איז אָבער מחוייב צו האָבן אַ באַשטימטע מיינונג איבער אַלץ אין דער וועלט!

* * * * *

פּאַרטייען, פאַרשטייט איר מיך, פאַרמעסטן זיך ניט נאָר צו לייזן באַשטימטע פּאָליטישע פּראָבלעמען פון לעבן. זיי זיינען אַלזייטיק, אַלאויף־פּאַסנדיק, אַזוי צו זאָגן. פון זייער אויג טאָר קיין זאַך ניט אויסבאַהאַלטן זיך. אַ פּאַרטיי־מענטש, למשל, מוז האָבן אַ שטעלונג צו ליטעראַטור: פּראָלעטאַריש, אָדער ניט־פּראָלעטאַריש; נאַציאָנאַליסטיש, אָדער קאָסמאָפּאָליטיש.

ער מוז האָבן אַ באַשטימטע מיינונג וועגן קונסט, וועגן וויסנשאַפט. ער מוז זיך רעכענען מיט דעם, אויף וויפל זיי זיינען נוצלעך אָדער שעדלעך פאַר זיין פּאַרטיי; ער מוז האָבן אַ שטעלונג צו איינשטיינס טעאָריע. באַלשעוויסטישע וויסנשאַפטלער האָבן, דאַכט זיך, אַריינגעלייגט זי טאַקע אין חרם, ווייל זי איז אַ ״בורזשואזע טעאָריע״. אויב זיי האָבן עס ניט געטאָן, איז עס אָבער זיכער, אַז זיי קאָנען עס טאָן, ווען זיי זאָלן נאָר געפינען אַז זי איז שעדלעך פאַר זייער ״ליניע״.

אפילו גאָט אַליין קאָן זיך ניט אויסדרייען פון די הענט פונעם פּאַרטיי־מענטשן. אַמווייניקסטנס האָט מען אין סאָוועט רוסלאַנד אין געוויסע פאַלן באַשלאָסן אויף מיטינגען אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט, און ״דאַמיט פּאַסירט!״

פילאָזאָפיע איז בכלל פאַרן פּאַרטיי־מענטשן וואָס וואַסער פאַר אַ פיש . . .

* * * * *

און באַלד ווי יעדער איינער פון אונדז איז מחוייב צו האָבן אַ שטיקל ״ריל עסטייט״ אונטער זיינע פיס, פאַר וועלכן ער דאַרף צאָלן 25 סענט אָדער 50 סענט אַ חודש ״דיוס״, — באַלד ווי דאָס איז אַזוי, מוז שוין יעדערער אויך האָבן אַ שטעלונג צו אַלע פּראָגעס אין דער וועלט.

און טאָמער שטייט אפילו איינער מחוץ דער פּאַרטיי, מוז ער דאָך אָבער פּאָרט ״סימפּאַטיזירן״ מיט איין באַשטימטער ריכטונג, און גיין אין אירע דרכים און קעמפן איר קאַמף קעגן אַלע אַנדערע ריכטונגען.

ווי־זשע קאָן אַ ייד ניט האָבן קיין שטעלונג צו דער פּרויד טעאָריע, למשל? איז זי בורזשואַז, אָדער פּראָלעטאַריש? איז זי נאַציאָנאַל אָדער אַנטי־נאַציאָנאַל? איז זי ציוניסטיש, אָדער פּועלי־ציוניסטיש?

עפּעס דערפון מוז זי דאָך זיין!

* * * * *

דאָס איז, דאַכט זיך, דער מקור פון דער קרענקלעכער דערשיינונג פון אונדזער "אַלע־וויסעריי".

די דערשיינונג איז אייגנטלעך נאָר דער סימפּטאָם פון אַ קראַנקהייט. די רפואה וואָלט געדאַרפט זיין — די אויסראַטונג פון דער קראַנקהייט גופא: די פּאַרטייִישקייט דאַרף אויפהערן אָנהאַלטן די מאָנאָפּאָל אויף אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אַוואַדע זיינען די פּאַרטייען אַ נויטווענדיקע דערשיינונג אין אונדזער לעבן. יעדער איינער מיט אַ גע־פּיל פון געזעלשאַפטלעכער אחריות וועט די אָדער יענע פּאַרטיי שטיצן פון־ציט צו־ציט אין איינער אָדער אַ צווייטער פאַזע פון זייערע קאַמפּן. אָבער פּאַרטייען זיינען נאָר אַ טייל פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ סך דערשיינונגען.

איינשטיין וואָלט געווען אַ גרויסער מענטש, ווען ער זאָל אפילו ניט באַלאַנגען צו דער ציוניסטישער פּאַרטיי, — פּונקט ווי אין דער ציוניסטישער פּאַרטיי זיינען דאָ קליינע מענטשעלעך, כאָטש זיי באַלאַנגען צו דער פּאַרטיי . . .

פעברואַר 12טן, 1930.

## טשעמפּיאָנשיפּ

מיר ווען דאָ זיין נאָמען ניט דערמאָנען.

מיר ווילן אים ניט געבן קיין אומזיסטע "פּובליסיטי".

"ער", — אַזוי וועלן מיר אים אָנרופן, — איז באַגלייט געוואָרן פונם שלים־מזל אויף טריט און שריט. אַלץ פאַר וואָס ער זאָל זיך ניט נעמען, איז אים געגאַנגען מיטן פּוטער אַראָפּ.

האָט ער געעפנט אַ "סטאָרקע", האָט ער גלייך געמוזט "אַסיינען"; איז ער געוואָרן אַ "היברו טיטשער", איז געוואָרן ניט אויסצוהאַלטן פון

דער קאָנקורענץ פֿון תּלמוד־תּורה; איז ער געוואָרן א "רעוועראנד", האָט מען אים געכאַפּט . . . האָט ער געפּרוּווט קויפֿן אויפֿן "גרעין עקסטשענדזש" האָט ער אוועקגעפּטרט דער ווייבס לעצטע ביסל צירונג; האָט ער זיך געכאַפּט צו דער "ביטערער" פּרנסה, האָט ער ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן די שטראָף און איז געוואָרן א "נשבה בין העכו"ם", — דריי חדשים, הייסט עס, אויף פּאַרטיקע קעסט און קוואַרטיר . . .

און דאָ שאַרן אידן געלט מיט לאָפּעטעס. מען קויפֿט גרויסע אוי־טאָמאָבילן, מען הויבט אָן ריידן ענגליש, מען ציט זיך אַרויס איר דער "סאַוט־ענד".

דער נסיון איז גרויס. עס ווילט זיך איינשאַפּן כאָטש איין מיליאָנ־טשיקל. און וואָס איז ער, א קאַליקע, חלילה? ער האָט דאָך אין פּיאַטע מער, ווי זיי אין קאָפּ!

* * * * *

האָט ער זיך מיישב געווען: עס איז נאָך דאָ איין פּרנסה, וואָס ער האָט ניט אויסגעפּרובירט. א גוטע פּרנסה, א טייערע פּרנסה, אין וועלכער עס ליגן מיליאָנען, — אויסער א סך כבוד פֿאַר זיך און פֿאַר דעם יידישן פֿאָלק (ער איז געווען א נאַציאָנאַליסט, איז ער געווען).

טשעמפּיאָנשיפּ! פֿון וואָס טשעמפּיאָנשיפּ? דאָס מאַכט שוין ניט אויס. ווייל וויסן האָט ער געוווּסט, אַז אמעריקע האָט ליב טשעמפּיאָנס און באַצאָלט מיט שווערע געלדער פֿאַר אַזאַ אויסצייכענונג.

ס'א נפקא־מינא פֿון וואָס א טשעמפּיאָנשיפּ, א טשעמפּיאָן מאַרדע־קלאַפּער (גאָר א געהויבענע פּרנסה), א טשעמפּיאָן שווימער, א טשעמפּיאָן קוגל־פּרעסער, א טשעמפּיאָן קאַפּע־זויפֿער, א טשעמפּיאָן פֿאַסטער, א טשעמפּיאָן טעלער־לעקער, — און וואָס ניט?

* * * * *

פֿאַר וועלכער טשעמפּיאָנשיפּ כאַפּט מען זיך? מאַרדע־קלאַפּעריי וואָלט געווען גאָר געהויבן. אָבער גיי נעם זיך פֿאַר אַזאַ פּרנסה, ווען דזשין טאָני האָט שוין פֿאַרכאַפּט די טשעמפּיאָנשיפּ אויף דעם געביט. גיין שלאָגן זיך מיט דזשין טאָני האָט אונדזער העלד ניט געוואָלט. קיין זעלבסטמאָרד האָט ער נאָך דערווייל ניט געוואָלט באַגיין (שפּעטער האָט זיך די לאַגע געענדערט, ווי אונדזערע געדולדיקע לעזער וועלן זיך באַלד איבערצייגן).

שווימען: געדענקט ער, אַז ער האָט געלייגט שיינע קלאַפּטער אין סאַזשעלקע אין שטעטל, אין דער אַלטער היים. אָבער ווי קומט ער צו פֿאַר־

מעסטן זיך מיטן טאַראַנטער בחורל, וואָס איז דורכגעשווומען פינף־און־צוואַנציק מאָל בנשימה אחת — אין איין אָטעם — ווי א ייד זאָגט אָפּ די עשרת בני המן?

אפשר גאָר קאַפע טרינקען? האָט "הערי דער באַרבער", פון סט. באַניפייס, אויסגעטרונקען זעקס־און־אכציק טעפּעלעך קאַפע. און פּאַרוואָס־פּאַרוואָס, אָבער פאַר בויכווייטיק האָט אונדזער העלד מורא ווי פאַר פייער (באַמערקונג פון בחור הזעצער: "ווען ס'איז ניטאָ קיין אינשורענס").

איז דאָך אָבער אונדזער העלד א ייד מיט קאָפּ, האָט ער זיך געכאַפּט: פאַסטן! ס'איז ערשטנס, א ריין יידישער געבוט (ער איז געווען א נאַציאָנאַליסט, איז ער געווען), און צווייטנס, האָט ער שוין דערינען א סך דער־פאַרונג.

ס'איז אפילו דאָ שוין א טשעמפּיאָן אויך אויף דעם געביט, עפּעס א "דזשאַלי ניק" — אָבער וואָס ווייסט א חברה־מאַן מיט אזא גוייש נאָמען וועגן פאַסטן? ער'ט אים הינטערן גאַרטל פאַרשטעקן!

מילא, וואָס זאָלן מיר אייך לאַנג ברייען, ס'איז ניט געגאַנגען!

איר ווייסט דאָך, אז ביי אונדזערע יידעלעך פאַרגינט מען ניט דאָס שטיקל ברויט. און אז מען דערזעט א ייד מאַכט א לעבן, כאַפּן זיך נאָך טויזנטער אָן אָן דער זעלבער פּרנסה.

בקיצור, דער סוף איז געווען, אז אונדזער העלד איז שיר ניט געשטאָרבן פון הונגער פון דער דאָזיקער פּרנסה.

* * * * *

איז ער דאָך אָבער א מענטש מיט קאָפּ און ענערגיע, האָט ער זיך גלייך דערטראַכט צו א נייעם סאָרט טשעמפּיאָנשיפּ: דער שפּעטסטער צו קומען (ער איז געווען א נאַציאָנאַליסט, איז ער געווען)!.. רופט מען, למשל א מיטינג, אָדער מען אַנאָנסירט א קאָנצערט אויף 8.30 "שאַרף", ווייסט מען שוין, אז דאָס מיינט 9.30, און ניט זייער שאַרף.

וועט ער קומען 10.30 און ווערן דער טשעמפּיאָן פון שפּעט־קומערס!

מילא, איז דאָס ביי יידן דאָך א ברייט פעלד, מיט א סך קאַנדידאַטן אויף טשעמפּיאָנשיפּ . . .

האָט ער אָנגעהויבן קומען אַלץ שפּעטער און שפּעטער. ביז ער האָט שוין זיין אַמביציע דערגרייכט: געקומען דער לעצטער! און איינס אַזייגער, ווען דער מיטינג האָט זיך געענדיקט, און אונדזער העלד איז

שוין גרייט געווען צו שניידן די פּרוכט פון זיין זיג, ערשט עס לויפט אריין ברודער בערל שמערלזאָן א פארסאָפּעטער: — שוין געענדיקט? וואָס פאר אן איילעניש איז היינט אויף אייך אָנגעפאלן?

אונדזער העלד האָט באשלאָסן איצט צו ווערן — א טשעמפּיאָן זעלבסטמערדער. וועגן די רעזולטאטן וועלן מיר אייך באצייטנס לאָזן וויסן.

יאנואר 28טן, 1927.

## יידישע גליקן

אזוי דערציילט איך די מעשה אין יידישן נוסח:

ר׳ שמערל איז ערשט מיט א פּאָר טעג צוריק נפטר געוואָרן, און איז נאָך געווען א גרינער אויפן עולם האמת. באגעגנט ער זיך איינמאָל מיט אן אלטן באקאנטן, ר׳ חיים, וואָס איז שוין געווען א נפטר פון כמה וכמה יאָרן. האָבן זיך ביידע דערפרייט, און מען האָט איינער דעם צווייטן דערלאנגט דעם ברייטן שלום-עליכם.

— נו, ווי געפעלט אייך עפּעס ביי אונדז, אויפן עולם האמת?
— פרעגט ר׳ חיים ביי ר׳ שמערלען, אָט פונקט ווי מען פרעגט ביי א "גרינעם", וואָס איז ערשט געקומען פון שיף, ווי "גלייכט" ער עפּעס אמעריקע.

— עט, — מאכט ר׳ שמערל, — וואָס איז דאָ געפעלן צו זיין? איך זאָג אייך, עס האָט זיך געלוינט פלאגן זיך און מוטשען זיך א גאנץ לעבן צוליב דעם ביסל עולם-הבא. ס׳איז דאָ, נאָכאלעמען, ניט קיין סך בעסער ווי אויף דער זינדיקער ערד . . .

— אוי, ר׳ שמערל, — מאכט דערויף ר׳ חיים, — ווי איך זע, זייט איר דאָ נאָך טאקע א גרינער. וואָס הייסט, עולם הבא? ע, ע, ע, וועט מען גיט אונדז עולם הבא! — און טוט אים א שעפּטשע אויפן אויער, — דאָס איז דאָך, ניט פאר גאָט אויסגערעדט, די צווייטע זייט פון עולם-הבא, וווּ מיר געפינען זיך . . .

* * * * *

אָט די מעשה האָב איך געלייענט אין ענגליש, ווי א "סקאָטש" אנעקדאָט, און אָנשטאָט ר׳ חיימען און ר׳ שמערלען האָבן די העלדן גע-הייסן סענדי און דזשאָק. איך האָב אָבער באלד דערשפּירט די יידישע נשמה פון דעם אנעקדאָט, און איך בין געווען איבערצייגט, אז דאָס איז א יידיש מעשהלע, וואָס איז נעבעך געפאנגען געוואָרן צווישן גויים. און

איך האָב דערפילט מיין יידישע פליכט: איך האָב דאָס מעשהלע אויס־געלייזט פון גוישע הענט און איר צוריקגעקערט דעם צלם אלוקים. און אזוי האָט איר אַ גילגול פון אַ מעשהלע.

* * * * *

וואָס איז דאָ יידיש אין דעם? ווער סיידן נאָך, אויסער אַ יידן, קאָן זיך פילן אין גיהנום "בלויז אביסל בעסער ווי אויף דער ערד", און אָננעמען דעם גיהנום על־פי טעות פאַרן גן־עדן? ווי קומט סיידן אַ גוי צו וויסן דעם טעם פון גיהנום אויף דער וועלט?

פאַר יידן, זעט איר, איז גיהנום — אויב ניט אזוי איי, איי, איי, איז עס פאָרט אביסל בעסער ווי דאָס לעבן אויף דער פאַלשער וועלט. אמווייניקסטנס האָט דער ייד דאָרטן קיין דאגות פּרנסה ניט; אמווייניקס־טנס, ווייס ער דאָרט ניט פון קיין אנטיסעמיטיזם, פון קיין פּאָגראָמען, פון קיין וויז־רעכט, פון קיין קוואָטעס, פון קיין גזירות, פון קיין גרושים.

אפילו די יעוועסקן קאָן ער דאָרטן אויסשטעלן אַ צונג. דאָרטן זיינען אמווייניקסטנס אַלע גלייך, און די יעוועסקן זיינען דאָרטן שטיל ווי די קאַטינקעס, — קיין פּאַרע הערט מען ניט פון זיי . . .

נו, מען שמייסט מיט אייזערנע ריטער, מען קאָכט אין סמאָלע? אויך מיר אַן עניין, — זאָלן די עולם־הזהדיקע גוים שרעקן זיך דערפאַר. וואָס איז פאַרן יידן זיין זינדיקער גוף? ער האָט זיך שוין לאַנג פון אים אויסגעטאָן. — וואָסי, אויף דער ערד האָט מען אים ווייניקער געפּייניקט? ווען ער זאָל זיך, חלילה, אזעלכע זאכן נעמען צום הארצן, וואָלט דאָך פון אים שוין לאַנג קיין זכר ניט געבליבן!

* * * * *

לייען איך די טעג אַן ארטיקל פון דר. א. א. גינזבורג, אין "פאָר־ווערטס", וווּ ער באַקלאָגט זיך, צווישן אנדערש, אויף די טאָג־טעגלעכע יידישע צרות, — און ער שרייט אויס אין פאַרצווייפלונג: "אַ, פאַרוואָס האָט דער קוואַל פון טרערן אויסגעטריקנט!"

צוליב וואָס, ליבער דאָקטאָר, טרערן? וואָסי, ס'איז עפּעס ביי אייך אַ נייעס, יידישע צרות? ווען, איך בעט אייך, איז עס געווען בעסער? ווען האָבן דען יידן ניט געהאַט קיין געברענטע און געבראָטענע צרות?

אויף אונדזער זיכרון, אויף צענדליקער יאָרן צוריק, זען מיר רק צרות און צרות. טוען מיר אַ קוק אביסל ווייטער אויף צוריק, איז ווידער צרות און צרות. און דאָך לעבן מיר און מוטשען זיך ווייטער — און מיר לאַכן זיך אויס, אויב איר ווילט, פון די צרות.

עט, ס'איז הבל הבלים. בעט ביי אונדז א שמעק טאבאק פאר יידישע גליקן און יידישע צרות. און טאקע נאָכאמאָל עט . . .

* * * * *

ניט אומזיסט, זאָג איך אייך, האָבן מיר ליב שלום־עליכמען. ער האָט געטראָפן פונקט אין פינטעלע אריין: ער לאַכט זיך אויס פון דעם גאנצן עסק.

וויינען? — פע, א יידענע וויינט, און טוביה איז דאָך עפּעס ניט קיין יידענע . . .

פעברואר 28טן, 1930.

## ווייבער עליך!

איך קום אייך היינט ווארענען, מיינע ליבע מענערשע פריינט, קעגן דער גרויסער געפאר וואָס רוקט זיך אויף אונדז. דאָס איז א סך א מער קאָנקרעטע געפאר, ווי די געלע געפאר, די נאַציִשע געפאר, און אלע אנדערע געפארן פון דער וועלט: די ווייבערשע געפאר!

איך מיין ניט, וואָס אמאָל, אין די גוטע צייטן האָט איר געקאָנט זיין א דזשענטלמאן און פארלייגן די דאמען אייער פּאַפּיראָסן, ווייסנדיק, אז זיי וועלן חנעוודיק פארקרימען זיך, און פארטיק; און וואָס היינט, אויב איר טוט עס, ליידיקט מען אייך אויס אין איין שמע־ישראל דאָס סיגארעטן־שאכטל, און מען האָט נאָך טענות, למאי איר רויכערט אזעלכע מילדע סיגארעטלעך; — איך מיין אויך ניט דאָס, וואָס אמאָל האָט איר געקאָנט מאכן א לחיים מיט אייערע מענערשע פריינט, און וואָס היינט, אויב עס זיינען דאָ א פּאָר דאמען ביים פלעשל (און איר מוזט דאָך זיין א דזשענטלמאן), לאָזט מען אייך קיין קאָפּ ניט אויפהויבן . . . איך מיין ניט אפילו דאָס, וואָס די ווייבער טראָגן שוין די הויזן, און, ווי געשריען, וואָסערע קורצע הויזן!

די אלע זאכן זיינען געווען שלעכט. אָבער נאָך ערגער איז, וואָס זיי הויבן אָן אליין מער און מער ארויסשטויסן אונדז, מענער, פון אונדזערע געזעלשאפטלעכע פּאָזיציעס אויך. באלד וועט פאר אונדז, ברוך־שלא־עשני־אישהניקעס, גארנישט ניט פארבלייבן, ווי וואשן די טעפּלעך און ניאנטשען די קינדער, — ווער ווייס, אפשר זוגן זיי אויך? די נאטור פּאַסט דאָך צו דעם מענטשן צו די אומשטענדן . . .

קוקט זיך, אדרבא, צו צו אונדזער געזעלשאפטלעכן לעבן, און איר

וועט דערזען, אז דאָס זיינען די פרויען וואָס האַלטן אויף אונדזערע אינסטיטוציעס; קוקט זיך צו צו די עולמס ביי לעקציעס, מאַסן־פאַרזאַמ־לונגען אאַ״וו, און איר וועט זען, אז זיי זיינען איבערוועגנדיק ווייבע־ריש . . . קומט אַן דער סעזאָן פון טעטיקייטן, הויבן זיך אָן די טייען, די קאָנצערטן, די לעקציעס און אַנדערע אונטערנעמונגען — און אומעטום פרויען און פרויען. די מענער בלייבן אין די היימען מיט די קינדער, און די ווייבער לויפן ארום און קהלן זיך.

עס זיינען נאָך דאָ און דאָרטן פאַראַן א פּאָר מענערשע מענער, וואָס שפּילן דערוויילע א ״ברידזש״ אָדער אפילו א פּאָוקערל אויך. אָבער אויך אויף אָט די געביטן הויבן די פרויען אָן ארויסצייגן אַלץ מער און מער פעיקייטן, און שטויסן אַלץ מער ארויס די מענער פון דעם פעלד.

די איינציקע געביטן ווו די פרויען קאָנקורירן זייער ווייניק מיט די מענער, איז די קיך און די באַלעבאַטישקייט! די ״אייזערנע געזעצן״ טרייבן אזוי דעם מאַן אין קיך אריין. דאָס איז אונדזער גורל, ברידער מע־נער! מענער דערוואַכט!

* * * * *

אָבער ווי זאָגט עס אַל דזשאָלסאָן: ״איר האָט נאָך גאָרנישט ניט געזען״. דאָס סאמע גדיכטע קומט נאָך! פאַרגעסט ניט, אז אונדזערע טאַטעס און מאַמעס האָבן נאָך באַטראַכט זייערע ״קדישימלעך״ פאַר דער סמעטענע פון דער מענטשהייט, און זייערע טעכטער פאַר באַשעפענישן פון א נידעריקערן סאָרט. האָט מען אונדז געשטאָפּט, ווי די אינדיקעס, מיט תורה, און אונדזערע היינטיקע ווייבער האָט מען געלערנט קאָכן קרופּניק און פּאָלגן דעם מאַן. און אָט, אָט־די ווייבער, וואָס האָבן געזאָלט זיין נאָר גוטע קעכינס, האָבן ביסלעכווייז פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע געזעל־שאַפטלעכע אויבנאָן און טרייבן אונדז, מענער, געשטאָפּטע מיט תורה און חכמה, אין קיך אריין. טאָ, וואָס וועט שוין זיין אין א דור ארום? . .

זעט נאָר דעם רעקאָרד אין וועלכער ס׳איז שול — יידישער צי ניט־יידישער, — די מיידלעך פאַרשטעקן די ייִנגלעך הינטערן גאַרטל. ווו נאָר א מעדאַל, א ״סקאָלערשיפּ״, אַן אויסצייכענונג, — איז מיידלעך! די ייִנגלעך קאָנען קיין קאָפּ ניט אויפהויבן!

איז וואָס וועט זיין, ווען אונדזערע זין און טעכטער וועלן אויס־וואַקסן? די האָר שטעלן זיך קאַפּויר!

ברידער מענער, אויב איר האָט א טראָפּן מענערשן קלאַסן־באַ־וווסטזיין, דערוואַכט!

אמאָל האָט מען געזאָגט, אַז די יידישע שול איז אַ "מיידלשע שול".
מײַן אײַנדרוק איז, אַז ניט נאָר די יידישע שולן, נאָר אויך די תלמוד־תורהס זײַנען הויפּטזאַכלעך מיידלשע שולן. ניט נאָר לערנען אין זיי מער מיידלעך ווי ייִנגלעך, נאָר זיי לערנען אויך בעסער. ווײַל ייִנגלעך, גלויבן אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, דאַרפן ניט קיין לייטישע יידישע דערציִונג. זיי דאַרפן — אַ בר־מצווה ספּיטש און אַ הפטורה, וואָס זיי פאַרגעסן אויף מאָרגן נאָך דער בר־מצווה . . . דער רעזולטאַט דערפון וועט זײַן, אַז נאָך אין אַ דור אַרום וועט די גאַנצע יידישקייט באַזירן זיך אויף דעם מיידלשן מין. די מענער וועלן זיך אינגאַנצן צו גאָרנישט ניט קאָנען צופּאַסן.

קענן אַט־דער געפאַר קום איך אייך איצט וואָרענען, ברידער מענער. איר, טאַטעס, וואָס העלפט אין אײַער נאָכלעסיקייט די ווײַבער אין זייער פאַרשוועֶרונג צו באַהערשן די וועלט און פאַרוואַנדלען אײַערע זין אין אמען און דינסטמיידלעך — איר, טאַטעס, באַטראַכט זיך, איידער ס'איז צו שפּעט . . . מענער, דערוואַכט! איר האָט נאָר אײַערע קייטן צו פאַרלירן, און אַ גאַנצע וועלט צו געווינען . . .

סעפּטעמבער 8טן, 1936.

## דעמאָקראַטיע און סופּער־דעמאָקראַטיע

איך בין אַנומלט געווען אַ גאַסט בײַ אַ וועכנטלעכן אָוונט פונם מענערשן מוזיקאַלישן קלוב (ניט־יידישער). דער אָוונט איז דורכגעפירט געוואָרן אין איינער פון די קליינע אָבער געמיטלעכע אוידיטאָריעס פון דער "מיוזיקאַל אַרטס" געביידע, און איז באַשטאַנען פון מוזיק און געזאַנג פון די בעסטע לאָקאַלע קרעפטן.

אין משך פונם איבעררייס, אינמיטן דעם זייער שיינעם קאָנצערט, איז דער סעקרעטאַר פונם קלוב אַרויף אויף דער בינע און האָט אָנאָנ־סירט אַ גאַנצע רייע אונטערנעמונגען אָנגעצייכנט פאַרן סעזאָן — אייני־קע פאַר פאַרווײַלונג צוועקן, און אַנדערע צו שאַפן פאָנדן.

דער עולם האָט אויסגעהערט די פּלענער און האָט אַפּלאָדירט, — אַ סימן, אַז אַלע זײַנען געווען צופרידן. די גאַנצע אַטמאָספערע איז געווען אַן אַנגענעמע און אַ געמיטלעכע. מיך האָט דאָ אָבער באַזונדערס פאַראינ־טערעסירט די פּראָצעדורע. נאָכן קאָנצערט, וואָס האָט זיך, אויפן גוייִשן שטייגער, ניט פאַרצויגן ביז האַלבער נאַכט, נאָר האָט זיך געענדיקט 10 אַזייגער, האָב איך בײַ איינעם פון די מיטגלידער געפרעגט, ווי דער קלוב פירט אָן זײַנע געשעפטן.

— וואָס טוט איר בײַ אײַערע וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען?

— אָט, ווי איר זעט: מיר הערן מוזיק.

— און ווען האָט איר אײַערע געשעפט פאַרזאַמלונגען?

— איין מאָל א יאָר, ווען מיר הערן אויס באַריכטן און קליבן אויס אן עקזעקוטיווע. דורכן יאָר ווערט די אַרבעט געפירט פון דער עקזעקוטיווע.

* * * * *

איר שטויסט זיך מסתמא אָן פאַרוואָס אָט־דער ענין האָט אַרויס־גערופן מיין באַזונדער אינטערעס. עס איז געווען צוליב דעם פולשטענדיקן קאָנטראַסט צו אידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן פון דעם סאָרט.

שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס וואָלט געווען א יידישער מוזיקאַלישער קלוב. וואָס־זשע וואָלט ער געטאָן ביי זיינע וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען? ערשטנס, איז דאָס געווען שבת אָוונט, וואָלט דער עולם, אַנשטאָט 8.30 אָנגעהויבן קומען ערשט אַרום 10 אַזייגער. דאַן וואָלט מען אָנגעהויבן דיסקוטירן די לויפנדיקע פּראָבלעמען פונם קלוב. עס וואָלטן זיך גלייך אָנגעהויבן אויסטיילן "רעכטע" און "לינקע" כוחות. אימעצער וואָלט דערוויייל אַריינגעוואָרפן א פאַרשלאַג, אַז דער קלוב זאָל שיקן דעלעגאַטן צו דער אַנטי־פאַשיסטישער ליגע, און עס וואָלט זיך אַנטוויקלט א דיסקוסיע וועגן דער לאַגע אין שפּאַניע און וועגן יאַפּאַנס אַמביציעס אין ווייטן מזרח, בעת דער צווייטער צד וואָלט מסתמא דערמאָנט די לינקע, די קאָמוניסטישע שטעלונג צו דער פּאַלעסטינער פראַגע . . . אפשר, צוליב דעם "פּאַראַייניקטן פראָנט", וואָלטן די לינקע איינגעגאַנגען אויף פשרות און צו קיין שפּאַלטונג וואָלט עס ניט געקומען. אָבער די פאַרזאַמלונג וואָלט זיך ניט געענדיקט פאַר 1 אָדער 2 נאָך האַלבער נאַכט, און דער עולם וואָלט אַוועק אַהיים מיט א קאָפּווייטיק.

קומענדיקע וואָך, ווידער די זעלבע פּראָצעדורע — קיין גרויסע פּראָבלעמען פעלן דאָך אונדז ברוך השם ניט. די מוזיקאַלישע זייט פונם קלוב וואָלט נאַטירלעך געליטן, אָבער דערפאַר וואָלט מען געלייזט וועלט־פּראָבלעמען.

* * * * *

מיר, איינגעוואַנדערטע יידן, קומען אהער מערסטנס פון לענדער, וואָס האָבן ניט געוווּסט פון דעמאָקראַטיע. אָנקומענדיק אהער, אין א דעמאָקראַטישן לאַנד, האָבן מיר ניט באַגריפן איר אמתן זינען, און אָנ־שטאָט אָרגאַניזאַציע אויף דעמאָקראַטישע יסודות, איז ביי אונדז אַרויס־געקומען דיזאָרגאַניזאַציע אויף אַנאַרכישע יסודות; אַנשטאָט פערזענלעכער אחריות, — איש כל הישר בעיניו יעשה. —

יידישע דעמאָקראַטיע שילדער איך געוויינלעך מיט אזא סאָרט ביישפּיל: אין א יידישער אינסטיטוציע ברעכט אויס א שריפה. טאָר דער אויפזעער ניט לעשן די שריפה, — מעז דאַרף פריער פאררופן אן אלגע־מיינע פארזאמלונג צו דיסקוטירן די פראגע און מיט א מערהייט שטימען דערנאָך באשליסן צי זאָל מען לעשן, צי ניט.

די ענגלענדער, דורכגעדרונגען מיט דעמאָקראטישע טראדיציעס, אנערקענען אויטאָריטעט. זיי ווילן נאָר האָבן דאָס רעכט אָנצופארטרויען די אויטאָריטעט צו פערזאָנען וואָס זיי אליין קלייבן אויס. א ייד מיינט, אז דעמאָקראַטיע הייסט גלייכע אויטאָריטעט פאר אלעמען. יעדער ייד איז זיכער, אז ער איז פּונקט אזוי קלוג, אלצוויסנדיק און פעיק ווי ווער ס'איז אנדערש, אָדער ווי וועלכע ס'איז קאָמבינאציע פון ספּעציאליסטן אין פארשיידענע פאכן צוזאמענגענומען, און אין זיין געזעלשאפטלעכער ארבעט איז ער אליין דער פּוסק אחרון.

אנגלאָ־סאקסן זיינען דעמאָקראטן, מיר זיינען סופּער־דעמאָקראטן.

דאָס דערקלערט, פארוואָס זיי קאָנען אָנפירן אימפּעריעס, און מיר קאָנען קיין קלוב ניט אָנפירן; זיי געניסן פון געזעלשאפטלעכער טעטיקייט, און מיר פארשווענדן אונדזער צייט אויף פּוסטע רייד, כבוד זועכנישן און פערזענלעכע אמביציעס, און געזעלשאפטלעכע ארבעט איז פארבונדן ביי אונדז מיט מאטערניש און הארצווייטיק; זיי קאָנען זיך אויסלעבן מוזיקאליש אין איין קלוב און פּאָליטיש אין אן אנדערן, ניט מישנדיק אלץ אין איין קאשע, וואָס מען קאָן אין מויל ניט נעמען. מיר מוזן אלע אונדזערע אימפּולסן אויסשיסן ביי יעדער געלעגנהייט, און מיר קאָנען דערפאר קיין איין גאנצע זאך קיינמאָל ניט אָפּטאָן.

אָ, מיר זיינען דאָך אן "עם חכם ונבון" — מיר זיינען שוין אביסל צו קלוג. ווי וואָלט וואָלט אונדז געווען, ווען מיר לערנען זיך אויס אביסל "נארישקייט" פון אונדזערע נים־יידישע שכנים, און ווען יעדער איינער פון אונדז לערנט זיך אויס צו וויסן זיין אָרט . . .

נאָוועמבער 13טן, 1936.

# דער בוים אויף א פעלז

אויף מיין וועג צוריק פון באלטימאָרער קאָנפערענץ, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע טעג אין ניו־יאָרק, צוליב דער "ציקאָ" קאָנפערענץ. איך האָב דאָרטן געהאט זייער ווייניק צייט. אָבער ווי באזוכט מען עס ניט איסט בראָדוויי?

דאס איז געווען די ערשטע זאך אויף מיין ליסט. איסט בראדוויי און דער ארומיקער געגנט האבן טאקע ניט קיין באזונדערע מערקווירדיקייטן פארן דורכשניטלעכן טוריסט, אבער עס איז דאך עפעס דער סאמע פולס פונם לעבן פונם גרעסטן יידישן ישוב אין דער געשיכטע (ניו־יארקער יידישע באפעלקערונג ווערט שוין איצט אפגעשאצט אין צוויי מיט א האלבן מיליאן נפשות, כן ירבו).

איך האב געפונען די זעלבע איסט בראדוויי, ווי איך האב זי געקענט פאר די לעצטע 22 יאר, זינט מיין ערשטן באזוך אין ניו־יארק. עס פילט זיך דא נאך אלץ א געדיכטע יידישקייט, כאטש מיט א מעסער צו שניידן, — הגם אויסערלעך האט זיך דער אומגעגנט אביסל געענדערט און געוועזענע ״סלאם״ געסלעך זיינען פארוואנדלט געווארן אין ברייטע בולווארן. דא, אויף איסט בראדוויי און די נאענטע גאסן, געפינען זיך נאך די גרויסע יידישע צייטונגען, יידישע צענטרען, שולן און בתי־מדרשים, העברעישע און יידישע שולן און הויך־שולן, ארץ־ישראל מוסדות און וועלטלעכע אינסטיטוציעס, ישיבות און בוכהאנדלונגען, אא״וו א״וו.

פאר קווארטאלן און קווארטאלן ציען זיך יידישע שילדן (אפט שרעקלעך פארגרייזטע), וואס דערציילן אייך וועגן ״כשרות״ און יידישקייט. אויף איין קליידער געשעפט, אין קאנאל סטריט, ארום בראדוויי, איז דא א שילד וואס דערציילט אייך פון קליידער גאראנטירט קעגן שעטנז, — איז וואס־זשע נאך קאנט איר שוין פארלאנגען?

* * * * *

די זעלבע בראדוויי וואס איך קאן פון לאנג. די זעלבע געדיכטע יידישקייט, וואס פארכאפט אזוי דעם יידישן באזוכער פון ווייטערע מקור־מות, וואס האט ניט די געלעגנהייט אריינצוקוקן הינטער די יידישע שילדן. איך אליין האב נאך אלץ ליב צו שפאצירן איבער בראדוויי, און קוויקן זיך מיט דער יידישלעכער אטמאספערע, אבער איך נאר זיך ניט אפ, ווי די ״גרינע״. איך ווייס שוין ליידער פון ביטערער דערפארונג, אז אט די יידישקייט דרינגט ניט אלעמאל אריין אפילו אין די געביידעס הינטער די שילדן. און איך ווייס אז דאס ניו־יארקער יידישע לעבן רוקט זיך אוועק אלץ ווייטער און ווייטער פון איסט בראדוויי, פיזיש און גייסטיק. און איך האב אפט מורא, אז איסט בראדוויי זוכט זייער ווייניק צו האלטן דאס יידישע לעבן ארום זיך, נאר זי לויפט גיכער נאך דאס אנטלויפנדיקע יידישע לעבן, אוועקגליטשענדיק זיך ביסלעכווייז פון זיך אליין.

* * * * *

מער ווי ווען עס איז פריער, איז די יידישע אכילה איינער פון די שטארקסטע נאציאנאליזירנדיקע פאקטארן אינם יידישן לעבן אין ניו־

יאָרק. אָבער יידישע אכלה מיינט ניט דווקא "כשרות", — צווישן די טויזנ־טער יידישע עס־פּלעצער פונם ריזיקן כרך דאַרפט איר זיין א ספּעציאַליסט צו אנטדעקן די עכט־כשרע.

דאָס שפּיגלט אפשר אָפּ ס'גאַנצע בילד פון ניו־יאָרקער יידישקייט. מען קלאַמערט זיך נאָך אָן שיריים, אָבער מען באַנוגנט זיך מיט זייער ווייניק — מיט א גוטער כוונה, מיט א סימבאָל, — מיט דעם וואָס מען רופט אין אמעריקע "כשר סטייל", און, כידוע, מאַכט מען שוין אין אמעריקע אפילו שינקע (העם), ניט פאַר גאָט אויסגערעדט, אין "כשר סטייל".

* * * * *

פאַרוואָס־זשע אינטערעסירט מיך נאָך אַלץ אַזוי איסט בראָדוויי? ווייל עפּעס מוז דאָך ליגן אין דער עקשנות מיט וועלכער זי האַלט אויף איר דרויסנדיקן אויסזען. ווייל ערגעץ זיינען נאָך דאָרטן אַפּנים פאַראַן געציילטע יידן, וואָס ווילן זיך נאָך אַלץ ניט אונטערגעבן און לאָזן זיך ניט לייכט שווימען מיטן שטראָם. די "שעטנז" שילד איז אפשר א באַזונ־דערס שלאַגנדיקער באַווייז אויף דעם: ס'איז דאָך א געשעפט פּלאַץ, וואָס אינטערעסירט זיך ווארשיינלעך איבערהויפּט מיט קריגן געשעפט — א סימן, אַז עס לוינט זיך אויסהענגען אַזא שילד!

און די יידישע און העברעישע שולן וואָס קלאַמערן זיך אין אָט־דעם שטיינערנעם באָדן? און די צייטונגען, און די בוך־האַנדלונגען וואָס בויגן זיך, אָבער ברעכן זיך פאָרט ניט? און די יידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס? — עס איז דאָך אַלץ אַן ענטפער אויף עפּעס א דראַנג וואָס איז נאָך דאָ.

* * * * *

האָט איר געזען ווי ביימער וואַקסן אַרויס פון סאָלידע פעלזן? זייערע וואָרצלען קלאַמערן זיך איבער די שפּאַלטן, זוכנדיק שפּייז אין די פון־ווינט־אָנגעטראָגענע שטויב און מאָך. זיי וויזן אַרויס מערקווירדיקע עקשנות אינם לעבן־געדראַנג און וואַקסן אָפט אויס שטאַרק און מעכטיק. מיט דער צייט הויבן שוין אָן די וואָרצלען אַליין שפּאַלטן דעם שטיין. אין משך פון דורות צעפּולווערן זיי אים, און די ביימער מיט זייערע בלע־טער, צוזאַמען מיט די פאַרהאַרטעוועטע אונטערגעוויקסן, פאַרוואַנדלען מיט דער צייט די שטיינער אין פרוכטבאַרן באָדן.

אַז עס איז דאָ לעבן־עקשנות, וועט עס פאַרוואַנדלען שטיין אין פרוכטבאַרן באָדן. און אָט־די לעבן־עקשנות זע איך עס אַרויס אויף איסט בראָדוויי, יעדער מאָל ווען איך באַזוך ניו־יאָרק. איך בין גאָר ניט זיכער אַז איך געפין זי, אָבער איך וויל זיך ניט צעשיידן מיט מיין אייגענעם

גלויבן. מיר זעט אַפּט אויס, אַז איך באַמערק יאָ סימנים פון אַט־דער עק־
שנות אַפּילו אויף דעם שטיינערנעם ניו־יאָרקער באָדן . . .

דעצעמבער 30סטן, 1941.

# באָגדאַן כמעלניצקי

דער נאָמען כמעלניצקי איז פאַר אונדז, יידן, פאַרבונדן מיט איי־
נער פון די שרעקלעכסטע קאַטאַסטראָפעס אין דער יידישער געשיכטע. ער
איז דאָך דער העלד פון "גזירת ת"ח" — מיט קאַרגע 300 יאָר צוריק, ווען
650 טויזנט אידישע נפשות זיינען אויסגעשלאָכטעט געוואָרן און הונדער־
טער יידישע קהילות זיינען אָפּגעווישט געוואָרן, אַזוי אַז ס'איז פון זיי
קיין זכר ניט געבליבן.

פּראָפּאָרציאָנעל, לויט דער צאָל יידן פון יענער צייט, האָבן כמעל־
ניצקים רציחות געבראַכט אַ שרעקלעכערע קאַטאַסטראָפע אינם יידישן
לעבן, ווי היינט היטלערס. פאַקטיש האָט ער אויסגעשלאָכטעט אפשר האַלב
פון אַלע יידן אין יענער צייט.

אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, איז כמעלניצקי ניט קיין העלד ביי
אַלע אוקראַינער. מיר געדענקט זיך נאָך אַז אוקראַיניש לידל אין וועלכן זיין
זכר ווערט פאַרשאָלטן, דערפאַר וואָס ער האָט פאַרקויפט אוקראַינע צום
"מאָסקאַל", און ביי אַ סך אוקראַינער איז דער "מאָסקאַל" (רוס) געווען
ניט קיין גרעסערער יחוס ווי דער "ליאַך", אָדער פּאָליאַק. פאַקטיש האָט
ער ניט "באַפרייט" אוקראַינע, ווי די "רוסישע" געשיכטע דערציילט וועגן
אים. ער האָט געקעמפט נאָר פאַר די רעכט און פּריווילעגיעס פון די קאָזאַ־
קישע באַנדעס און די אוקראַינער פּריצים, און די פּויערים וואָס האָבן אים
געהאָלפן אין זיינע בלוטיקע רציחות זיינען פאַרבליבן שקלאַפן צו די זעלבע
פּריצים, — און זיינען געשמיסן געוואָרן מיט די זעלבע ריטער, — נאָר
אַנשטאָט דעם אַז דאָס זאָל זיין אונטער דער פּראָטעקציע פון דער פּוילישער
מאַכט, איז דאָס אָנגעגאַנגען אונטער דער נאָך מער ברוטאַלער רוסישער,
צארישער מאַכט.

אַ העלד איז כמעלניצקי בלי־ספק געווען פאַר די רוסן, אין וועמעס
הענט ער האָט איבערגעגעבן אוקראַינע. זיי האָבן עס אים אויפגעשטעלט
דעם גרויסן מאָנומענט אין צענטער פון קיעוו, ווי צו דעם "באַפרייער פון
אוקראַינע".

* * * * *

פּערעיאַסלאַוו איז פאַר אונדז שלום־עליכמס געבורט־שטאָט. אָבער

ביי די רוסן איז די שטאָט היסטאָריש דערמיט, וואָס דאָרטן איז אונטער־געשריבן געוואָרן דער אָפּמאַך מיט כמעלניצקין, לויט וועלכן אוקראַינע איז געוואָרן א טייל פון רוסלאַנד. איז איצט, ווען פּערעיאסלאוו איז באַ־פרייט געוואָרן פונם נאַצישן יאָך, איז די שטאָט געערט געוואָרן מיט א נייעם נאָמען, — כמעלניצקי!

איז ווי זאָל דאָס ניט ארויסרופן ביטערע געפילן ביי יידן?

* * * * *

אויב איר ווילט מיר טאָן א טובה, טאָ זייט מיך ניט חושד, אַז איך וויל דאָ מאַכן וועלכע עס איז אַנטי־סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע. איר זייט דאָך מיך ניט חושד איז שינאה צום בריטישן פאָלק, דערפאר וואָס איך קריטיקיר די בריטישע ארץ־ישראל פּאָליטיק, אָדער גאָר איז שינאה צו קאַ־נאַדע, דערפאַר וואָס איך פאַרדאַם קאַנאַדעס האַרצלאָזיקייט בנוגע די פּליטים, פאַר וועלכע זי פאַרהאַקט אירע טויערן.

איך בין דורכויס פאַר קעגנזייטיקער פריינדשאַפט און פאַרשטענ־דעניש מיט דעם סאָוועטן פאַרבאַנד סיי איצט, און סיי נאָך דער מלחמה. און איך דריק דאָ אויס מיין אַבסאָלוטע איבערצייגונג, אַז קיין שום אַנטי־סעמיטישע מאָטיוון האָבן ניט געקאָנט שטעקן אין דער פּערעיאסלאוו־כמעלניצקי געשיכטע. ס'איז פּשוט א פראַגע פון פּאָליטישער פּראַקטיש־קייט. רוסלאַנד האָט אויפגעלעבט לעצטנס א סך פון אירע אַמאָליקע העלדן, —אפילו אזעלכע, ווי דעם "הייליקן" אלעקסאַנדער נעווסקי און איוואַן דעם בייזן. איז עס איצט, צוליב דער פראַגע פון אוקראַינע און פּוילן, געוואָרן נויטיק אויפצולעבן אויך באַגדאַן כמעלניצקין און צוריק מאַכן אים פאַר א העלד.

און די יידישע געפילן? זיינען, ערשטנס, די געפילן פון 40 מיליאָן אוקראַינער און 80 מיליאָן רוסן, וויכטיקער ווי די געפילן פון פינף מיליאָן יידן, און, צווייטנס ווי האָבן סיידן יידן בכלל געפילן? יידן זיינען מקבל באהבה און מ'זאָגט אָמן . . .

* * * * *

מיך האָט בנוגע דער סאָוועטיש יידישער דעלעגאַציע וואָס איז געווען אויף דער זייט ים, באַזונדערס אימפּאָנירט איר שטאָלצע יידישקייט. איציק פעפער האָט ניט געביטן, למשל, זיין נאָמען אויף "איסאַק" אָדער "איזאַדאָר", און ביידע דעלעגאַטן האָבן שטאָלץ גערעדט יידיש אפילו ביי ענגלישע פאַרזאַמלונגען.

אָבער, ווען מען האָט ביי איציק פעפער און שלמה מיכאָעלס גע־פרעגט אין לאָנדאָן ווען אָט דער פיינלעכער כמעלניצקי געשיכטע, האָבן

זיי געענטפערט: "מען קאָן כמעלניצקין ניט פארגלייכן מיט היטלערן. ער האָט געקעמפט פאַן דער פרייהייט פון אוקראַינע".

מען וואָלט געקאָנט זיין לאָיאַל צו סאָוועט רוסלאַנד און פארטייריקן דעם יידישן שטאַנדפּונקט, — דאַרטן האָבן דאָך יידן באמת גלייכע רעכט. אָבער יידישע פירערס זיינען סופּער־לאָיאַל, און די אידישע רעכט זיינען די ערשטע זאך וואָס זיי זיינען גרייט אויפצוגעבן. וועט מען אביסל "צופיקסן" די יידישע געשיכטע און די געשיכטע בכלל, און מען וועט כמעלניצקין מאכן פאר א העלד אפילו פאר די סאָוועטישע יידן! אזעלכע זאכן האָט מען שוין ניט איין מאָל געטאָן . . .

איך וויל נאָר באשטעטיקן די הנחה, אז אין אונדזער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק "קאָנען מיר זיך ווייניק וואָס פארלאָזן אויף גוטע פּריצים. פּאָליטיק ווערט געטריבן פון אינטערעסן, און ניט פון אבסטראקטן יושר. בפרט קאָנען מיר זיך ניט פארלאָזן אויף דעם, אז מען זאָל אונדז דערלאַנגען דעם יושר אויף א טעלערל. אפילו משיח וועט ניט קומען אליין, — מען וועט נאָך דאַרפן אָפּזאָגן א היבש ביסל קאַפּיטלעך תהילים און אָפּפאַסטן א היבש ביסל תעניתים ביז מיר וועלן אים אראָפּברענגען אויף דער וועלט . . .

נאָוועמבער 5טן, 1943.

## מעג מען מוסרן יידן ?

מאכט ניט קיין טעות, חלילה. כ'רייד דאָ ניט וועגן מסרן, נאָר וועגן מוסרן יידן. און א פראַגע אביסל צי מען מעג מוסרן יידן! אדרבא, ס'איז תמיד געווען א מצווה צו מוסרן יידן. איך וועל שוין ניט דערמאָנען די נביאים ,וואָס האָבן געמוסרט די יידן, און מערסטנס דווקא אין די קריטישסטע צייטן פארן יידישן פאָלק, — איך וויל זיך מיט די נביאים ניט אָנהויבן, ווייל מען היט דאָך זיי ביי אונדז זייער שטרענג אָפּ, מען זאָל חלילה ניט פארשוועכן זייער הייליקע תורה מיט אָנווענדן זי צום וואָכעדיקן לעבן.

איך וועל אָבער דערמאָנען די מגידים און מוכיחים, וואָס האָבן יעדער דור געשטראָפט דאָס יידישע פאָלק, סטראשענדיק אים מיט די שוידערלעכסטע זאכן. און זיי פלעגן גראָד באזונדערס שטרענג ווערן ווען עס פלעגן טרעפן אומגליקן, — גזירות, פּאָגראָמען אָדער עפּידעמיעס, רחמנא לצלן.

און יידן, זעט איר, האָבן גראָד ליב געהאַט אָט די דאָזיקע מגידים און שטראָפערס. און וואָס שטרענגער זיי זיינען געווען, און וואָס גערדיכטער

עס פלעגן זיין די פארבן מיט וועלכע זיי האבן געשילדערט די שוידער־לעכקייטן פונם גיהנום, פלעגט עמך אלץ מער גערן זיי הערן, און צאלן נאך געלט דערפאר.

אפשר האבן יידן ניט ליב מען זאל מוסרן זיי פערזענלעך, אבער דעם כלל־ישראל — אדרבא ואדרבא! ניט ליב געהאט די מגידים האבן בלויז די למדנים און די תקיפים, — אפשר טאקע דערפאר, ווייל זיי האבן געפילט, אז מען מיינט עס ניט אזוי דעם כלל ישראל, ווי טאקע זיי אליין.

* * * * *

א. גאלאמבס אפטע מוסר רייד צו אמעריקאנער יידן אין דער פרעסע און אין זיין בראשורע וועגן אמעריקאנער יידן, האט קאנטיק גע־מאכט א שטארקן רושם. די פרעסע איז אלע אמעריקאנער לענדער האט זיך אפגערופן אויף זיי, — ווער מער קריטיש, און ווער ווייניקער; ווער פאזיטיוו, און ווער נעגאטיוו — און אין א סך קרייזן איז עס געווארן א טעמע פאר דיסקוסיעס.

ס'איז זיכער דא א סך פון וואס צו דיסקוטירן. ס'איז גאר קיין עוולה ניט צו קריטיקירן זיינע הנחות און אויספירן. ס'איז אבער מאדנע, וואס א צאל יידן גאר אנגעהויבן אויסזעצן ניט אזוי קעגן זיינע הנחות און אויספירן, נאר קעגן דעם וואס ער וואגט, — אין אזא קריטי־שער פאר אונדז צייט, — גאר צו מוסרן יידן!

די טענה זעט מיר טאקע אוים צו זיין גאר מאדנע. וואס הייסט, גראד ווען עס קומט א קריזיס, איז דאך טאקע די ריכטיקע צייט צו רופן צו תשובה! אבער ווען אפילו צרות דארפן באפרייען איינעם פון מוסר, גייט דאך דא דווקא אין דעם, וואס די אמעריקאנער יידן זיינען גלייכגילטיק צו דער יידישער טראגעדיע, און וואס זיי נעמען זיך ניט קיין מוסר־השכל פונם יידישן גורל אויף יענער זייט ים!

* * * * *

די מעשה איז, וואס באזונדערס אויפגעבראכט קעגן א. גאלאמב זיינען עס טאקע די, וואס האבן אלעמאל פיינט געהאט שטראף־זאגערס, ווייל זיי האבן געפילט, אז דאס מיינט מען זיי . . . און די מעשה איז, וואס טיף אין הארצן פילן מיר, אז ער האט געטראפן אין פינטל אריין. מיר שטימען אייגנטלעך איין מיט דעם מערסטן וואס ער שרייבט וועגן אונדז, און עס טוט אונדז וויי . . .

אמת, איך וואלט זיך אליין אנגענומען אנצושרייבן א בראשור נאך גרעסער פון זיינער, ווו איך וואלט אויסגערעכנט די גרויסע אויפטוען

און גרויסע דערגרייכונגען פון אמעריקאנער יידישן קיבוץ. איך וואָלט אייך געקאָנט דערציילן אין ארטיקל נאָך ארטיקל די הויכע מעלות פון אונדזער קיבוץ. און דאָס וואָלט געוועזן ניט ווייניקער ריכטיק, ווי די אַלע זאכן וואָס א. גאָלאָמב שילדערט, אונדז לגנאי. אָבער איך וועל אזא בראָשור ניט שרייבן. און ווען איך וואָלט זי אָנגעשריבן, וואָלט איך ניט געקאָנט געפינען קיין מעצענאט וואָס זאָל זי אָפּדרוקן.

ווייל וואָס איז עס טאקע פאר אן ארבעט צו גלעטן זיך איבערן בייכל? מיר זיינען שוין אזוי אויך צופיל זעלבסט־צופרידן, און פון זעלבסט־צופרידנהייט קומט קיין גוטס ניט ארויס.

* * * * *

אָביעקטיוו גערעדט, איז א. גאָלאָמב, אין מיין מיינונג, ניט גערעכט. ער האָט באטראכט נאָר די טונקעלע זייט פונם היגן יידישן לעבן, און האָט געשילדערט נאָר האלב פונם בילד, פארזעענדיק אונדזערע אויפטוען און אונדזערע פארדינסטן.

אָבער די גאָלאָמבס, זעט אויס, זוכן גאָרניט קיין אָביעקטיוו בילד. זיי זוכן בכלל ניט קיין בילדער. זייער אויפגאַבע איז צו זוכן שוואכקייטן און פעלערן, און קעמפן קעגן זיי און פּרובירן אויסראָטן זיי.

עס זיינען אמאָל געוועזן ביי יידן אויך "גוטע" מגידים, וואָס פלעגן טראָגן טרייסט צו דעם יידישן עולם. אָבער אין א רייע מיט זיי האָבן זייער אָרט אינם יידישן לעבן, — און זייער א בכבודיקן אָרט, — געהאט די שטרענגע מוכיחים, די הארבע מוסר־זאָגערס און מאָראַל פּרעדיקערס.

נאָוועמבער 5טן, 1940.

## שווייגן איז גאָלד — ריידן איז ניט דווקא זילבער

א ייד האָט צו מיר א טענה:

— אָט, וועגן אַלץ אין דער וועלט שרייבט איר, אָבער דאָס וואָס מען צאַפּט אונדז דאָס בלוט ביי די פארשיידענע קאָנפערענצן און פארזאמלונגען, דאָס הויבט אייך ניט אָן צו ארן. איר זייט א חכם, איר קומט ניט . . . און אפשר איז עס ניט דאָס. די נודניקעס זיינען דאָך אייערע אייגענע מענטשן, אז מען דארף אראָפּרייסן ווען אן אונדזער ברודער, זייט איר דאָ, אָבער זיי, די "פיינע" יידן — מיט זיי ווילט איר זיך ניט אָנהויבן.

— ווען וואָס איך רייד, ווילט איר וויסן? אָ, איר ווייסט שוין זייער גוט. איר מאכט זיך נאָר תמעוואטע. אוואדע האנדלט זיך דאָ וועגן אָט דעם גאַסט־רעדנער. ער איז געווען א וואונדערבארער רעדנער און ער האָט געהאט וואָס צו זאָגן. איך בין געגאנגען צו דער פארזאמלונג טאקע צו הערן אים — עס ווילט זיך דאָך הערן א פריש וואָרט פון א נייעם מענטשן. — איז וואָס טוען זיי, — איר ווייסט וועמען איך מיין? באלד ווי זיי האָבן אריינגענארט מיך מיט נאָך עטלעכע הונדערט מענטשן, זיינען זיי שוין אויפן פערדל. איז דו, גוטער ברודער, הער זיי אוים, וואָס זיי האָבן צו זאָגן. ווען האָבן זיי נאָך אזא געלעגנהייט אויסגעהערט צו ווערן?

— נו, איז וואָס מיינט איר? האלט מען אייך אָפּ ביז העט־שפּעט אין דער נאכט. און אז איר זייט שוין אויסגעמאַטערט און די אויגן קלעפּן זיך פון שלאָף, גיט מען אייך דעם גאַסט־רעדנער, — אָבער דאן טראכט איר שוין נאָר פון איין זאַך: ווי גוט ס'וואָלט געווען איצט ליגן אין בעט!

— אָבער צו וואָס דערציילט איך עס אייך? איר וועט דאָך וועגן דעם אלצאיינס ניט שרייבן: דאָס זיינען דאָך אייערע מענטשן, און מיט זיי ווילט איר זיך ניט פארטשעפּען . . .

* * * * *

האָט צו מיר נאָך א ייד טענות:

— זייט איר געווען ביים קאָנצערט פון די ניו־יאָרקער קינסטלער? יאָ, איר זייט געווען? איז וואָס־זשע שווייגט איר? אז מען האָלט אונדז במחילה פאר בהמות, ארט אייך ניט?

— איר גייט דאָך מסתמא ווען אויך צו ניט־יידישע קאָנצערטן און אויפפירונגען. נו, איז זאָגט מיר דעם אמת, האָט איר ווען געהערט ביי זיי די קינסטלער זאָלן אוועקשטעלן זיך האלטן גאָר דרשות? ביי זיי איז א וויאָלינעסט, שפּילט ער פידל און לאָזט די פידל ריידן; א פּיאניסט שפּילט פּיאנאָ; אן אקטיאָר שפּילט א ראָל, — און פארטיק! היינט האָט איר ווען געזען ביי זיי גאָר א "פּאָרזיצער" ביי א קאָנצערט? ס'איז דאָ א געדרוקט פּראָגראם און פון דעם ווייס דער עולם וועלכע נומערן עס קומען.

— פארוואָס איז עס עפּעס אזא ריידעניש ביי אונדז, אויף אונדזערע קאָנצערטן? עס הייבט זיך אָן א געשיכטע מיט דערקלערונגען וועגן יעדער נומער און וועגן יעדער ארטיסט, גלייך ווי מיר וואָלטן ניט געקאָנט לייע־נען קיין פּראָגראמען, — היינט ווו זיינען די קלוגע (אָדער נארישע) באַ־מערקונגען און וויצן פון די "קינסטלער", חוץ אמווייניקסטנס איין רעד־נער וועגן דער אָרגאניזאציע, וואָס האָט אויפזיכט, און א האלב צענדליק אנאָנסן און רעקלאמעס וועגן אונטערנעמונגען וואָס דארפן קומען . . .

— אפשר איז דאָס אייך געפעלן, מיר ניט. מיך פאַרנודיעט עס אַזוי אויף טויט, אַז איך קאָן שוין מער ניט קוקן אויפן קינסטלערישן פּראָגראַם, מעג עס זיין גאָלד און זילבער. אַלץ וואָס איך טראַכט איז, ווי ווערט מען שוין פּטור פונעם מבול פון רייד, און מען גייט אַהיים שלאָפן . . .

* * * * *

וואָס האָט איר צו מיר, מיינע ליבע יידן! איך פאַרזיכער אייך מיין טיפסטע סימפּאַטיע און מיין גרייטקייט צו טאָן פאַר אייך וואָס איך קאָן נאָר, אָן מורא און אָן נשיאת־פּנים. גלויבט מיר, אַז איך לייד פון רייד ניט ווייניקער פון אייך. איך לייד אפשר נאָך מער פון אייך, — צו מיר קומען דאָך יידן אויך מיט שריפטלעכע רייד, מיט לאַנגע מגילות וועגן ענינים וואָס מען קאָן אויפקלערן אַ סך בעסער אין קורצע עטלעכע ווער־טער, — און זיי פאַרלאַנגען פון מיר איך זאָל, חלילה, ניט וואָגן דורכצו־לאָזן קיין איינציק וואָרט פון זייערע אַרטיקלען, ווייל יעדער וואָרט איז וויכטיק, ווי להבדיל, תורת משה . . .

וואָס זאָל איך טאָן, אַז מיר זיינען אַ פאָלק וואָס גלויבט שטאַרק אינם "וידבר", — בפרט יעדער איינער אין זיין אייגענעם "וידבר". האָט איר ווען געזען אַ יידן אַ נודניק, וואָס זאָל ניט זיין זיכער, אַז דאָס וואָס ער זאָגט, איז גוואַלדיק וויכטיק, און דער עולם מוז עס אויסהערן, אפילו ווען ער וואָלט צעפּלאַצט געוואָרן?

* * * * *

איך שטים מיט אייך איין. אָבער איך ווייס, אַז איך קאָן אייך ניט העלפן. די נודניקעס אפילו וואָס וועלן לייענען אָט די שורות, וועלן זיין זיכער, אַז אויב איך בין אפילו גערעכט, מיין איך עס אימעצן אַנדערש, ניט זיי.

איך ווייס, אַז יידישע לעקציעס און יידישע אונטערנעמונגען בכלל ליידן שטאַרק פונעם מבול פון רייד. איך בין דאָך ליידער ניט דער איינ־ציקער "חכם", וואָס קומט אָפּט ניט — די צאָל פון אַזעלכע "חכמים" האַלט אין וואַקסן.

איך ווייס, למשל, וועגן לעקטאָרן וואָס רייִדן אין יידיש און אין ענגליש. און אונדזערע יידישע יידן גייען גיכער הערן זייערע לעקציעס אין ענגליש ווי אין יידיש, ווייל דאָרטן, זיינען זיי זיכער, וועט מען אָנהויבן אין צייט און ענדיקן אין צייט . . . איך ווייס אַז מיר אַלע זיינען טויט־מיד פון רייד. און אַז שווייגן איז אָפּט טייערער ווי גאָלד. אָבער די וואָס רייִדן זיינען גאָר ניט מיד, און איך פרעג ביי אייך: וואָס קאָן מען טאָן מיט זיי?

# וואָס גרוימער — אַלץ ענגער

אינם דערפל, אין ווייס־רוסלאַנד, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן, האָבן מיר פון פּאַלאַצן געוווּסט נאָר פונם תנ״ך, וואָס מיר האָבן געלערנט (ארמונות — פּאַלאַצן). וואָס דאָס איז אַזוינס האָבן מיר געהאַט אַ קליינעם באַגריף. מיר האָבן זיך נאָר פאַרגעשטעלט, אַז דער דאַך פון אַ פּאַלאַץ האָט געדאַרפט זיין פון שינדלען, און ניט פון שטרוי, ווי די באַטקעס פון די פּויערים אין דאָרף.

מיר אַליין האָבן געוווינט אין אַזאַ כאַטקע — אַרום 20 ביי 24 פוס די גרויס, מיט איין צימער, כמעט אַ פערטל פון וועלכן עס איז געווען פאַרנומען פונם גרויסן רוסישן אויוון. און אין אָט־דעם שטיבל האָבן עס אונדזערע עלטערן געדאַרפט דערציען זיבן קינדער לתורה, לחופה ולמעשים טובים, — חוץ יתומים און יתומות, — אַ שוועסטער, אַ פּלימעניק — וואָס האָבן זיך כמעט שטענדיק געהאַדעוועט אין אונדזער הויז.

אָפט זיינען ביי אונדז געווען אויך ״קעסטניקעס״, קינדער פון אַרומיקע ישובניקעס, וואָס האָבן געלערנט ביי מיין טאַטן. און, חוץ אָט־דעם אַלעמען, פלעגן אָפט קומען געסט צו פאָרן, — פעטערס, מומעס אָדער פּלימעניקעס, וואָס פלעגן צייטנווייז פאַרבלייבן ביי אונדז וואָכן־לאַנג: קיין צייט האָט דאָך דאַן ניט געפעלט, און קיינער האָט זיך ניט גע־איילט. און, צום סוף, האָבן אויך ניט געפעלט סתם־געסט,—יידישע דאָרף־הענדלער פון אַרומיקע שטעטלעך, יידן אויפן וועג צו און פון יארידן, משו־לחים, פּאַקן־טרעגערס און סתם אָרימעלייט. פאַר אַלעמען איז געווען אַ מאָלצייט (אמת, מערסטנס אַ גאַנץ אָרימער) און אַ געלעגער איבער דער נאַכט.

ווו האָט מען געגומען אַזויפיל געלעגערס?

זאָרגט זיך ניט — ס׳איז געווען גענוג. מען איז געשלאָפן אויף די קאַנאַפּעס, אויפן פּליישיקן און אויפן מילכיקן באַנק, אויף צונויפגע־שטעלטע שטולן, אויפן אויוון, אויפן ליזשאַנקע, און פשוט אויפן דיל. זומער און פריען הארבסט פלעגן מיר שלאָפן אויף די היי אין שטאַל, אָדער אין אַ פּויערשן שייער.

אין איין קאַלטער, שטורעמדיקער ווינטערדיקער נאַכט,געדענק איך, זיינען צו אונדז אין הויז אריינגעפאַלן איבער אַ מנין יידן, אויפן וועג צו אַ יאַריד. קיין איינער פון זיי האָט ניט געדאַרפט אַרויס אין שטורעם, זוכן אַ נאַכטלעגער. מען האָט פריילעך פאַרבראַכט דעם אָוונט, דערציילט מעשׂות און געשמועסט דברי־תורה. דערנאָך האָט מען אונטערגעלייגט מאַנטלען אונטערן קאָפּ און צעלייגט זיך ווו ס׳עס האָט זיך געמאַכט; איין ייד האָט זיך אַוועקגעלייגט גלייך אויפן טיש!

און אינדערפרי איז געווען א הייסער סאמאָוואר פאר אלעמען, און מען האָט געדאווענט מיט א מנין, וואָס איז פאר אונדז, דאָרפישע קינדער, געווען א גאנצע פאסירונג.

ניין, ס'איז ניט געווען ענג. און קיין "לופט" האָט מען נאָך אין יענע יאָרן ניט געדאַרפט. לופט, האָבן מיר דאַן געמיינט, איז חלל, פוסט־קייט, גאָרנישט. עס זיינען דאַן געווען אזעלכע אומוויסנדיקע יידן, וואָס האָבן פאוואָלינקע אריינגעלעבט ביז 80, 90 און 100 יאָר גאָר "אָן לופט". ערשט שפּעטער, אז מיר האָבן אָנגעהויבן אריינקוקן אין די גוישע ביכלעך, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז לופט איז שטאָף, מאטעריע, און אז מען קאָן אָן לופט ניט לעבן. אונדזערע באגריפן פון לעבן האָבן זיך דאַן טאקע ראַ־דיקאַל געביטן . . .

* * * * *

מיר האָבן אין וויניפּעג אנומלט דערוואַרט צען אָדער פופצן פאַ־מיליעס, יידישע פּליטים. גראָד זיינען זיי ניט געקומען, אָבער אַן אנדער פּאַרטיע דאַרף אָנקומען אינגיכן קיין קאַנאַדע. און אַרום 25 פאמיליעס וועלן װאַרשיינלעך צוגעשיקט ווערן קיין וויניפּעג.

כידוע, ווערן אונדזערע הערצער צעבראָכן איבער דעם טראַגישן גורל פון אונדזערע אומגליקלעכע פּליטים. עס זיינען דאָ יידן וואָס ווילן ניט געבן קיין געלט פאר קיין זאַך, ווייל, אויב מען גיט געלט, דאַרף עס זיין נאָר פאר די מלחמה־קרבנות . . .

האָט מען דאָך געקענט דערוואַרטן, אז באַלד ווי מען וועט זיך ביי אונדז דערוויסן אז פּליכטלינגען קומען, וועלן יידן עפענען ברייט זייערע הייזער — איבערהויפּט די יידן מיט די גרויסע הייזער, אָנגעפילט מיט פוסטקייט — קיין זיבן־קינדערדיקע הייזער זיינען דאָך גראָד צווישן זיי ניטאָ . . .

אָבער אויף אלע מעלדונגען, אנאָנסן און בקשות פאר היימען, אפילו פאר צייטווייליקע היימען פאר די דערוואַרטעטע פּליטים — פריי אָדער פאר געצאָלט — האָבן זיך אָפּגערופן נאָר דריי היגע יידן. איך ווייס נאָך ניט, צי פריי, צי פאר געצאָלט . . .

איך וויל דאָ קיינעם ניט מוסרן. מיר זיינען, ברוך־השם אלע גלייך. מיר וואָלטן זיך אלע געדאַרפט אָפּגעבן א חשבון הנפש.

פאַרוואָס איז עס "דאָרטן", אין דער גרויסער ענגשאַפט, אונדז געווען אזוי גרוים? פאַרוואָס איז עס אונדז דאָ, אין אזא רחבות, אזוי ענג? פאַרוואָס האָבן מיר דאָרטן, אין אַן איין־צימערדיקן שטיבל, געפונען פּלאַץ פאר א פאמיליע פון זיבן קינדער, פאר יתומים און פאר געסט, און דאָ,

אין 8 אָדער 10 צימערדיקע הייזער מיט איינעם אָדער צוויי קינדער, איז ניטאָ קיין אָרט ניט נאָר פאר פּליטים, נאָר אָפט אפילו פאר אן אייגענעם ברודער א שוועסטער, וואָס קומען צו גאסט, און זיי דארפן איינשטיין אין א האָטעל?

אדרבא, לאָמיר זיך אריינטראכטן אין דעם עניין. זיינען מיר היינט גליקלעכערע מענטשן מיט אונדזערע פּאלאצן, מיט באקוועמלעכקייט און לוקסוס פון וועלכע מיר האָבן זיך אמאָל גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי מיר זיינען דאן געווען אין אָט־יענע אָרימע כאטקעס?

יוני 16טן, 1944.

# יידן און פעטש

א פּאטש קאָן טאקע גאָרנישט ניט האָבן צו טאָן מיט א "גוט־שבת", אָבער צו יידן האָבן פּעטש שוין גאָר א גרויסע שייכות. דאָס האָט ניט צו טאָן מיט דעם, וואָס יידן קריגן פון גויים. פון גויים קריגן יידן קלעפּ. א גוי האָט זיך פיינט פּאטשן, — ער שלאָגט זיך. ער האָט ליב, אז דאָרטן ווו ער לאָזט אראָפּ א האנט מיט א פויסט זאָל מער קיין גראָז ניט ניט וואקסן.

פּעטש איז א יידישע מידה. דער ייד האָט אויך בלוט אין זיינע אָדערן, און ניט קיין וואסער, און זיין בלוט צעקאָכט זיך אויך פון־צייט צו־צייט — אָבער ניט געגוג אויף אריינצוברענגען אים אין אמתער רציחה. און אז ער צעקאָכט זיך, וועט ער ניט רייסן קיין פלעקער פון צוים צו פּלעטן קעפּ. ער וועט בלויז פּאטשן — און געפּאטשט ווערן. אין גאָר די ערגסטע פאלן וועט ער אפשר ווארפן א לייכטער פון שטענדער אין קאָפּ — אָבער ער וועט אים אויך פריער פאָרזיכטיק איינוויקלען אין א טלית, כדי וייכער צו מאכן דעם קלאַפּ (ערשט די טעג האָב איך געהערט מעשיות פון אזעלכע געשלעגן אין דער אלטער היים).

פּעטש איז אזוי פאקטיש א נאציאָנאלער מנהג, א נאציאָנאלע איינגנשאפט אונדזערע, — אן אינסטיטוציע געהייליקט פון דער טראַדיציע.

* * * * *

די מאָדערנע, היינט־וועלטיקע יידן, סיי די ציוניסטן און סיי די רעוואָלוציאָנערן, זעצן אוים קעגן פּעטש: די ערשטע זען אין דעם א שענד־לעכע גלות־אינסטיטוציע, ווי "זשארגאָן". די אנדערע זען דערינען א רע־זולטאט פון דער דעקלאסירטקייט פונם יידישן פאָלק, זיין קליינלעכקייט. ביידע ווילן, אז יידן זאָלן זיך שלאָגן ווי גויים, — מיט רציחה, — ווי עס פּאסט פאר א "נאָרמאלן פאָלק", אָדער פאר "אמתע רעוואָלוציאָנערן".

אָבער זייער פּראָפּאַגאַנדע פאר די לעצטע צענדליקער יאָרן האָט נאָך ניט געבראַכט קיין גרויסע פּרוכטן. די מייסטע יידן זיינען נאָך אַלץ "שמעק־טאַבאַק" גזלנים. זיי ריידן נאָך אַלץ יידיש און — פּאַטשן זיך צווישן זיך.

* * * * *

איך זאָג דאָ ניט קיין מיינונג וועגן דעם ענין, נאָר איך קאָנסטאַטיר בלויז א פאַקט. איך זאָג ניט אַז יידן זיינען דערפאַר בעסער אָדער ערגער פון גויים, אָבער איך וויל פּרובירן קלאָר מאַכן פאַר זיך אַליין, פאַרוואָס גויים ממיתן זיך, און יידן פּאַטשן זיך בלויז.

און עס זעט מיר אויס:גויים בכלל האָבן גרויסע אַרגומענטן צווישן זיך, איבער גרויסע זאַכן. זיי האָבן גרויסע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען צו לייזן, — און פאַר גרויסע זאַכן דאַרף מען זיך במילא שלאָגן שטאַרק, ביז בלוט. און אַזוי געוויינען זיך די גויים צו שלאָגן אויף א גרויסן שטייגער, אַזוי אַז אַפילו אין קלענערע זאַכן האַלטן זיי זיך אויך אָן זייער אייגענעם שטייגער. זיי זיינען, מיט איין וואָרט, תמיד געשפּאַנט און גרייט צו שלאָגן זיך, און ווי נאָר עס צעקאָכט זיך דאָס בלוט, דריקט זיך די האַנט אין א שטאַרקן פויסט.

יידן האָבן פאַר הונדערטער און הונדערטער יאָרן ניט געהאַט די געלעגנהייט צו פאַרנעמען זיך מיט גרויסע, נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. און סאָציאַל האָבן זיי קוים געהאַלטן זיך מיטן קאָפּ איבערן וואַסער. זייערע נאַטירלעכע קעמפערישע נייגונגען האָבן זיי אויסגעלעבט אין דער קלײנער, מיזעראַבעלער, שטעטלדיקער פּאָליטיק, אין באָד־פראַגע, אין בשר־כשר מחלוקת, אין דעם אויסטייל פון עליות און הגבה, — אָדער אין "קריגערייען" איבער דעם פּשט פון א פּסוק אָדער סוגיה . . .

פאַר א רינענדיקן דאַך פון באָד לוינט זיך ניט שפּאַלטן קיין קעפּ. פאַר א ביצה שנולדה ביום־טוב שלאָגט מען זיך ניט מיט קיין דרוקעס. פאַר דעם זיינען גאַנץ געננג פעטש, פּשוטע יידישע און יידישלעכע פעטש, און אין די גאָר האַרבע פאַלן — א לייכטער, איינגעוויקלט אָבער אין א טלית. און אַזוי ווי אונדזער יידישע פּאָליטיק איז נאָך איצט אויך ניט ווייט אַוועק פון באָד און בשר־כשר מחלוקתן, אָדער אָט־די קליינשטעטלדיקע באַגריפן, אַפילו ווען מיר פאַרמעסטן זיך אויף גרויס־פּאָליטיק, האַלטן מיר נאָך אַלץ ביי פעטש — כאָטש סימנים פון "רענעסאַנס" זיינען שוין דאָ: רעכטע און לינקע שטעכן זיך שוין מיט מעסערס אויך . . .

* * * * *

נו, אָט־אַזוי קאָכט זיך ביי אונדז אויף דער גוישער גאַס מיט וואַלן, מיט קאַמפן פון פּאַרטייען פאַר דער הערשאַפט איבער א גרויסער מדינה

אין קאַן. און אויף דער יידישער גאַס — איז סאַמע ברען פֿונם וואַל־קאַמפּיין, האָט זיך צעקאָכט אַ שלאַכט איבער בשר־כשר פּראַגעס, איבער אַ סענט און אַ האַלבן סענט, איבער אַ ביצה שלא נולדה . . .

אַלץ הייסט געקאָכט: מען האָט געקאָנט מיינען, אַז אין קאַן שטייט אַ גוואַלדיקע סטאַווקע. יידן, וואָס געדענקען קוים דעם טעם פֿון בשר־כשר פֿון זייערע קינדער־יאָרן, האָבן זיך אַזוי געהיצט, גלייך ווי זיי וואָלט דער ענין אין לעבן געגאַנגען. דאָס האָט דאָס יידישע פֿאָלק אין וויניפּעג אַזוי אויסגעלעבט דעם איבערפֿלוס פֿון זיין ענערגיע . . . אָבער צו פּעטש איז עס פֿאָרט ניט דערגאַנגען: אפֿנים אַז טיף אין האַרצן האָט מען געפֿילט, אַז קיין פּעטש איז דאָס שוין אויך ניט ווערט!

יוני 27טן, 1930.

## צען מאָס רייד

ערשט ווען איך האָב געלייענט דעם ערשטן אַרטיקל פֿון מרס. גאָטליבם באַריכט פֿונם ציוניסטישן קאָנגרעס, אין דא״וו, האָב איך אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס דער קאָנגרעס האָט געבראַכט אַזעלכע אָרימע רעזולטאַטן און פֿאַרוואָס ער האָט זיך געענדיקט פּאַקטיש אין כאַאָס, ניט דורכפֿירנדיק אפֿילו קיין וואַלן, — דער סאַמע ”צימעס” פֿון יעדער קאָנפֿערענץ.

איך האָב פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס אַ. י. באָראַדיצקי, דער איינציקער דעלעגאַט פֿונם קאָנגרעס וועלכן איך האָב באַגעגנט באַלד נאָך זיין צוריקקער, האָט אויסגעזען אַזוי אויסגעצערט. ווי אַ מענטש מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן געוויסן, האָט ער קאָנטיק געוואָלט דערפֿילן זיין שליחות באמונה, און האָט אַריינגענומען דעם גאַנצן קאָנגרעס. און דאָס האָט געמיינט הערן, לויט מרס. גאָטליבם באַריכט, רעדעס און רעדעס, אַ ים מיט ריידעריי: רעדעס וואָס האָבן געדויערט לאַנגע שעהן, מיט אַ רעקאָרד פֿון אַמווייניקסטנס איין רעדע (פֿון בן־גוריון), וואָס האָט געדויערט גאַנצע זיבן שעה!

פֿרעגט ביי מיר בחרם, צו וואָס האָלט מען אַזוינע לאַנגע רעדעס, ווען דער עולם, אפֿשר מיט געציילטע אויסנאַמען, וויל ניט הערן, און מען גייט אַריין און אַרויס (מערסטנס אַרויס), אָדער מען זיצט און מען שרייבט פּריוואַטע בריוו (לויט דעם זעלבן באַריכט), און מען הערט דעם רעדנער ווי דעם קאָטער. אפֿשר איז עס געווען אַ פֿאַרשווערונג אַזאַ, אַ מין סאַבאָטאַזש, צו פֿאַרנודיען דעם עולם אַזוי, אַז ער זאָל זיך סוף־כל־סוף צעלויפֿן און איבערלאָזן די ציוניסטישע פֿירערשאַפֿט צו די סילוועריסטן . . .

גרויסע בריהם אויף יידן זיינען די רוסן. אין רוסלאַנד איז קיין נייעס ניט, אז א רעדנער זאָל אָפּריידן שעהן לאַנג אויף דער בינע.

אָבער די רוסן זיינען אויך גרויסע בריהם אויף הערן. זיי קאָנען איבערזיצן יעדער רעדנער. א פאָלק וואָס האָט געשמאַכט 300 יאָר אונטער טאַטערישן יאָך און נאָך 300 יאָר אונטערן צאַרישן, האָבן זיי אויסגעשמידט א שטאַרקן געדולד.

איך האָב אמאָל געליינט, ווי ביי א סעסיע פונם הויכן סאָוועט האָט סטאַלין געהאַלטן א רעדע וואָס האָט געדויערט אכט שעה, — און סטאַלין איז גראָד ניט קיין גלענצנדער רעדנער. און איך פאַרשטייט דאָך גאַנץ גוט, אז דאָרט האָט דער עולם ניט געקאָנט ארויסגיין אינמיטן, כאַפּן א שמועס אָדער א דרעמל, אָדער גאָר שרייבן א פּריוואַטן בריוו, — אַזא זאַך וואָלט שטאַרק געשאַדט צום געזונט אין מאָסקווער קלימאַט . . .

זיינען די רוסן א פאָלק מיט אַן אייזערנער געדולד. יידן אָבער פעלט געדולד, זיי זיינען אן "עמא פזיזא", אַן אומגעדולדיק פאָלק. הײנט וואָס האָבן זיך אויף אונדז אָנגעזעצט רעדנערס און שרייבערס מיט זייער גרעניצלאָזער פלאַפּלעריי? עס פעלן אונדז דען צרות אַן זיי?

* * * * *

בסך־הכל זיינען יידן היסטאָריש ניט קיין באַרעדעוודיק פאָלק. דער יידישער זשעני דריקט זיך גראָד אויס אין דער קלענסטער צאָל ווערטער, אין קאָמפּאַקטע, דינאַמישע זאַצן.

נעמט אַזא זאַך, ווי באַשאַפן א וועלט, — א מאָדערנער שרייבער וואָלט אויף דער טעמע אָנגעשריבן גאַנצע ביכער. אונדזער חומש ספּראַוועט זיך מיט דעם גאַנצן ענין אין א קורצן זאַץ פון פינף ווערטער און צוויי בינד־ווערטער: "בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ", — און פאַרטיק א וועלט!

אַלע פינף חומשים האָבן אין זיך ווייניקער ווערטער, ווי א זונטיק אויסגאַבע פון ניו־יאָרקער "טיימס". און דאָך זיינען זיי געוואָרן דאָס בוך פון אַלע ביכער און דער גייסטיקער וועג־ווייזער פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן פאַר טויזנטער יאָרן.

יידן האָבן באַצויגן זיך מיט ביטול צו פּלוידעריי. זיי האָבן געשאַפן דאָס ווערטל: "צען מאָס רייד זיינען געגעבן געוואָרן דער וועלט, — ניין מאָס האָבן גענומען די פרויען, און די צענטע איז פאַרבליבן פאַר דער גאַנצער וועלט". די פרויען האָבן דערנאָך אויסגעטייטשט דאָס גלייכווערטל אויף זייער אייגענעם אופן: "די פרויען האָבן ניין מאָס רייד, און די מענער ריידן אַן א מאָס". איך בין אָפט געגייגט איינצושטימען מיט זיי.

פונוואנען האָט זיך די אַנשיקעניש גענומען אויף אונדז, ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז מען זוכט אונדז דערטרינקען אין אַ מבול פון רייד, אָבער יידן, געזונט זאָלן זיי זיין, לאָזן זיך ניט.

לעקטאָרן און שרייבערס ביי אונדז האָבן זיך ארייגעשלאָגן אין קאָפּ אַ געדאנק, אַז וואָס לענגער זיי ריידן אָדער שרייבן, אַלץ מער וועלן זיי זאָגן און אַלץ מער וועט דער עולם אָפּשאצן זיי.

דער אמת איז פונקט פאַרקערט. איך געדענק אַ סך לעקציעס גראָד פון אויסגעצייכנטע רעדנערס, וואָס האָבן וואָגיקס וואָס צו זאָגן. אַ שעה־אנדערהאַלבן הערט מען אויפמערקזאם, אָבער דערנאָך הויבט מען אָן דער־שטיקט ווערן פונם וואָג פון די שיינע ווערטער און, אויב מען כאַפּט ניט אַ דרעמל, קוקט מען אומגעדולדיק אויפן זייגער און אויף דער טיר, — און אַ צווייטן מאָל קומט מען בכלל ניט, און די צאָל פון די וואָס גייען הערן יידישע לעקציעס ווערט אַלץ קלענער.

מען קאָן ניט אויסדריקן אַלץ אין אַ שעהדיקער רעדע, אָדער אין אַ קורצן, צוויי קאָלומדיקן ארטיקל. אָבער די וואָס קאָנען זאָגן אַלץ וועגן אַן ענין אין 2־3 שעה אָדער אין 3־4 קאָלומס האָבן בכלל ניט וואָס צו זאָגן אפילו פאַר אַ האַלבער שעה און פאַר איין קאָלום.

גוואַלד, יידן, הערט אויף ריידן אַזויפיל! ובזכות זה, ובא לציון גואל, אא״ו.

פעברואַר 14טן, 1947.

# וועגן לאמעד־וואָוניקעס

אז איר הויבט אָן מוסרן די אַמעריקאנער יידן, למאי זיי לעבן ניט קיין יידישן לעבן, וועלן זיי ביי אייך גלייך פרעגן: ווי טוט מען דאָס? און זיי דערוואַרטן דערביי איר זאָלט ניט קריכן אויף די גלאַטע ווענט און וואָס ווייניקער פאַנטאַזירן, נאָר ריידן "ביזנעס", פאָרשלאָגן זאכן, וואָס לאָזן זיך דורכפירן

אמאָל, אז א מגיד פלעגט קומען שטראָפן יידן, הייסט עס, האָט מען גאַנץ קאָנקרעט געוווּסט וואָס ער פאַרלאַנגט. — מען זאָל ניט אי־בערהיפּן אין דאַווענען, חלילה; מען זאָל זאָגן א סך תהילים; מען זאָל ניט קוקן אויף פרעמדע נשים, רחמנא לצלן; מען זאָל טיילן צדקה, און מען זאָל אויפהאַלטן בכבוד די לומדי תורה (און די מגידים). אויב איר ווילט, האָט דאָס מגידות אין ברייטערן פּערספּעקטיוו, אויך געהאַט א סך טיפערע צילן. עס האָט געזוכט צו באַפעסטיקן דאָס יידישע לעבן פון אינוועניק.

אָבער דאָן האָט מען געקאָנט צוטרעטן צו דעם דאָזיקן ענין גאַנץ קאָנקרעט. מען האָט געוווּסט ווי אזוי מען קאָן זיין א גוטער ייד. און אז ס'איז געווען עפּעס א ספק, האָט מען געקאָנט אריינקוקן אין א ספר, און אויב מען איז ניט געווען באַהאַוונט אין די שוואַרצע פּינטעלעך, האָט מען געקאָנט פרעגן ביי אַן אויטאָריטעט — ביים רב, ביים למדן, ביים מגיד. היינט, און דאָ, איז אפילו אינם רעליגיעזן לעבן מער ניטאָ די אויטאָריטעט און די זיכערקייט, נאָר געוויסע פאָרמען פון צופּאַסונג. אין דער "וועלטלעכער" יידישקייט ווייס מען גאָר ניט פונוואַנען אָנצוכאַפּן זיך.

* * * * *

און אז איר הויבט אָן אויסרעכענען די שוואַכקייטן פונם אַמערי־קאַנער יידישן ישוב (ווי דאָס טוט א. גאָלאָמב אין זיין בראָשור, וועלכע מיר האָבן דאָ שוין דערמאָנט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט), ווערן אייניקע יידן בכלל ברוגז, מחמת ס'איז א רחמנות אויף יידן. אָבער די וואָס ווערן ניט ברוגז גיבן אייך צו, אז ס'איז אַלץ טאַקע אמת, צום באַדויערן (אָדער טיילווייז אמת), — אָבער וואָס זאָל מען טאָן?

מיינט איר אפשר "השיבנו נאזאד" — צוריק אין שול אריין? דאָס וואָלט געווען עפּעס קאָנקרעטעס. אָבער איר מיינט עס דאָך ניט. אין שול קאָנען געפינען א מקום מנוחה נאָר גלויביקע (און זיי וואַרטן ניט ביז איר

וועט זיי שיקן), און זיי האָבן אויך אין אמעריקע זייערע פּראָבלעמען פון צופּאסונג. און צוריק "אין געטאָ", אויב אפילו איר מיינט עס, איז עס שוין גאָר ניט קיין קאָנקרעטער ענין. קיינער ווייס אייגנטלעך ניט גענוי, ווו זיינען עס די גרעניצן פון געטאָ, אזוי לאנג ווי זי איז ניט ארומגערינגלט מיט פיר ווענט. ס'איז דאָך א סברא (און איך גלויב אין איר), אז מיר האָבן דאָ במילא אונדזערע געטאָס, — טיילווייז פרייוויליקע געטאָס, אָבער ניט אינגאנצן פרייוויליקע.

עס וואָלט געווען א ווילדע פאנטאזיע צו דערווארטן, אז מיר זאָלן זיך ארומרינגלען אליין, מיטן פרייען ווילן, מיט הויכע ווענט . . .

* * * * *

באמת קאָן קיינער פון אונדז ניט אָנצייכענען קיין גענוי פּראָגראם פון יידישקייט. אזעלכע "פּראָגראמען" ווערן פון זיך אליין געשאפן אָדער זיי זיינען ניטאָ. די תרי"ג מצוות זיינען טאקע געגעבן געוואָרן, לויט דער טראדיציע, למשה מסיני. עס האָט אָבער גענומען א סך דורות ביז זיי האָבן דערגרייכט דעם ברייטן יידישן עולם. און דאָס איז געקומען ביס־לעכווייז, יעדער מצווה, אין איר צייט, ווען די אומשטענדן האָבן זי ארויס־גערופן אין לעבן. די דאָזיקע מצוות זיינען א רעזולטאט פון יידישן לעבן־שטייגער, און זיי זיינען ארויסגערופן געוואָרן פון די נויטן און פון די באדערפענישן פונם יידישן לעבן. האָבן זיך געענדערט די לעבנס אומ־שטענדן, האָבן זיך אויך געענדערט די מנהגים, און דערנאָך די דינים, וואָס שטאמען פון זיי.

ביי אונדז, אין די אמעריקעס, האָבן מיר נאָך קיין צייט ניט גע־האט צו שאפן א לעבן־שטייגער. חוץ דער יידישער קיך, וואָס האָט זיך דאָ טיילווייז צוגעפּאסט(אָפט אין דער פאָרם פון "כשר סטייל"), האָט זיך נים פיל געלאָזט איבערפלאנצן אהער פונם קליינעם שטעטל, אין דער אל־טער היים.

וועט זיך דאָ שאפן א יידישער לעבן־שטייגער, — וואָס איז א זאך פאר דורות, — וועלן שוין זיין מנהגים און "מצוות". מיר דארפן אָבער האָבן דעם ווילן צו שאפן אזא לעבן־שטייגער, און עס דארף זיין די אויפ־גאבע פון די גייסטיקע פירערס פון אלע ריכטונגען צו דערמוטיקן אזא ווילן, אנהאלטנדיק דעם פאָדעם וואָס בינדט אונדז צו דער פארגאנגענער, איצטיקער און קומענדיקער געשיכטע פונם יידישן פאָלק.

* * * * *

א. גאָלאָמב דערמאָנט אונדז די "ל"ו צדיקים", וואָס זיינען, אין דער יידישער פאנטאזיע, דער יסוד פון דער וועלט. אָבער די "לאמעד־

וואָווניקעס" זיינען דאָך בעצם מענטשן פון פאָלק, נאָר מער אויסגעלייטערטע. זיי זיינען ניט געשטאַנען איבערן פאָלק, — זיי דאַוונען, זאָגן תהילים און טוען גוטע מעשים, ווי יעדער מענטש פון פאָלק, נאָר אין א גרעסערער מאָס.

אויב יידישקייט דאַרף זיך באַזירן אויף א מינדערהייט, קאָן עס ניט זיין אויף א מינדערהייט אָפּגעריסן פון היגן יידישן לעבן, מיט אַלע זיינע חסרונות און מעלות. "סנאָביזם", גאווה לגבי די פאָלקס־מאַסן דיסקוואַליפיצירט שוין פון זיין א לאַמעד־וואָווניק . . . יידישע גייסטיקע פירערס קאָנען דערפאַר ווירקן נאָר ווען זיי לאָזן זיך אליין באַווירקן, — ווען זיי רעכענען זיך מיטן לעבן פון פאָלק און פאַסן צו זייערע אידייען צו אָט דעם לעבן. והאחרון עיקר.

דעצעמבער 13טן, 1940.

## למה רגשו ?

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט געליטן שווערע קלעפּ אין משך פון די לעצטע פּאָר צענדליק יאָרן. גרויסע, פּיל־מיליאָניקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען אָפּגעווישט געוואָרן. אין נאָמען פון סאָצאַליזם זיינען באַגאַנגען געוואָרן און ווערן היינט באַגאַנגען די גרעסטע געמיינהייטן.

ביי אונדז, אין אַמעריקע, האָט זיך די סאָציאַליסטישע באַוועגונג כסדר געקייקלט באַרג־אַראָפּ. די אַמעריקאַנער געבוירענע קינדער האָבן ווייניקער אויפגענומען דעם סאָציאַליזם, וואָס דער אימיגראַנטישער דור האָט אהער געבראַכט, ווי די הי־געבוירענע יידישע קינדער האָבן אויפגענומען יידיש פאַר א שפּראַך. א סך געוועזענע סאָציאַליסטן האָבן טאַקע א מאָך געטאָן מיטן האַנט אויף זייערע אַמאָליקע "נאַרישקייטן". זיי זיינען געוואָרן "פּראַקטישע מענטשן", אויסלייזיקנדיק זיך בכלל פון וועלכן עס איז אידעאַל. אָבער סאָציאַליסטן זיינען נאָך געבליבן. און פון זיי האָב איך קיינמאָל ניט געהערט, אז זיי זאָלן זיך באַקלאָגן אויף "באַנקראָט פון סאָציאַליזם". זיי גלויבן אינם אמת פונם סאָציאַליזם, און אין דעם, אז דער אמת וועט סוף־כל־סוף זיגן, ניט געקוקט אויף טעותן און שרעקלעכע דורכפאַלן.

* * * * *

איך געדענק, דאַכט זיך נאָך אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה, האָט דר. זשיטלאָווסקי פאַרעפנטלעכט אין דער פּרעסע אן אַרטיקל מיטן נאָמען "דער דריטער חורבן". אויף וויפל איך געדענק, האָט ער געשילדערט דעם אונטערגאַנג פון די נייע יידישע ישובים אין ארץ־ישראל,

וואָס האָט געדאַרפט באַצייכענען דעם באַנקראָט פונם ציוניזם. דער ציוניזם האָט דערנאָך א סך מאָל "באַנקראָטירט". ער איז אוועקגעשטעלט געוואָרן איין מאָל נאָכן אנדערן פאַר א בלינדער וואַנט. ווי ס'איז איצט די מעשה מיט ענגלאַנד, "האָבן אַלע געוווּסט, אַז זיי זיינען געשלאָגן" חוץ די ציוניסטן אַליין, וואָס זיינען געווען טויב און בלינד צו זייער "באַנקראָט". . . זיי האָבן געבראָכן זיך דורך די בלינדע ווענט, און דורך די קריזיסן און באַנקראָטן געשאַפן דעם וווּנדערבאַרן בנין, וואָס האָט שוין אַריינגענומען א האַלבן מיליאָן יידן און געעפנט דעם וועג פאַר נאָך הונדערטער טויזנטער, אפשר מיליאָנען. אפילו די מלחמה, וואָס האָט געדראָעט מיט א "פערטן חורבן" האָט אויף א מאָמענט ניט אָפּגעשטעלט די אַרבעט.

די ציוניסטן האָבן געגלויבט אין דער וויכטיקייט פון זייער אַרבעט און אין איר היסטאָרישער נויטווענדיקייט. זיי האָבן זיך דערפאַר ניט איבערגעשראָקן פאַר שטרויכלונגען און דורכפאַלן. זיי האָבן בלויז אויסגענוצט יעדער מעגלעכקייט פאַרצוזעצן זייער אַרבעט, — און זאָלן די דערגרייכונגען אַליין דורכשלאָגן די "בלינדע ווענט".

* * * * *

אין נאָמען פון יידיש זיינען ניט באַגאַנגען געוואָרן קיין געמיינהייטן און קיין גרוילטאַטן. פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור זיינען ניט געמאָרדעט געוואָרן קיין מענטשן. יידיש האָט אין קיין הינזיכט ניט "באַנקראָטירט", ביי אונז אין אַמעריקע, און אין קאַנאַדע אוודאי ניט. פאַר די לעצטע צענדליקער יאָרן איז די חשיבות פון יידיש שטאַרק געשטיגן. מיר האָבן דאָ נאָך אַלץ א גרויסע פּרעסע אין יידיש און קיין אנדער פּרעסע פאַר יידן, פון וועלכער עס איז באַדייטונג, איז ניטאָ. איר טיראַזש איז אפשר אביסל קלענער ווי ס'איז געווען אין די יאָרן פון הויכן אויפשוווּנג (דערויף זיינען דאָ אויך אַלגעמיינע, ניט בלויז יידישע אורזאַכן), אָבער דערפאַר איז זי גוואַלדיק געוואַקסן אין וואָג, אין שפּראַך און אין אינהאַלט.

עס זיינען אויסגעוואַקסן א סך שולן אין יידיש, וואָס זיינען דאָך פריער ניט געווען. עס זיינען אויסגעבויט געוואָרן א סך סאָלידע יידישע קולטורעלע אינסטיטוציעס, ביז צום יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. די יידישע קולטור איז זיך גוואַלדיק צעוואַקסן. די יידישע שפּראַך האָט פאַרנומען א מער חשובן אָרט אינם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי ווען פריער.

* * * * *

טאָ וואָס האָבן זיך אַזוי צעיאָכמערט יידישע קולטור־טוערס און האָבן אָנגעהויבן אַזוי סטראַשען מיט אונטערגאַנג? למה רגשו?

אוואדע האָבן זיי זיך טאַקע באַגעגנט מיט ערנסטע שטרויכ־לונגען און געפאַלן. אָבער ווען זיי אַליין וואָלטן געהאַט אביסל גלויבן אין זייער זאך, וואָלטן זיי ניט געדאַרפט ווערן אזוי פאַרצווייפלט און אַפּהענגיק. צווישן די טוערס זיינען דאך דאָ אויך אזעלכע, וואָס גלויבן נאָך אַלץ אין סאָציאַליזם אָדער אין ציוניזם. פאַרוואָס־זשע לאָזן זיי דאָרטן ניט אראָפּ זייערע הענט?

ווען זיי וואָלטן באמת געגלויבט אויך אין דער וויכטיקייט פון יידיש, וואָלטן זיי געטאָן דאָס וואָס די ציוניסטן, ווען מיר זאָגן, האָבן תמיד געטאָן: זיי וואָלטן ניט אנערקענט קיין דורכפאַל. זיי וואָלטן פאַר־געזעצט די ארבעט וואָס זיי רעכענען פאַר וויכטיק, מיט דער זיכערקייט, אז זי וועט סוף־כל־סוף דורכברעכן די "בלינדע ווענט", אַנשטאָט צו וויינען תמיד אויפן "חורבן" און דערמיט פאַרשרייבן זיך פאַר באַנקראָט.

און די אויסזיכטן פאַר יידיש זיינען איצט ניט ערגער ווי די אויס־זיכטן אויף סאָציאַליזם אָדער ציוניזם, — די צוויי באַוועגונגען, וואָס מיר האָבן דערמאָנט, וועלכע גלויבן אין זיך.

# די איצטיקע אויפגאַבע פון יידישער דערציונג

ווען מיר, דער קאַנאַדער יידישער ישוב, האָבן בלויז איין טויזנט יוגנטלעכע חלוצים, וואָלטן זיי געקאָנט לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן אויפ־בוי פונם יידישן לעבן אויף נייע יסודות. זיי וואָלטן אויך געקאָנט מאַכן צו נאַראָנים די שוואַרצע נביאים, וואָס זאָגן פאָרויס דעם באַלדיקן אונ־טערגאַנג פון יידיש דאָ אין לאַנד, און די צעפאַלונג פונם יידישן קולטורעלן לעבן.

א טויזנט? פאַר אַן אָנהויב וואָלט געווען גענוג אפשר א הונדערט. דאָן, ווען דער אָנהויב ווערט געמאַכט, קאָן מען דערוואַרטן די פּיאָנערן אַרמיי זאָל שטייגן אין צאָל, און זיי זאָלן דערנאָך מיטשלעפּן אַנדערע טויזנטער, וואָס האָבן אין זיך ניט דעם פּיאָנערן־גייסט.

* * * * *

ארץ־ישראל איז ניט אויסגעבויט געוואָרן, — אויף וויפל ס'איז אויסגעבויט ביז איצט, — פון 500 טויזנט יידן. דער גרונטשטיין איז געלייגט געוואָרן פון געציילטע "משוגעים", וואָס האָבן ניט געוואָלט אָנ־נעמען געזעצן פון געשיכטע, געזעצן פון סטאַטיסטיק, געזעצן פון עקאָנאָ־מיע און אַלע אנדערע געזעצן, וואָס האָבן מאַטעמאַטיש־פּינקטלעך אויס־גערעכנט, אז ארץ־ישראל איז בכלל ניט קיין לאַנד, אז עס טויג ניט פאַר

יידישער אימיגראציע, אז עס קאָן ניט ארייננעמען קיין אימיגראנטן, ווייל ס'איז צו קליין, חרוב, פארפעסטעט אא"וו.

און עס זיינען אויך געווען אָט־די געציילטע "משוגעים", וואָס האָבן ניט געוואָלט וויסן פונם געזעץ, אז אַ שפּראך קאָן ניט אויפשטיין קיין תחית המתים. א דאנק זייער "משוגעת" און זייער עקשנות, איז די העברעישע שפּראך געוואָרן אן אומגאנג שפּראך און א הערשנדיקע שפּראך אינם לאנד.

נאָך זיי זיינען געגאנגען נאָך טויזנטער חלוצים, און אויף דעם יסוד געלייגט פון די חלוצים האָט זיך געבויט דער בנין פונם יידישן ישוב. דער פונדאמענט איז דאָך אַלעמאָל קלענער פונם בנין, און אָפט באמערקט אים אפילו קיינער ניט (אבן מאסו הבונים היתה לראש פנה).

* * * * *

מיר האָבן שוין א סך מאָל גערעדט וועגן די געפארן, וואָס רוקן זיך אויף אונדזער יידישן לעבן, אפילו דאָ אין לאנד. די מלחמה ברענגט נאָך נייע אויפטרייסלונגען אינם אלגעמיינעם לעבן בכלל, און אינם יידישן בפרט. מיר מוזן זיין גרייט פאר זיי. מיר מוזן אין פאָרויס אָנצייכענען פּלענער פאר דער אומפארמיידלעכער צייט, ווען גרויסע ענדערונגען וועלן קומען.

איינציקוויייז, ווען יעדערער זאָל זאָרגן זיך נאָר פאר זיך און זיינע קינדער, קאָנען מיר צעריבן ווערן. אפילו אין פרידלעכער, נאָרמאלער צייט, הענגט אָפּ דער וווילזיין פונם יחיד אָן דעם וווילזיין פונם כלל, — אין אזא אומנאָרמאלער צייט איז דער יחיד ווי אן איינציקער פארלאָרענער סאָלדאט אויפן שלאכטפעלד אינם פנים פונם שונאס טאנקען און עראָ־פּלאנען. מיר מוזן די אָנקומענדיקע שטורעמס באגעגענען אָרגאניזירטער־הייט, און מיט א טיפן געפיל פון אחריות פונם יחיד פארן כלל. און, אין דער ערשטער ליניע, דארפן מיר דערציען אונדזערע קינדער אינם חלוצישן־גייסט. דאָס דארף ביי היינטיקן טאָג זיין די הויפּט אויפגאבע פון די יידישע דערציונג אנשטאלטן. ס'איז ווייניק צו לערנען קינדער ריידן העברעיש אָדער יידיש צו "שרייבן א בריוו דער באָבען", צו "זאָגן א מפטיר", צו "האלטן א בר־מצווה ספּיטש", אָדער צו גדעונקען אזויפיל קאפּיטלעך יידישע געשיכטע.

זיי דארפן הויפּטזאכלעך דערצויגן ווערן אין דעם גייסט פון דער יידישער געשיכטע. זיי דארפן דורכגעדרונגען ווערן מיטן געפיל פון אחריות, און מיט גרייטקייט מקריב צו זיין פּערזענלעכע קאריערעס פארן ווידער־אויפבוי פונם יידישן לעבן אויף נייע יסודות.

אויב אונדז וועט געלינגען פון אלע טויזנטער קינדער אין קאנאדער יידישע דערציונג אנשטאלטן און יידישלעכע היימען צוגרייטן עטלעכע צענדליק חלוצים א יאר, וועט עס זיין א גרויסע דערגרייכונג. זיי וועלן אונטער די פארהעלטנסמעסיק גינסטיקע באדינגונגען ביי אונדז קאנען זייער פיל דערגרייכן.

סעפטעמבער 24טן, 1940.

## אויפן סדר־היום (לערער סעמינאר)

עס דארף זיין פאר אלעמען קלאר, אז אין קאנאדע איז ניטא קיין איין יידישע גרופע אדער ריכטונג, וואס זאל קאנען מיט די אייגענע כוחות שאפן א יידישן לערער־סעמינאר אין לאנד. מיר קאנען דא האבן אזא אינסטיטוציע נאר דורך א פאראייניקונג פון אלע אונדזערע ריכטונגען. די פראגע פון געלט איז דא ווייט ניט די וויכטיקסטע. ס׳איז א סך מער א פראגע פון תלמידים פאסיק און ווילִיק צו נעמען א קורס אין א יידישן לערער־סעמינאר, און פון הויך־קוואליפיצירטע לערערס פאר אזא אינסטיטוציע: דאס זיינען צוויי זאכן אין וועלכע אונדזער פארהעלטנסמעסיק קליינער קיבוץ איז ניט איבעריקס רייך, און מיט צעשפּילטערטע כוחות וועלן מיר ניט האבן גענוג פאר ביידע.

איז דער ענין פאר מיר זייער א פשוטער. אן אקאדעמישער אנשטאלט דארף בכלל ניט זיין קיין ״ריכטונג״ אנשטאלט. אט לערנען דאך יידישע סטודענטן אין קירכלעכע קאלעדזשעס, און זיי פילן דארט ניט קיין שום איינפלוס פון דער קירך, — פאר די קירכלעכע לימודים זיינען דא באזונדערע קענגשטאנדן, וועלכע סטודענטן קאנען נעמען אדער ניט נעמען, לויט זייער אויסוואל. אין א יידישן לערער־סעמיאר דארף אויך זיין א סיסטעם פון קענגשטאנדן, וואס זאלן צופרידן שטעלן אלע ריכטונגען. און עס וועלן זיין ווייניק קענגשטאנדן, וואס ניט אלע סטודענטן וועלן דארפן נעמען: יידיש און העברעיש מיט זייערע שאפונגען, און פעדאגאגישע לימודים, דארפן קענען אלע די, וואס גרייטן זיך צו זיין יידישע לערערס, צי אין תלמוד תורה אדער אין א יידישער שול.

* * * * *

מיר האט דערפאר זייער געפרייט די רעזאלוציע אנגענומען ביי דער לעצטער ציוניסטישער קאנווענשאן אין מאנטרעאל, וואס פארפליכטעט די ציוניסטישע ארגאניזאציע מיטצוארבעטן מיטן קאנאדער יידישן קאנגרעס פאר דער גרינדונג פון א יידישן לערער־סעמינאר אין קאנאדע. דערמיט, גלויב איך, איז געמאכט געווארן א וויכטיקער שריט צו דער פאר־

ווירקלעכונג פון דעם דאָזיקן פּלאַן, מיט וועלכן א סך פון אונדז טראָגן זיך שוין לאנג ארום. און א לערער־סעמינאר ווערט פאר אונדז אלץ מער און מער א דרינגענדיקע נויטווענדיקייט. די וואָס זיינען פאראינטערע־סירט אין יידישער דערציונג, פילן דאָס זייער שטארק: עס וועט נעמען אפשר בלויז געציילטע יאָרן, און שולן און תלמוד תורהס וועלן זיך ביי אונדז פארמאכן צוליב מאנגל אין לערערס — אפילו אין ווייניק קוואַלי־פיצירטע לערערס.

מיר דארפן זיך ליידער מער נישט נארן מיט דער האָפענונג צו קריגן לערערס פון יענער זייט ים. איך האָב מורא, אז עס וועט נאָך דארפן נעמען יאָרן נאָך היטלערס מפּלה, ביז דאָס שארית הפּליטה פונם יידישן ישוב אין אייראָפּע וועט קאָנען פארזאָרגן זיך אליין מיט לערערס און גייסטיקע פירערס . . . און וואָס איז שייך די פאראייניקטע שטאטן, איז, ערשטנס, זייער מאנגל אין לערערס נישט קלענער פון אונדזערן; און, צווייטנס, איז אונדזער לאגע אין דער הינזיכט זייער נישט קיין גינסטיקע, ווייל גיכער קאָן מען דערוואַרטן, אז אונדזערע פעיקערע יונגעלייט און מיידלעך זאָלן אי־בערוואנדערן אין די שטאטן, וווּ זיי האָבן א ברייטערן פעלד און בעסערע באדינגונגען, ווי אז אמעריקאנער זאָלן קומען צו אונדז . . .

* * * * *

אָבער ווען איך רייד פון א לערער־סעמינאר האָב איך נישט אינזינען בלויז די דערציונג פון לערערס. מיר נויטיקן זיך בכלל אין יידישע אינ־טעליגענטן מיט יידישן וויסן, צו שטיין אין שפּיץ און אָנצוטרייבן אונדזער יידיש לעבן. עס אנטוויקלט זיך ביי אונדז מער אָרגאניזאציע אינם יידישן לעבן און עס פאָדערן זיך אלץ מער מענטשן אויף אָנפירן די אָרגאניזא־ציעס. דער קאָנגרעס, די ציוניסטישע אָרגאניזאציע, די וועלפער פאָנדן, און אפילו די דערציונג אינסטיטוציעס און די לאָקאלע אָרגאניזאציעס נויטיקן זיך אין פּראָפעסיאָנעלע טוערס און ס'איז זיי ביי היינטיקן טאָג זייער שווער צו קריגן. און אזעלכע טוערס דארפן האָבן יידישן וויסן. איך קאָנט נישט אוועקשטעלן אין דער שפּיץ פון א ציוניסטישער אָר־גאניזאציע, למשל, א מענטשן, וואָס האָט וועגן ציוניזם בלויז אַן "ענציק־לאָפּעדישן וויסן" (און דערמיט מיין איך פשוט איינעם, וואָס שעפּט זיין וויסן וועגן ציוניזם פון אַן ענציקלאָפּעדיע).

פּראָפעסיאָנעלע יידישע טוערס וואָלטן געדארפט וויסן אלץ וואָס א לערער דארף וויסן (חוץ אפשר אזעלכע ספּעציפישע ידיעות, ווי פּעדאַ־גאָגיק). זיי דארפן קענען יידיש און העברעיש, זיין באהאוונט אין יידישער ליטעראַטור און געשיכטע, זיין באקאנט מיט אלע יידישע באוועגונגען, אא"וו.

א פּראָמינענטער טאַראָנטער יידישער כלל־טוער, גיט מען מיר איבער, גלויבט ניט אין דער פּראַקטישקייט פון א יידישן לערער־סעמינאַר אין קאַנאַדע, ווייל קאַנאַדע קאָן ניט געבן קיין שטעלעס צו אַלע גראַדואַנטן פון אַזאַ אַנשטאַלט. דאָס פעלד אין קאַנאַדע פאַר יידישע אינטעליגענטן ווערט אַלץ ברייטער און ברייטער, און די צאָל קאַנדידאַטן פאַר אַזעלכע אין לידער זייער קליין. עס דאַרף גענומען יאָרן אויסצופילן די דרינגענדיקסטע פאָדערונגען פון אונדזערע דערציונג אַנשטאַלטן און אונדזער געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס פאַר קוואַליפיצירטע לערערס און טוערס. און די אָנפראַגע אויף אַזעלכע דאַרף מיט דער צייט ווערן גרעסער, און ניט קלע־נער. א סך פון די עלטערע גייען דאָך דערצו אוועק פון צייט צו צייט, און זיי דאַרפן פאַרביטן ווערן מיט נייע. א יידישער לערער־סעמינאַר דאַרף אוועקגעשטעלט ווערן ווי איינע פון די דרינגענדיקסטע פראַגעס אויפן סדר־היום פון קאַנאַדער יידישן קיבוץ!

פעברואַר 18טן, 1944.

# די ווײַן אין דער פלאַש

(אַן ענטפער צו אייניקע חברים וואָס האָבן "פאַרלאָרן דעם פאָדעם")

אַז מען שטעלט פאַר אייך אוועק א פלעשל ווײַן אויפן טיש, וואָלט עס פאַר אייך געווען נאַריש אָנצוהייבן פילאָזאָפירן וועגן דעם, וואָס ס'איז דאָ וויכטיקער: די ווײַן צי די פלאַש. איר געניסט פון די ווײַן, אָבער איר פאַרגעסט ניט צו זיין דאַנקבאַר דער פלאַש, ווייל אָן איר וואָלט איר קיין ווײַן ניט געהאַט, — מען וועט עס אייך דאָך ניט דערלאַנגען און אוועק־לייגן אויפן טיש, ווי עפּעס א האַרטע זאַך. לאָמיר זאָגן, אַז די ווײַן איז "אינהאַלט" און די פלאַש איז "פאָרם". אָבער אָט־דאָ האָט איר א ביי־שפּיל, ווי עס קאָן זיין קיין "אינהאַלט" אָן "פאָרם", אָן דעם לעצטן וועט דאָס ערשטע צעפלאָסן ווערן.

אָבער נאָך וויניקער קאָן מען דורכפירן א שטרענגע ליניע צווישן "אינהאַלט" און "פאָרם" אינם קולטורעלן לעבן. ווי איר זאָלט ניט זיין אַן אָנהענגער פון "אינהאַלט", קאָנט איר אָבער אָפט ניט געפינען די גרע־ניץ צווישן דעם און דער "פאָרם". אין אייניקע פאַלן איז גאָר פאָרם דאָ געמאַכט געוואָרן צו פאַרדעקן דעם אינהאַלט, און די פאָרם איז דער וויכ־טיקער פאַקטאָר. העפלעכקייט, למשל, איז איינער פון די וויכטיקסטע עלעמענטן אין באַציונגען צווישן ציוויליזירטע מענטשן, און איז איינע פון די וויכטיקסטע באַזעס פאַר געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן — און אָפט פאַרדעקט עס אַן "אינהאַלט" פון שלעכטע געפילן, וואָס רופן צו

קאמף און שטרייטיקייטן. ניט נאָר פאַרדעקט דאָ די פאָרם דעם אינהאַלט, נאָר זי באַזיגט אים — און צום גוטן.

* * * * *

אָדער נעמט אַזאַ זאַך ווי טראַדיציעס, מנהגים און צערעמאָניאַל, וואָס זיינען די וויכטיקסטע באַזעס אינם קולטורעלן לעבן פון אַ פאָלק. אָפט ווערט דאָ דער אינהאַלט פאַרלאָרן אינם נעפּל פון דער געשיכטע. אָפט איז אָט דער אינהאַלט אינגאַנצן פרעמד אָדער איז גאָר סותר דעם מאָדערנעם פאָלקס־גייסט, — די פאָרם איז דאָ די הויפּט־זאַך. לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל פון אונדזערע קריסטלעכע שכנים. קריסמעס איז ביי זיי דער פייערלעכסטער יום־טוב פונם יאָר, און ער איז אַרומגערינגלט מיט אַ סך שיינע צערעמאָניעס. ער ווערט געפייערט פון גלויביקע און ניט־גלויביקע, און איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר אפילו אינם עקאָנאָמישן לעבן פונם לאַנד.

איז דאָס אַ יום־טוב איבערגעבליבן פון די אַלטע געצנדינערישע צייטן, — אַלע ווייסן פון דעם. דער צערעמאָניאַל איז אין אַ סך הינזיכטן אַ געצנדינערישער. האָט מען אים איין אַריינגעגאָסן אַ קריסטלעכן אינהאַלט וואָס שפּילט אַ קליינע ראָל, — די הויפּט־ראָל שפּילט די פאָרם, און ניט דער אינהאַלט, וואָס איז פאַר גאָר אַ סך גאָר קיין אינהאַלט ניט.

* * * * *

אָבער נאָך מער איז דאָס אמת בנוגע שפּראַך און קולטור פון אַ פאָלק. שפּראַך איז ווייט צו זיין בלויז אַ פאָרם, נאָר ס'איז אויך דורכגעדרונגען מיט אינהאַלט. שפּראַך האָט ממש אַ נשמה, די נשמה פון אַ פאָלק, און דערפאַר פאַרלירן איבערזעצונגען פון גרויסע ליטעראַרישע ווערק אַ סך פון זייער אינהאַלט און פאַרפעלן אויפרעגן די נשמה פונם מענטשן ווי דער אָריגינאַל. עס דאַרף דערפאַר זיין די נאַטירלעכסטע זאַך פאַר אַ פאָלק איבערצוגעבן זיין גייסטיקע ירושה צו זיינע קינדער איז דער שפּראַך פונם פאָלק. אינם פאַל פונם יידישן פאָלק איז עס סיי יידיש און סיי העברעיש.

מען קאָן פּרובירן איבערגעבן דעם "אינהאַלט" פון דער יידישער קולטור אויך אין אַנדערע שפּראַכן, און אויך האַלט, אַז דאָס איז "בעסער ווי גאָרנישט". מען קאָן אפשר טרינקען וויין אויך אַן אַ פלאַש און אַן אַ גלאָז — פון די הויפּנס, וועלן מיר זאָגן. אָבער עס וועט זיך צעגיסן און צעפליסן, און עס וועט ניט האָבן דעם זעלבן טעם. אין די מאָדערנע צייטן האָט שפּראַך אַסימילאַציע געפירט אומפאַרמיידלעך צו פולשטענדיקער אַסימילאַציע און צו שמד. די גרויסע "יודאַיקאַ" ווערק פון די דייטשע יידן האָט זיי ניט געראַטעוועט פון אָט־דעם גורל, ערשט היטלער האָט זיי צוריקגעקערט צום יידנטום — פאַר אויסראָטונג.

אונדזערע זייער שוואַכע דערפאָלגן אויפן געביט פון פאַרהיטן די ייִדישע שפּראַך און איינפלאַנצן די העברעיִשע שפּראַך ביי אונדזערע קינדער, איז גאָר ניט קיין אַרגומענט פאַר אויפגעבן די אָנשטרענגונגען. פרומע ייִדן ווערן ניט נתפּעל פון דעם, וואָס "די וועלט ווערט צעלאָזן" און רעליגיע גייט אַט־אַט אונטער. זיי האַלטן זיך פעסט אין זייערע פּאָזיציעס, ווי שמאָל זיי זאָלן ניט ווערן, און פירן פון זיי אָן זייער קאַמף.

דערווייל זיינען די פּאָזיציעס פון די ייִדיש־ריידנדיקע און ייִדיש און העברעיש לערנענדיקע די הויפּט־פּאָזיציעס אין אונדזער ייִדיש־קולטורעלן לעבן. דער בעסטער באַווייז איז, אַז מיר האָבן דאָ ניט קיין פּרעסע וואָס זאָל פאַרדינען דעם נאָמען, חוץ דער ייִדישער. ווען אפילו אונדזערע פּאָזיציעס זאָלן ווייטער פאַרשמעלערט ווערן, קאָנען מיר נאָך אַלץ פאַרבלייבן דער וויכטיקער פאַקטאָר אינם ייִדיש־קולטורעלן לעבן, און אויסאיבן אַ שטאַרקע ווירקונג אויך אויף די ייִדן, וואָס שטייען שוין מחוץ דער ייִדישער און העברעיִשער קולטור־ספערע.

נאָוועמבער, 2טן, 1945.

## די ייִדישע שפּראַך

קיין ליטישער דאָקטאָר וועט ניט זאָגן זיין פּאַציענט: "גוטער ברודער, דיינע טעג זיינען אַלצאיינס געציילטע. פּטר־זשע ניט קיין מעדיצינען אומזיסט, — זאָג ווידוי און גרייט זיך צו באַגעגענען דעם מלאך־המות".

און אפילו ניט אַזוי: "מילא, דיינע טעג זיינען געציילטע, אָבער נאַ דיר אַ רעצעפּטל און מוטשע זיך אָפּ נאָך אַביסל".

דעם דאָקטאָרס אויפגאַבע איז צו האַלטן זיין פּאַציענט ביים לעבן אַזוי לאַנג ווי דאָס לאָזט זיך נאָר, און ער וועט אויסנוצן יעדער מיטל וואָס די מעדיציניִשע וויסנשאַפט גיט אים צו האַלטן אים ביים לעבן כאָטש נאָך אַ טאָג, נאָך אַ שעה.

און איינער פון די מיטלען איז — אָנהאַלטן דעם מוט פונם חולה און מאַכן אים גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות.

בפרט ווען יעדער ליטישער דאָקטאָר ווייס טאַקע, אַז מיט דער הילף פון מוט און גלויבן אין די אייגענע כוחות, פּאַסירט עס, אַז האָפענונגסלאָזע קראַנקע זאָלן באַזיגן דעם טויט און ווערן געזונט.

און וואָס וואָלט איר געזאָגט, למשל, ווען אַ "גוטער פריינד" האָלט איין איינריידן דעם פּאַציענט, אַז ער איז אַ חולה מסוכן, און ס'איז

אומזיסט זיין מוטשען זיך? אויב איר זייט דעם חולה אַז אמתער פריינד, אַז פרעמד־צייכנס, וואָלט איר אים, דאכט זיך, משלח געווען ווי פעפער וואקסט.

* * * * *

איך בין זיכער אַז יידיש, און יידן, און פעלקער, און וועלטן, וועלן פריער אָדער שפּעטער אונטערגיין. אפילו פון מיר אליין, וואָס "כל העולם לא נברא אלא בשבילי", וועט קיין זכר ניט בלייבן.

אָבער איך וויים, אַז מיינע פריינט וועלן מיר ניט דערמאָנען אויף טריט און שריט דעם אומפאַרמיידלעכן סוף, צו פארסמען מיר דאָס לעבן און צו באַרויבן מיך פון מיין לעבנס־קראַפט כל־זמן איך לעב נאָך.

איך הויב ניט אָן צו וויסן, ווי לאַנג נאָך וועט די יידישע שפּראַך עקזיסטירן, און צי זי וועט אונטערגיין אין א דור ארום צי אין הונדערט דורות ארום. איך וויים אָבער, אַז די וואָס שווערן זיך אין ליבשאַפט צו דער יידישער שפּראַך און האַלטן גלייכצייטיק אין איין ריידן וועגן איר אומפאַרמיידלעכן אונטערגאַנג (במהרה בימינו), — די זיינען ניט קיין גוטע פריינט פון דער יידישער שפּראַך.

ווייל די אונטערגאַנג נביאות מוז פירן צו איין ציל, צי מען איז עס מכוון, צי ניט: אָפּצושוואַכן די ווידערשטאַנד־קראַפט פון דער יידישער שפּראַך און פאַרשנעלערן איר אונטערגאַנג.

און דאָס איז ריכטיק סיי בנוגע די וואָס זאָגן פאָרויס דעם אונטער־גאַנג פון יידיש מיט שאָדנפרייד, און סיי בנוגע די וואָס זאָגן עס פאָרויס מיט כלומרשטדיקן באַדויערן.

* * * * *

אוואַדע וואָלט איך געוואָלט אַז יידיש זאָל וואַקסן און בליען, און לעבן און אנטוויקלען זיך פאַר דורות און דורות. אָבער מעג איך אפילו זיכער זיין אַז יידיש וועט אונטערגיין אָט אין א דור ארום, וואָלט איך וועגן דעם וואָס ווייניקער גערעדט. איך האָב ליב יידיש, און איך פיל, אַז דאָס איז די שפּראַך פון מיין נשמה. און דאָס איז גענוג אַז איך זאָל קעמפן פאַר איר אויפהאַלט און איר חשיבות כל־זמן איך לעב.

איך פיל אָבער אויך, אַז ווו ס'איז דאָ יידיש, איז דאָ א יידיש לעבן, יידישע שאַפונג כוחות; א יידיש פאָלק וואָס איז מיר אויך נאָענט און טייער. און דאָרטן ווו ס'איז ניטאָ קיין יידיש, שמעקט מיט א יידישן בית־הקברות. עס פאַרלירט זיך די יידישקייט, און דערמיט אָפּט אויך די מענטש־לעכקייט: ווייל א ייד קאָן זיך אויסלעבן מענטשלעך נאָר ווי א ייד.

איך וויל, אז יידיש זאָל האָבן א קיום, אָבער מיך אינטערעסירט יידיש הויפּטזאכלעך ווי א לעבעדיקער כוח ביי היינטיקן טאָג. איך בין ניט אזוי פאראינטערעסירט אין דעם, וואָס פון יידיש וועט ווערן אין א דור אָדער אין צוויי ארום. אויב דער גורל פון יידיש איז אונטערצוגיין אויף א נאטירלעכן אופן, וועל איך אָננעמען דעם גזר־דין. אויב דאָס גאנצע יידישע פאָלק וועט מיט דער צייט אויסלעבן זיינע יאָרן און וועט אראָפּ פון דער וועלט־סצענע, איז עס א פּסק פון דער געשיכטע.

איך גלויב אָבער אין די כוחות פונם יידישן פאָלק, — די געשיכטע האָט מיך געלערנט צו גלויבן אין זיי. וועט דער נאטירלעכער וועג זיינער זיין צו אויפלייזונג אין דורות ארום, וועלן מיר מוזן מאכן שלום מיטן גאנג פון דער געשיכטע. אָבער דאָס באפרייט אונדז ניט פון קאמף קעגן אן אומנאטירלעכן, גוואלדזאמען אונטערגאנג, קעגן פריצייטיקן טויט: פונקט ווי אין אונדזער פּערזענלעכן לעבן באשיצן מיר זיך פון עקסידענטן, כאָטש מיר ווייסן, אז מיר וועלן לעבן נאָר נאָך א באשרענקטע צאָל יאָרן.

דאָס דאַרף זיין אויך אונדזער באציונג צו דער יידישער שפּראך. כל־זמן זי לעבט, דאַרפן מיר באמיען זיך צו מאכן איר לעבן חשובער און געזינטער, און טאָן אלץ וואָס מיר קאָנען צו פארלענגערן איר לעבן.

מאי 29טן, 1939.

## די "צוויי שבטים"

דעם ערשטן סורפּריז פון דעם סאָרט האָב איך געהאט מיט איינקע יאָרן צוריק, ווען כ'האָב אָנגעהויבן קריגן מאטעריאַל אין יידיש פון דער צענטראַלע פונם בני־ברית אָרדן. דאָס איז געווען א גרויסע איבערראַשונג, ווייל איך געדענק נאָך גוט די צייט ווען יידיש איז געווען כמעט ווי א פארבאָטענע שפּראך ביי די בני ברית.

דעם צווייטן און נאָך גרעסערן סורפּריז האָב איך לעצטנס געהאט, ווען איך האָט דאָ אנומלט געקראָגן א פּאַק מיט מאטעריאַל אין יידיש פון — דער "יוניאָן אָף אמעריקען היברו קאָנגרעגיישאָנס" די רעפאָרמירטע "יהודים", הייסט עס. דער מאטעריאַל איז באגלייט מיט א בריוו פון הערש ראָזנפעלד (קאָנטיק א "פּאבליק ריליישאָנס" מאן פון דער "יוניאָן"), וואָס דערקלערט, צווישן אנדערש:

"גלייך נאָך דער קאָנווענשאָן (פון דער דאָזיקער אָרגאניזאציע, אָפּגעהאלטן אין ניו־יאָרק די ערשטע וואָך אין אפּריל), ביי וועלכער עס

זיינען דערוויילט געוואָרן אדאָלף ראָזנבערג פון סינסינאַטי, אלס פּרעזי־דענט פון דער "יוניאָן", און ראַבּיי מאָריס אייזנדראַט, אלס עקזעקוטיוו־דירעקטאָר, האָט די "יוניאָן" אָפּגעהאַלטן אין ניו־יאָרק א קאָנפערענץ מיט יידישע צייטונגסלייט. ביי דער קאָנפערענץ איז ארויסגעבראַכט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער "יוניאָן" א פאַרלאַנג צו דערנעענטערן זיך צו די ברייטע יידישע מאסן פון אמעריקע און צו יידיש (אונדזער קורסיוו)"...

דער בריוו בעט וויטער אויסצונוצן דעם צוגעשיקטן מאַטעריאַל "ווי מיר געפינען עס פאַר נויטיק". — "דאָס לעבן פון דער גאנצער וועלט ענדערט זיך אונטער די איצטיקע מלחמה באַדינגונגען זייער שנעל, און עס וועט זיך נאָך טיפער ענדערן נאָך דער מלחמה. די דערנענטערונג צווישן דעם רעפאָרמירטן יידנטום און די ברייטע יידישע מאסן, דער יידי־שער פּרעסע און יידישער ליטעראַטור וועט זיכער באַווירקן דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין אמעריקע" — לויטעט וויטער דער בריוו.

* * * * *

אוואדע נויטיקן זיך ניט די יידישע מאסן, די יידישע פּרעסע און די יידישע ליטעראַטור אין א הסכמה פון די רעפאָרמירטע אידן. אָבער יעדער איינער פון אונדז מוז דאָך צוגעבן, אז וואָס־וואָס, אָבער א חוש פאַר דער פּראַקטישער ווירקלעכקייט פעלט זיכער ניט אונדזערע יאהודימשע ברידער. און אויב זיי געפינען פאַר נויטיק צו ווענדן זיך צו יידישע מאסן, און אין דער יידישער שפּראַך, איז עס זיכער א סימן, אז זיי האָבן אנטדעקט די כוחות פאַרבאָרגן אין די יידישע מאסן און אין זייער שפּראַך, — אנדערש וואָלטן זיי ניט געבראָכן א לאַנג־יאָריקע טראַדיציע און וואָלטן ניט געווענדעט זיך צו אונדז אין יידיש.

איז אפשר די אנערקענונג באמת וויכטיק פאַר פיל פון אונדז וואָס האָבן אליין שטילערהייט אנגעהויבן צווייפלען אין זייער כוח, אינם איינ־פלוס פון די יידיש־ריידנדיקע מאסן און אין די שעפערישע כוחות פון דער יידישער שפּראַך אינם אמעריקאַנער יידישן לעבן. גראַד ווען אייניקע פון אונדז אליין הויבט זיך אָן דאַכטן, אז אונדזערע כוחות גייען באַרג־אַראָפּ, זען זיך גאָר סימנים פון דערהויבונג, פון שטייגנדיקן איינפלוס.

* * * * *

צווישן אונדז און די "יאהודים" איז געלעגן א טיפער אָפּגרונט נאָך מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק. מיר זיינען געווען ווי צוויי באַ־זונדערע שבטים פון איין פאָלק, און צווישן אונדז איז תמיד אָנגעגאַנגען א "בירגער־קריג", — און א בירגער־קריג איז געווינלעך ביטערער ווי א קריג צווישן צוויי באַזונדערע פעלקער.

פאַרשיידענע פּאָליטישע ענדערונגען און עקאָנאָמישע איבערשיכ־טונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען פאַר די לעצטע פּאָר צענדליק יאָרן ביי אונדז, האָבן אויסגעגלייכט א בריק צווישן די "צוויי שבטים". און — לאָמיר ניט צופיל באַרימען זיך מיט אונדזער זיג: ניט נאָר האָבן די יאהור־דים געמאַכט וויכטיקע שריט צו דערנענטערן זיך צו אונדז, נאָר מיר האָבן פאַר דער צייט געמאַכט א היבשן שטיקל וועג אין זייער ריכטונג . . .

די ווענדונג פון דער "יוניאָן אָף היברו קאָנגרעגיישאָנס" צו די יידישע מאַסן, אין דער יידישער שפּראַך, איז אַזוי געווען א רעזולטאַט פון באַשטימטע אַנטוויקלונגען אין משך פון די לעצטע צענדליקער יאָרן, — און בשום אופן ניט קיין ספּאָנטאַנער איבערברוך אין דער פּאָליטיק פון דער "יוניאָן", פאַראורזאַכט פון דער מלחמה.

* * * * *

די ראַביים פון די רעפאָרם־קאָנגרעגיישאָנס אין אַמעריקע זיינען היינט ווייט ניט די אַסימילאַטאָרן וואָס זיי זיינען אַמאָל געווען (כאָטש אַזעלכע זיינען נאָך איצט אויך פאַראַן). צווישן זיי זיינען דאָ א סך שטאָל־צע יידן, ציוניסטישע פירערס און יידישע געזעלשאַפטלעכע פירערס. א סך פון די יונגע ראַביים האָבן ספּעציעל געלערנט יידיש, כדי צו האָבן א קאָנטאַקט מיט די יידישע מאַסן, דער יידישער ליטעראַטור און דער יידי־שער פּרעסע אין יידיש, וואָס איז בכלל די איינציקע יידישע פּרעסע וואָס פאַרדינט דעם נאָמען.

עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין באַזונדער שכל אויסצושליסן א גאַנצע יידישע ריכטונג, וואָס איז אַזוי אָדער אַנדערש פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן, פונם כלל ישראל. און בפרט האָט עס קיין זינען ניט צו טאָן בנוגע די רעפאָרמירטע יידן איצט, ווען זיי זוכן צו דערנענטערן זיך צו אונדז, און ווען צווישן זיי זיינען דאָ באַזונדערס וויכטיקע כוחות, וואָס קאָנען פיל צוטראָגן צום יידישן לעבן.

אוואדע זיינען זיי אויסן צו באַאיינפלוסן אונדז, אָבער, אויב מיר אליין גלויבן אין אונדזערע כוחות, האָבן מיר דערפאַר ניט וואָס מורא צו האָבן: מיר קאָנען זיין זיכער, אַז מיר וועלן זיי קאָנען בעסער באַאיינפלוסן, — ווי מיר האָבן עס געטאָן אפילו ביז איצט, כאָטש מער פון דערווייטנס.

אפּריל 27טן, 1943.

## וואָס וועט זיין מיט יידיש ?

מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז היינט זיינען דאָ אין אַמעריקע מער יידיש רייִדנדיקע יידן, ווי עס זיינען געווען מיט 50 יאָר צוריק. עס וואָלט

אָבער געווען נאַריש צו מאַכן דערפון דעם אויספיר, אַז דאָס איז אַ סימן פון וווּקס פון יידיש.

עס זיינען דאָ היינט אַ סך מער יידן אין אַמעריקע, און במילא מער יידן וואָס ריידן יידיש. אין דער אמתן אָבער איז די פּראָפּאָרציע יידיש ריידנדיקע יידן פאַר דער צייט שטאַרק געפאַלן, און די צאָל ענגליש־ריידנדיקע האָט זיך פאַרפילפאַכט.

מיר האָבן ניט וואָס צו פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם און טרייסטן זיך מיט חלשות, — בכלל גערעדט זיינען די אַמעריקאַנער געבוירענע יידן ניט קיין יידיש־ריידנדיקע, און גאָר אַ סך פון זיי פאַרשטייען אפילו קיין יידיש ניט (ביי אונדז אין קאַנאַדע איז די לאַגע דערווייל נאָך אַ סך בעסער).

ס'איז אָבער דאָ איצט אויך אַ פאַרקערטע טענדענץ: עס ווערן אַלץ ווייניקער יידן וואָס ווילן ניט קענען קיין יידיש, און אַלץ מער אַזעלכע וואָס קענען קיין יידיש ניט און באַדויערן עס. עס ווערן אַלץ ווייניקער יידן מיט דער אימיגראַנטישער מענטאַליטעט, וואָס זעען אין יידיש אַ שטערונג צו זייער צופּאַסונג צום אַמעריקאַנער לעבן, — די נייע דורות זיינען געוווינט זיכער מיט זייער אַמעריקאַנישקייט (אָדער קאַנאַדישקייט) און האָבן ניט מורא יידיש זאָל זיי שטערן אין דעם.

* * * * *

מיט בלויז וואָסערע 30 יאָר צוריק זיינען געווען זייער זעלטן היגע געבוירענע יידישע קינדער, וואָס זאָלן קאָנען ריידן יידיש. היינט ווערן אַזעלכע אַלץ מער און מער, און עס אַנטוויקלט זיך שוין אפילו אַ גאַנץ וואָגיקע יידיש ריידנדיקע אינטעליגענץ.

עס זיינען שוין דאָ הי־געבוירענע (אָדער דערצויגענע) יידישע גע־לערנטע און רעדנערס, — אייניקע פון זיי וואָלטן געקאָנט פאַרנעמען אַ חשובן אָרט אינם יידיש־ריידנדיקן לעבן אפילו אין זשיטאָמיר־פּוילישן דור (לאָמיר דאָ דערמאָנען צוויי פון זיי, מיט וועלכע מיר, אין וויניפּעג, האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך, — פּראָפ. סאָל ליפּצין און דר. עזריאל נאַקס).

עס זיינען שוין דאָ היינט אַ סך הי־געבוירענע רבנים און ראַביים, וואָס שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָל אינם יידישן לעבן, און וואָס ריידן און לייענען יידיש. עס זיינען דאָ העכערע יידישע דערציונג אַנשטאַלטן, וואָס לאָזן אַרויס אַ יידיש־ריידנדיקע יידישע אינטעליגענץ (ייוואָ, לערער־סעמי־נאַר, און איצט אַ לערער־סעמינאַר אויך אין קאַנאַדע).

אין פּעריאָדישע און אין וויסנשאַפטלעכע יידישע זשורנאַלן קאָנט איר געפינען אַרטיקלען געשריבן אין יידיש פון הי־געבוירענע יידן, און עס ווערן שוין געמאַכט ערנסטע פאַרזוכן אַרויסצוגעבן אַ יוגנטלעכע צייט־שריפט אין יידיש, מיט אויסשליסלעך אַמעריקאַנער געבוירענע מיטאַר־בעטער.

* * * * *

דער טיראַזש פון יידישע צייטונגען איז זיכער שטאַרק געפאַלן זינט דעם בלי־פּעריאָד פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע מיט דריי צענדליק יאָרן צוריק. די קוואַליטעט פון די יידישע צייטונגען איז אָבער שטאַרק געשטיגן, און זיי האָבן נאָך היינט אויך איבער אַ האַלבן מיליאָן קויפערס, און אַ גרעסערע צאָל לייענער.

ניט אומזיסט האָט רבי סטיווען ווייז (ווי ס'איז געווען באַריכטעט אין דא"וו מיט אַ געוויסער צייט צוריק) אויפגעפאָדערט די גראַדויִרטע רעפאָרמירטע ראַביים צו לערנען יידיש. ער, וואָס האָט אַליין ניט געהאַט קיין באַגריף פון דער באַדייטונג פון דער שפּראַך ווען ער האָט אָנגעפאַנגען זיין געזעלשאַפטלעכע קאַריערע מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, האָט איצט דערשפּירט די קאָלאָסאַלע נאַציאָנאַלע באַדייטונג פון יידיש.

* * * * *

מיר וואָלטן געווען צו אָפּטימיסטיש צו מאַכן גלייך דעם אויספיר, אַז באַלד וועלן אַמעריקאַנער געבוירענע יידן אָנהויבן ריידן יידיש. דאָס וואָלט געווען אַ פאַלשער אויספיר.

מיר קאָנען אָבער יאָ זען, אַז די חשיבות פון דער יידישער שפּראַך איז שטאַרק געשטיגן אין די לעצטע צענדליקער יאָרן אויף דעם קאָנטי־נענט סיי צווישן יידיש רייִדנדיקע, און סיי צווישן ענגליש רייִדנדיקע יידן, און די לעצטע הויבן אָן אַלץ מער צו פילן, אַז זי פעלט זיי אויס פאַרן אויסדרוק פון ספּעציפיש יידישע עמאָציעס און יידישן לעבן־שטייגער.

די חשיבות פון יידיש איז אַגב גענוג שטאַרק, אַז זי זאָל ווערן אַ קעגנשטאַנד אין אַן אוניווערסיטעט (ניו־יאָרקער סיטי קאָלעדזש). און היינט וועלן זיין יידישע סטודענטן צו נעמען דעם קורס אין יידיש, וואָס מיט דריי צענדליק יאָר צוריק וואָלט ניט מעגלעך געווען.

קאָנען מיר דערפאַר מיט אַ היבשער מאָס פון זיכערקייט אָננעמען, אַז די יידישע שפּראַך האָט נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט איר גוואַלדיקע ראָל אינעם היגן יידישן לעבן, און זי וועט נאָך ניט פאַרענדיקט ווערן אין דער נאָענטער צוקונפט: און אַז די וואָס ריידן יידיש און די וואָס פאַרשטייען כאָטש די שפּראַך וועלן נאָך דאַרפן פאַרנעמען אַן אָנפירנדיקע פּאָזיציע אינעם יידישן לעבן.

# ציוניסטן, ציוניזם, אנטי־ציוניסטן, ציוניסטישע פּאָנען און אביסעלע פילאָזאָפיע

ציוניסטן, פּונקט ווי שניידערס, טיילן זיך אויף צוויי קאַטעגאָריעס: אויף אומגעדולדיקע און געדולדיקע.

און פּונקט ווי ביי שניידערס, האָט די ערשטע קאַטעגאָריע א גרויסן איבערוואָג איז צאָל לגבי דער לעצטער.

די אייל־ענדיקע ציוניסטן פּריטשמעליען דעם ציוניזם מיט זייער ראַשיקער ליידנשאַפט און דערשטיקן אים מיט זייערע אומגעדולדיקע אומאַרמונגען.

און דער ציוניזם, נעבעך, א שטומע באַשעפעניש, וואָס קאָן זיך ניט ווערן, בלייבט ליגן פאַרחלשט אונטער זייערע "צערטלעכע" הענט.

די מיושבדיקע ציוניסטן זיינען ניט "דוחה דעם קץ", טרייבן ניט אונטער די גאולה מיט בייטשן, און באַהאַנדלען דעם ציוניזם מיט פאָרזיכטיקייט און מיט אויסרעכענונג.

* * * * *

די ערשטע קאַטעגאָריע, אָדער די הידד ציוניסטן:—

קומט די באַלפור דעקלאַראַציע, וואַרט די ערשטע און גרעסטע קאַטעגאָריע מיט אומגעדולד עס זאָל דורכגיין א יאָר, כדי זי זאָל אויף אירע בריוו קאָנען שרייבן "שנה אחת לגאולה" (דאָס ערשטע יאָר נאָך דער אויסלייזונג).

גייט דורך א יאָר־צוויי און דער ווייסער אייזל איז דאָ און משיח איז נאָך אַלץ ניטאָ, ווערט זי מטושטש און גיט אויף אַלע האָפענונגען.

קומט סאַן־רעמאָ, און ווידער טרומייטערט זי און בלאָזט אויס פון די שופרות אַלע תקיעות גדולות, ניט לאָזנדיק קיין איינציקע אויף שפּעטער. לויפט דערוויל די צייט און קיין צען מיליאָן יידן זיינען נאָך אַלץ ניטאָ איז ארץ־ישראל, איז זי שוין ווידער אַפּהענטיק.

דערעפנט מען א העברעישן אוניווערסיטעט איז ווידער—"הידד!"

באשטימט מען דערנאָך פלומערן פאַר א היי־קאָמישאָנער, איז — אוי ואבוי!

רייסט אראָפּ א פּאָליציאַנט א ציוניסטישע פאָן אין ירושלים, — גייט די וועלט אונטער.

* * * * *

די צווייטע קאַטעגאָריע, אָדער די שוויינגדיקע ציוניסטן (עס זיינען פאראן אזעלכע אויך, נאָר צוליבן טומל הערן מיר זיי ניט):—

בעת די ערשטע קאַטעגאָריע טרומייטערט און שרייט "הידד", אָדער זיפצט און רייסט קריעה, טוט די צווייטע מעשים און פּארווירקלעכט דעם ציוניזם אין לעבן.

אָן באלפור דעקלאַראַציעס. אָן סאַן־רעמאָ אָפּמאַכן. אָן העברעישע אוניווערסיטעט פייערונגען. אָן "הידד" דעמאָנסטראַציעס. אָפּטמאָל אפילו אָן שקלים און אָן פּארטיי קארטלעך.

— מיטן האַק, און מיטן רידל, און מיטן פּיקע.

— מיטן שווייס פונם פּנים און מיט די מוסקולן פון די הענט.

— בויענדיק יידישע קאָלאָניעס, יידישע אינדוסטריעס, יידישע וועגן, — יידישע, ווייל זיי ווערן געבויט מיט יידישע הענט.

זי גייט ניט אריין אין התלהבות פון דער באלפור דעקלאַראַציע, און ווערט ניט מרה שחורהדיק, ווען א פּאָליציסט רייסט אראָפּ די ציוניסטישע פאָן אין ירושלים. זי ווייס, אז קיינער וועט איר ניט דערלאַנגען ארץ־ישראל אויף א טעלערל.

זי ווייס, אז ענגלאנד האָט צוערשט אירע אייגענע אינטערעסן אין זינען, — דאָס איז דאָך די נאַטירלעכסטע זאַך. און זי ווייס, אז זי דאַרף האָבן די אידישע אינטערעסן צוערשט אין זינען, — זי דאַרף נעמען ארץ־ישראל, אויב זי וויל עס.

אויב איר ווילט, קאָנט איר צווייפלען, אויב איר וועט דאָס געלינגען. איר קאָנט אָבער זי ניט באשולדיקן אין ניט טאָן וואָס זי קאָן נאָר, דאָס צו דערגרייכן.

* * * * *

דער אנטי־ציוניסט איז אממייסטן א לאַנד־חכם, און ער רעדט מיט דעם נוסח פון "איי טאָלד יו סאָ", — ווי אלע חכמים פון מה נשתנה.

ווען דער ציוניסט יובלט פון א באלפור דעקלאַראַציע, איז פאַר דעם אנטי־ציוניסט א יום־כפור.

ווען עס פּאַסירט אָבער די פּאַן געשיכטע, האָט ער אַ נחמה פאַר זיין צער: שניידט ער אויס דאָס שטיקל נייעס פון די צייטונגען, שטעלט עס אריין אין אַ רעמל, הענגט עס אויף אויפן וואַנט, און קלייבט נחת דערפון כל־ימיו.

און ווען ער זעט צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל און טויזנטער איינוואַנדערער יעדער חודש, זאָגט ער, ווי יענער קליין־שטעטלדיקער ייד ביי שלום־עליכמען, וועלכער האָט צום ערשטן מאָל געזען ווי אַ באַן גייט, — טאַקע בפועל־ממש:

״ס׳וועט ניט אויסהאַלטן!״

יוני 12טן, 1925.

## ניטאָ קיין אָפּאָזיציע

״ניטאָ קיין מתים״ באַקלאָגט זיך אַ ייד אַ קברן ביי שלום עליכמען.

״ניטאָ קיין אָפּאָזיציע״ באַקלאָגן זיך די היגע ציוניסטן.

דער צד־השוה צווישן מתים און אַן אָפּאָזיציע איז, וואָס מתים ליגן אין דער אדמה, און אַן אָפּאָזיציע ליגט אויך ניין איילן אין דער ערד.

און נאָך איז איין זאַך זיינען זיי ענלעך: פּונקט ווי אַז עס זיינען ניטאָ קיין מתים איז עס זייער לעבעדיק, אַזוי איז עס זייער טויט, ווען עס איז ניטאָ קיין אָפּאָזיציע.

מירריידן עס אנטקעגן דער 21טער קאַנאַדער ציוניסטישער קאָנווענשאָן, וועלכע האָט געמוזט אַראָפּבריינגען אַ גרויסן אויסלענדישן דאָקטאָר, וועלכער זאָל אין איר אריינשפּריצן אַביסל אינסולין.

* * * * *

אַן אָפּאָזיציע איז טאַקע גאָרניט שבגאָרניט. אַן אָפּאָזיציע ווערט צעשמעטערט, פאַרלאַכט אויף טויט, נאָך איידער זי האָט צייט פאַנאַנדערצעוויקלען אירע פּאַנען. אָבער אַן אָפּאָזיציע גיט צו לעבן, גיט צו אינטערעס, און, הויפּטזאַכלעך, גיט אַ געלעגנהייט די קאָרעספּאָנדענטן און דער פּרעסע בכלל צו ״בומען״ אַ קאָנווענשאָן. טעלעגראַפירט דר. מאַרגאָשעס וועגן ימים־נוראימדיקע שטימונגען, און איר דערפילט זיך טאַקע ווי ערב אַ גרויסן יום הדין, ווען דער גורל פונם יידישן פאָלק ווערט פאַרשריבן און פאַרחתמעט.

שרייבט דר. קאַראַלניק לאַנגע אַרטיקלען, אָנפאַנגענדיק פון תרח׳ן,

פארלויפנדיק אָן א זייט צו דעם גריכישן פילאָזאָף עסידאפילוס, באריי־רנדיק פארבייגייענדיק דעם בינעזישן וויסנשאפטסמאן קו־קי־קו, און אויספירנדיק, אז אזוי ווי א טארבע פלעקער איז קיילעכדיק, אזוי גייט די וועלט, און די ציוניסטישע אָרגאניזאציע בתוכה, אויף א קרומען וועג.

האָט צביון געגוג מאטעריאל פאר זיינע "יידישע אינטערעסן" אויף אייניקע וואָכן נאָכאנאנד, און ער קאָן דערוויזן, אז אזוי ווי דער ציוניזם איז קיין אויסגעבלאָזענע איי ניט ווערט, איז די אָפּאָזיציע ניט ווערט אפילו ער זאָל אויף איר פארשווענדן זיין גרויסן זשורנאליסטישן טאלאנט.

האָט שכנא עפּשטיין א געלעגנהייט צו דערוויזן, אז די גאנצע מעשה מיט דער אָפּאָזיציע איז נאָר א שפּיל פון דער יידישער בורזשואזיע צו פארבלענדן די אויגן פון דעם יידישן פּראָלעטאריאט, צו פארשטארקן דעם בריטישן אימפּעריאליזם און צו שעדיקן דער אידישער קאָלאָניזאציע אין רוסלאנד. אָבער עס מאכט ניט אויס, — ער, שכנא, שטייט אויף דער וואך און אנטדעקט די געהיימע מאכינאציעס פון די ציוניסטן־אימפּעריאליסטן, און עס איז דערפאר ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך.

* * * * *

עס איז שלעכט און ביטער אָן אן אָפּאָזיציע. אָבער מיר פאר־צווייפלען דאָך ניט, און מיר פארלירן ניט דעם בטחון. מיר פארשטייען גאַנץ גוט, אז די דעלעגאטן ביי דער קאָנוועגשאָן וועלן מוזן גיין אויף די שפּיץ פינגער, כדי חלילה ניט אָנצוטרעטן אויף דער געוואקסטער פאדלאגע פונם ראַיאל אלעקסאנדרא האָטעל. מיר ווייסן, אז קיינער פון זיי וועט ניט טאָרן מעיז זיין ארויסצורײדן א הויך וואָרט, וואָס זאָל קאָנען אריינפירן אין צאָרן אונדזער אומפארגלייכלעכע, גרויסע פירער־שאפט, — ווייל ווער וויל דאָס בלייבן כצאן בלי רועה, ווי שאָף אָן א פאסטוך? . . .

און מיר ווייסן, אז טויזנטער גוישע אויגן וועלן דאַרטן קוקן אויף אונדז, און, אמווייניקסטנס פאר די גויים, דארפן מיר דערוויזן, אז מיר זיינען אָ פיין, איידל פאָלק, פול מיט פיינע מאניערן, ווי א מילגרוים מיט קערענדלאך. מיר ווייסן דאָס, אָבער מיר לייגן אונדזערע האָפענונגען אויף דעלעגאטן פון דער ווילדער וועסט, וואָס זיינען אזוי פארווילדעוועט געוואָרן, אז זיי ווייסן ניט פון קיין פון מאניערן.

א סך פון אָט די דעלעגאטן מוזן ברענגען צו זייערע "ווילער" רעזולטאטן. די ווילער מוזן דאָך ווייסן, אז זייער דעלעגאט, בוקי בן יגלי, האָט געהאלטן א "שפּיץ" ביי דער קאָנוועגשאָן!

וועט עס ניט זיין קיין אָפּאָזיציע, וועט עס כאָטש זיין קריטיק פון דער אדמיניסטראַציע!

וועט אויפשטיין אונדזער דערמאָנטער דעלעגאַט און וועט ריידן — וועגן עקאָנאָמיע. און ער וועט מסתמא ניט וועלן אָראָפּפּאַלן פאַר לייטן, וועט ער ריידן אין זיין מאַיעסטעטס תלינס ענגליש, און דער תמצית פון זיין צוויי שעהדיקן "שפּיץ" וועט מסתמא זיין, —

"היות ווי אין פּאַלעסטיין איז א קריזיס, און אונדזערע האלוצים לײַדן נויט, מוזן מיר דאָ פּרעקטיסן עקאָנאָמי:

"און היות ווי די סטענאָגראַפערין פונם צענטראַל אָפּיס קריגט זיבעצן דאָלאַר א וואָך, און ער איז אליין א ביזנעסמאַן און איז אין דער גיים, און ווייס אַז מען קאָן קריגן א סטענאָגראַפיסטין פאַר פופצן דאָלאַר א וואָך:

"און היות ווי מען מוז קאָטן עקספּענסעס, — לכן, מאַכט ער א מאָשל, אַז מען זאָל רעדיוסן די סאַלארי פון דער סטענאָגראַפערין אויף צוויי דאָלאַר א וואָך".

* * * * *

וועט עס ווערן פּריילעך אויף דער קאָנווענשאָן. וועט די פּירער־שאַפט דערוויזן ברוגזלאַך, אַז זי שנײַדט זיך די פינגער. און, אויב איר ווילט, איז נאָט אייך, און טוט בעסער.

וועט מען דעם מוטיקן קריטיקער פאַרהוקען, און די אדמיניס־טראַציע וועט געראַטעוועט ווערן פון דער דראָענדיקער געפאַר. און דערווייל וועט זיין אביסל קאַמף, אביסל היים בלוט. און די קאָנווענשאָן וועט אויך געראַטעוועט ווערן פון דער גרויסער סכנה פון צופיל שלום.

יולי 8טן, 1927.

## א שאָקירנדיקער ארגומענט

עס זיינען דאָ א סך ארגומענטן פאַר דעם, פאַרוואָס די ציוניסטן זאָלן דורכפירן זייערע קאַמפּיינען באַזונדער פון די וועלפער פאָנדן. ווי ס'איז דער שטייגער מיט ארגומענטן, זיינען אייניקע פון זיי שטאַרק, און אַנדערע שוואַך, — פונקט ווי עס זיינען דאָ שטאַרקע און שוואַכע ארגומענטן פון דער צווייטער זייט.

איך וויל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף די ארגומענטן. די פראגע איז שוין א היבש ביסל דיסקוטירט געוואָרן, און ביידע צדדים זיינען דערוויילע געבליבן ביי זייערע מיינונגען.

אגב קאָן דער ספסוד ביי אונדז אפשר איצט במילא אויסגלייכן זיך. נאָכדעם ווי איז די שטאַטן האָבן זיך די ציוניסטן צוריק פאַראייניקט מיט דער "דזשאָינט", פאר א געמיינשאפטלעכן קאמפּיין, וועלן אפשר אויך די קאנאדער ציוניסטן רעווידירן זייער איינשטעל אין דער פראגע.

אזא מעגלעכקייט איז באזונדערס דאָ, אויב ס'איז ריכטיק די אינפאָרמאציע וואָס מיר האָבן: אַז די פאראייניקונג אין די שטאַטן איז געקומען אונטערן דרוק פון דר. חיים ווייצמאַן. ער איז א גרויסער אָנהענגער פון די פאראייניקטע קאמפּיינען, און עס קאָן דאך זיין, אַז ער זאָל זיין דרוק אויסאיבן אויך אויף די קאנאדער ציוניסטן.

אויב ניט, און אויב די קאנאדער ציוניסטן וועלן פאַרט אָנפירן באזונדער זייער פאראייניקטן פּאלעסטינער אפּיל, וועלן מיר זיי ווינטשן דעם גרעסטן דערפאָלג און וועלן זיי מיטהעלפן מיט וואָס מיר וועלן קאָנען. די זאך איז צו וויכטיק, אז מיר זאָלן קאָנען דערלויבן א דורכפאל פונם קאמפּיין צוליב טאַקטישע פראגן.

* * * * *

איך וויל דאָ אָבער מאכן אַן אויסנאַם מיט איין ארגומענט וואָס איך האָב עטלעכע מאָל געהערט פון די ציוניסטן אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער פראגע. דער דאָזיקער ארגומענט שאָקירט מיך יעדער מאָל ווען איך הער אים, און איך גלויב אַז די ציוניסטן גראָבן אונטער זייערע אייגענע פּאָזיציעס דורך אים.

דער ארגומענט איז אזא: "מיר קאָנען ניט פאראייניקן אַן אפּיל פאר קאָנסטרוקטיווער ארבעט מיט די אַנדערע וועלפער פאָנד אַפּילן פאר 'טשאַריטי' צוועקן". דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אַלע אינסטיטוציעס וואָס די וועלפער פאָנדן האַלטן אויס זיינען "טשאַריטי". דאָס שליסט שוין איין די אידישע דערציונג אינסטיטוציעס, ווי אַלע אַנדערע אידישע הילף ארבעטן און געזעלשאפטלעכע טעטיקייטן, וואָס ווערן אַוועקגעשטעלט אויף א נידעריקערער מדרגה.

אגב איז "טשאַריטי" ניט דאָס וואָס "צדקה" אין יידיש. צדקה איז א חוב, און "טשאַריטי", וווילטעטיקייט, איז א רשות. אַז איינער וויל ניט זיין גוטהאַרציק, איז ער ניט מחויב צו געבן, און קיינער, אַפילו דער דעת־הקהל (געזעלשאפטלעכע מיינונג) קאָן אים ניט צווינגען.

א פיינעם פּנים וואָלטן מיר אלע געהאַט, איינשליסנדיק דעם ציוניזם, ווען מיר זאָלן אָננעמען אזא בליק אויפן גאַנצן אידישן לעבן.

* * * * *

די יידישע דערגרייכונגען אין ארץ ישראל, דערמעגלעכט א דאנק דעם ציוניזם, זיינען זיכער פון קאָלאָסאַלער היסטאָרישער באַדייטונג. אָבער אָט די אלע דערגרייכונגען וואָלטן ניט געווען מעגלעך, ווען עס וואָלט ניט געווען קיין אידיש לעבן אינם אזוי גערופענעם "גלות".

בלויז א דריט־חלק פון זייער געשיכטע האָבן יידן געוווינט אין ארץ־ישראל, און בלויז איין דריט־חלק דערפון זעלבסשטענדיק פּאָליטיש. יידישע פאָרגעזעצטע געשיכטע איז דערמעגלעכט געוואָרן גראָד א דאנק אָט דעם וואָס מען רופט איצט אָן מיט א טאָן פון ביטול "טשאַריטי", — א דאנק יידישן לעבן, יידישער קולטור, יידישער דערציונג, יידישן פליכטבאַוואוסטזיין און קעגנזייטיקער יידישער הילף אין דעם צייט פון צרות און דראָענדיקן אונטערגאנג.

אפילו דאָס וואָס יידן גיבן אויף א טעלער זופּ פאַר די הונגעריקע יידן אויף יענער זייט ים, איז ביי אונדז ניט קיין "טשאַריטי", ס'איז אויך "קאָנסטרוקטיווע" ארבעט. צו ראַטעווען מענטשן פון טויט איז ביי אונדז ניט קיין רשות, נאָר א חוב.

ציוניסטן מעגן און דאַרפן גלויבן אז ארץ־ישראל איז די איינציקע לייזונג פון דער יידישער פראַגע. זיי טאָרן אָבער ניט מיינען, אז ארץ־ישראל איז וויכטיקער ווי דאָס יידישע פאָלק, ווייל עס וואָלט דאָך געווען אַן אומזין צו מיינען, אז ארץ־ישראל קאָן ווערן א יידיש לאנד, ווען עס זאָל ניט זיין א געזונט יידיש לעבן אין דער ברייטער פעריפעריע, פון וואַנען די בויענדיקע כוחות זאָלן קומען.

אויב ארץ־ישראל איז דער קריג־פראָנט (ריידנדיק אויפן "מאָדערנעם" לשון), איז די דרויסנדיקע אידישע וועלט דער היימישער פראָנט. יעדערער ווייס היינט, אז דער לעצטער איז ניט ווייניקער וויכטיק ווי דער ערשטער.

פון דר. ווייצמאַן, אַן אמתער שטאַטסמאַן, ווערט איר קיינמאָל ניט הערן קיין ביטול באַציונג צו אלע יידישע אָנשטרענגונגען חוץ ארץ־ישראל. קיין אמתער ציוניסט מיט א ברייטן בליק קאָן אזא באַציונג ניט האָבן צום יידישן לעבן. זיי וועלן ניט באַצייכענען מיטן וואָרט "טשאַריטי" דעם גאַנצן קאַמף פונם יידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ דורך זיין לאַנגער געשיכטע, ביז היינטיקן טאָג.

איך אנערקען פולשטענדיק דעם יחוס פונם ציוניזם. אבער אָט דער יחוס שטאמט פונם יידישן פאָלק, מיט אלע זיינע מעלות און חסרו־נות. און אָט דאָס יידישע פאָלק איז עס דער קעגנשטאנד, פאר וועלכן דער ציוניזם איז געשאפן געוואָרן, און ניט פארקערט . . .

מארט דטן 1942.

## ארץ־ישראל און מיר

שליחים פון ארץ־ישראל, וואָס קומען אהער מיט באשטימטע מיסיעס, האָבן ניט אלעמאָל דעם געהעריקן טאקט. חוץ לויבן די אויפטועס אין ארץ־ישראל, צו וואָס זיי זיינען פולשטענדיק בארעכטיקט, פירן זיי אָפט פאראלעלן, צו דערוויזן אונדזער נישטיקייט, צו מוסרן אונדז, — וואָס זיי וואָלטן געמעגט איבערלאָזן צו אונדז אליין.

איך געדענק ווי א פראָמינענטע פארטרעטערין פון דער הסת־דרות האָט דאָ ביי א מאסן־פארזאמלונג געהאלטן אין איין באליידיקן די פיאָנערן פרויען וועמעס גאסט זי איז געווען, און וואָס האָבן געארבעט מיט רירנדיקער איבערגעבנהייט פאר דער זאך. אז אזא קלוגער ייד ווי זרובבל זאל טאָן דאָס זעלבע, וואָלט איך זיך ניט געריכט . . .

איך ווייס, אז יידן האָבן ליב מוסר, ווייל יעדער ייד נעמט עס געוויינלעך ניט אויף זיין חשבון. איך פיל זיך אָבער אפנים ניט בעסער פון אנדערע יידן, און איך נעם אָן די אטאקעס פון די חשובע געסט אויף מיין אייגענעם חשבון, — ווי זאָגט איר, "אויף א גנב ברענט דאָס היטל". . .

און דער ענין באליידיקט באזונדערס, ווייל אָט די אטאקעס פארענדיקן זיך געוויינלעך מיטן שאבלאָנעם "ובא לציון גואל", — דאָס הייסט, אז אויב איר ווילט אויסקויפן זיך פאר אייערע פארדאמטע, מיאוסע דאלערס . . . און איך דערמאָן זיך אויף דעם וואָס אמעריקע האָט אָט ערשט געזאָגט צו טשעכאָסלאָוואקיע: "אויב אונדזערע דאלערס זיינען אזעלכע שמוציקע, וועלן מיר אייך ניט פאראומרייניקן מיט זיי". . .

* * * * *

ס'איז ניט ריכטיק, אז אלע אידן וואָס פאָרן קיין ארץ־ישראל זיינען סאמע סולת, זעמלמעל. די איבערוועגנדיקע מערהייט פאָרט אהין פשוט דערפאר, ווייל זיי מוזן ערגעץ אנטלויפן, און זיי האָבן ניט קיין אנדער פלאץ וואוהין צו לויפן.

אין ארץ־ישראל קאָנען זיי ניט אבסאָרבירט ווערן אין דער "אראבישער עקאָנאָמיע", ווי מיר, וואָס קומען קיין אמעריקע. זיי זיינען געצוואונגען צו שאפן אן אייגענע עקאָנאָמיע, — און צו דעם איז נויטיק שווערע ארבעט, אידעאַליזם און מסירת־נפש, און א גרויסע מאָס קאָאָפּע־ראַציע. שאפנדיק אן אייגענעם אַזיס אינם אראבישן מדבר, ווייסן זיי, אז דער אַזיס קאָן פאַרטראָגן ווערן פון די זאמדן פונם מדבר, אויב זיי וועלן ניט האלטן אין איין פארשטארקן זייערע פּאָזיציעס. דאָס מוז פאַר־שארפן זייער נאציאָנאַלן באוואוסטזיין און פאראנטוואָרטלעכקייט צום קאמף פארן כסדרדיקן וווּקס פונם ישוב.

דאָ אָבער האָבן יידישע אימיגראנטן געהאט א גאנץ אנדער אויפגאבע, — די אויפגאבע אריינצופאסן זיך אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פון לאנד. אין אָט דעם פּראָצעס אריינצופאסן זיך, האָבן מיר אָפט איבערגעכאפּט די מאָס און שטארק געזינדיקט קעגן זיך און קעגן אונד־זערע קינדער, פאר וואָס מיר דארפן זיך אָפּגעבן כסדרדיקן חשבון הנפש.

אָבער שטעלן צו אונדז דאָ די פאָדערונגען מיר זאָלן זיך אויס־גלייכן אין דעם ענין פון יידישן באוואוסטזיין און גאנצן יידישן לעבן מיטן ישוב אין ארץ ישראל איז, מילד גערעדט, ארויסגעוואָרפענע ארבעט.

* * * * *

עס איז אָבער ניט ריכטיק, אז נאָר די יידן פון ארץ־ישראל זיינען גרייט אויפצונעמען אונדזערע נע־ונדניקעס פון אייראָפּע. מיר, קאנאדער יידן, דורכן יידישן קאָנגרעס, טוען אַלץ וואָס איז נאָר מעג־לעך צו באוועגן די רעגירונגען ארייננצולאָזן אהער יידישע פּליטים, און מיר טראכטן ניט פון אָפּשטעלן זיך צוליב די הוצאות איינצואָרדענען זיי. מיר זיינען געווען גרייט און מיר זיינען איצט גרייט אויפצונעמען דאָ א טויזנט יידישע קינדער פון אייראָפּע, כאָטש דאָס איז פארבונדן מיט מיליאָנען דאָלערס אויסגאבן צו ברענגען און צו דערציען זיי.

אמת איז, מיר פירן ניט קיין סטרייקס און קיין "אומלעגאלע עליה" צו דערגרייכן דעם ציל. עס וואָלט דאָך אָבער געווען דער גרעסטער אומזין צו דערוואַרטן פון די הונדערט און זיבעציק טויזנט אידן אין קאנאדע, פון א באפעלקערונג פון צוועלף מיליאָן, און אין א באזונדער ווירטשאפט, און אין א באזונדער נאציאָנאַל פּאָליטישן לעבן, צו באנוצן זיך מיט אזעלכע מעטאָדן צו דערגרייכן דעם ציל.

עס איז אויך ניט ריכטיק, אז די "דזשאָינט" האָט ניט געהאָלפן די יידן אין די מלחמה לענדער בעת דער מלחמה. זי האָט נאָך דער מלחמה אויסגעצאָלט מיליאָנען דאָלארס, געליען אין איר נאָמען אין די

מלחמה לענדער, און א סך פונם געלט וואס ארץ ישראל האט דאן באנוצט פאר הילף איז געווען פון דזשאינט.

אויך פאראשוטיסטן און אונטערערדישע יידישע קעמפערס זיינען געקומען ניט בלויז פון ארץ־ישראל, און אונדזערע קינדער דא האבן אויך בראוו געקעמפט און אוועקגעגעבן זייערע לעבנס, — כאטש זיי האבן עס, נאטירלעך, געטאן ווי בירגער פון די באטרעפנדיקע לענדער.

* * * * *

מיר זיינען אלע שטאלץ מיטן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. מיר האלטן אים אגב פאר א מוסטער פון דעם, וואס יידן קאנען דער־גרייכן ווען זיי האבן די געלעגנהייט צו בויען זייער לעבן אויף זייער אייגענעם שטייגער.

ארץ ישראל דארף ביי אונדז דערוועקן דעם חשק צו אט אזא יידישן לעבן, אין אן אייגענעם יידישן לאנד. מען קאן אבער ניט מאנען פון אונדז אט אזא יידיש לעבן אין די דאזיקע לענדער, וווּ מיר דארפן זיך צופאסן צו אומשטענדן איבער וועלכע מיר קאנען ניט האבן קיין קאנטראל.

אוודאי זיינען מיר ניט קיין צדיקים. מיר זינדיקן זייער שטארק, אבער אויסקויפן אונדזערע זינד קאנען מיר ניט נאר דורך געבן געלט פאר ארץ־ישראל, נאר הויפטזאכלעך דורך פאראידישן אונדזער אייגע־נעם לעבן.

פארגלייכן צווישן ארץ־ישראל און אונדזער אידישן לעבן דא פירן נאר צו אן אבסורד.

נאוועמבערטן, 1946.

## "אפעל" און "יפעל"

א קאלאניע אין ארץ־ישראל געגרינדעט פונם יידיש נאציאנאלן ארבעטער פארבאנד פון אמעריקע און קאנאדע, טראגט דעם נאמען "אפעל". דאס איז דער ראש־תיבות פון "איגוד פועלים עברים לאומים" — דאס העברעישע עקוויוואלענץ פון "יידיש נאציאנאלן ארבעטער פאר־באנד".

איך האב געהערט ווי א סך זאגן ארויס דעם נאמען "אפעל". דאס איז אבער א טעות. דער נאמען זאגט זיך ארויס אין העברעיש "עפאל". צופעליק מיינט עס אין העברעיש "איך וועל טאן".

דן פּינעס, גאַסט פון ארץ־ישראל ביי דער הסתדרות קאָנפערענץ ערשט אָפּגעהאַלטן דאָ, האָט אויסגענוצט אָט דעם נאָמען פון דער קאָ־לאָניע, אין וועלכער וויניפּעגער ביישטייערער צום געוועקשאַפטן קאַמ־פּיין האָבן אויך א חלק, ווי א סימבאָל פונם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, מיט דער הסתדרות בראש. זיי שיקן ניט אימעצן אנדערש צו טאָן זייערע פליכטן, און זיי קויפן זיך פון זיי ניט אוים מיט כפרה־געלט.

דער לאָזונג פונם ישוב איז "אפעל", (עפאל), — "איך וועל טאָן", "איך" וועל בויען קאָלאָניעס; "איך" וועל פארטיידיקן דעם ישוב! "איך" וועל ארויסגיין אינם ווילדן נגב און לייגן דאָרטן דעם גרונטשטיין פון נייע יידישע ישובים.

דער חלוץ אין ארץ ישראל וואַרט ניט אויף אימעצן אנדערש, ער זאָל דערפילן די אַדער יענע נאַציאָנאַלע פליכטן. אז עס קומט זיין ריי צו דערפילן א געוויסע פליכט, איז ער גרייט זי צו טאָן, וואָסערע פער־זענלעכע קרבנות ער זאָל פאר דעם ניט דארפן ברענגען.

* * * * *

דער שוואַכער פונקט פון אונדזער אמעריקאנער יידישן לעבן איז דאָס, וואָס אונדז פעלט זייער שטארק אָט דער "אפעל". מיר זיינען בעצם גוטע יידן, אָבער מיר זיינען שטארק געניוגט צו דינגען אימעצן אנדערש צו דערפילן אונדזערע יידישע פליכטן פאר אונדז, אמאָל פלעגן מיר האָבן "שבת גויים". מיר פלעגן זיי צאָלן פאר טאָן פאר אונדז זאכן, וואָס יידן אליין טאָרן ניט טאָן, — ווי, לעשן שבת די ליכט, הייצן דעם אויוון שבת, אָפּקויפן דעם חמץ אויף איבער פסח אא"וו.

היינט קאָנען מיר ברוך־השם טאָן אָט די אלע מלאכות אליין. מיר קאָנען אליין צונעמען די לייכטער אום שבת (אויב מיר האָבן זיי בכלל), הייצן דעם אויוון, אא"וו. מיר קאָנען אליין מחלל שבת זיין, אָבער ניט אָפּהיטן דעם שבת.

אנשטאָט דעם דינגען מיר "שבת יידן". מיר צאָלן יידן צו דאוו־נען פאר אונדז, אָפּצוהיטן מצוות, צו זאָגן קדיש פאר אונדזערע עלטערן און אָפּהיטן זייערע יאָרצייטן, צו לערנען תורה, כדי אויפצוהאַלטן די יידישקייט, צו שיקן זייערע קינדער אין תלמוד תורהס . . .

יע, און מיט אונדזער גאנצער ליבע צו ארץ ישראל, זיינען מיר יוצא פאר אָט דער ליבע מיט "דינגען" אנדערע יידן צו בויען ארץ־ישראל פאר אונדז. מיר זיינען גרייט צו געבן געלט פאר ארץ־ישראל, א סך געלט, אָבער ניט, חלילה, אונדזערע אייגענע קינדער.

אונדזערע אייגענע קאנאדער ציוניסטישע אָרגאניזאציע איז גאָר ניט באגייסטערט פאר דער הכשרה באוועגונג צווישן קאנאדער יידישע קינדער. זי האלט, אז קיין ארץ־ישראל דארפן גיין נאָר אזעלכע יידן, וואָס קאָנען עפּעס אנדערש ניט באהויפּטן, — "שבת יידן". . .

* * * * *

וואָס איר זאָלט ניט זאָגן וועגן אונדזערע אמעריקאנער און קאַנאדער יידן, אָבער מיר האָבן זיך ברייטהארציק אָפּגערופן אויף דער נויט פון אונדזערע ברידער מעבר לים. דער בודזשעט פונם קליינעם קאנאדער יידישן ישוב פאר הילף און פאר ארץ־ישראל אויפבוי פאר דעם לויפנדיקן יאָר דערגרייכט באלד איבער פיר מיליאָן דאלאר, — א ריזיקע סומע פאר א ישוב פון 170 טויזנט נפשות, וואָס איז ניט איבעריקס רייך מיט גרויסע נגידים און מנדבים.

א גאָר באדייטנדיקער טייל פון אָט דער סומע, ווי פון די הונדערט מיט דרייסיק מיליאָן דאלאר וואָס דער אמעריקאנער יידישער ישוב פארמעסט זיך צו שאפן אין משך פונם יאָר פאר די זעלבע צוועקן, וועט גיין פאר קולטורעלער און רעליגיעזער רעהאביליטאציע פון די לעבןגעבליבענע יידן אין אייראָפּע, און פאר קולטורעלער און רעליגיעזער ארבעט אין ארץ־ישראל. אפילו די גרעסטע אסימילאטאָרן ביי אונדז נעמען עס אָן פאר דער נאטירלעכסטער זאך, אז דאָס איז א וויכטיקער טייל פון דער הילף און אויפבוי ארבעט.

אָבער דאָ, ביי אונדז אליין, ווי שווער עס קומט אָן יעדער קלענסטער שריט פאר אונדזער אייגענער קולטורעלער רעהאביליטאציע! יעדער ארבעט אויף אָט דעם געביט ווערט געשטערט פון גלייכגילטיקייט, מאנגל פון טוערס און מאנגל פון מיטלען.

און מיר נויטיקן זיך דאָך אין דעם ניט ווייניקער ווי זיי, — אפשר נאָך מער. מיר אליין זיינען דאָך אין געפאר, אז באלד זאָלן ניט זיין ביי אונדז אפילו קיין בעלנים צו צאָלן פאר "שבת יידן".

* * * * *

ס'איז דער אונטערשייד פון "אפעל" (איך וועל טאָן) און "יפעל" (ער זאָל טאָן). אויב דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל ווערט סימבאָליזירט מיטן נאָמען "אפעל", האָב איך מורא, אז דו אונדזער ישוב קאָן זיך צופּאסן דער נאָמען "יפעל".

איך האלט ניט, אז דער ארץ־ישראלדיקער ישוב איז גאָלע סמעטענע, און מיר זיינען גאָלע זויערמילך. איך האלט אויך, אז א סך זאכן

וואָס ווערן איצט געטאָן אין ארץ־ישראל, וואָלט געוועזן א סך געזינטער פאַר דעם ישוב און פאַרן כלל ישראל, ווען זיי ווערן ניט געטאָן.

אָבער איך בין זיכער, אז א סך זאכן דארפן מיר זיך לערנען פונם ארץ־ישראלדיקן ישוב. און דאָס איז איינע פון אָט די זאכן: מיר מוזן זיך אָנהויבן לערנען אביסל מער "אפעל", מיר מוזן אָנהויבן זאָרגן זיך פאַר אונדזער יידישן קיום דאָ ניט מיט פּושקעס און נדבות, נאָר מיט אייגענע מעשים.

יאנואר דטן, 1947

# צוויי מאָל צוויי איז טאקע פיר — אָבער . . .

(א. ליטוואק)

"מיר האָבן דאָס שוין לאנג געהערט: צוויי מאָל צוויי איז פיר", — האָט מיר א פריינד געזאָגט בנוגע א. ליטוואקס לעקציע לעצטן זונטיק איבער "קאָלאָניזאציע אין פאלעסטינע און אין רוסלאנד". — "מיר ווייסן אָבער אויך, אז אין דער געשיכטע איז ניט אלעמאָל דער רעזולטאט אזוי מאטעמאטיש פינקטלאך", — האָט ער צוגעגעבן.

יאָ, היט זיך פאר די מענטשן וואָס צייכענען אָן דעם גאנג פון דער געשיכטע אין פארוים לויט מאטעמאטישן חשבון און זוכן זי מיט גוואלד צו פירן נאָך זיך פאר א שטריקל.

דאָס האָבן געטאָן די באָלשעוויקעס, וועלכע ליטוואק פאָרט איצט ארום צו באקעמפן. זיי האָבן געוואָלט מאכן געשיכטע, און אנשטאָט צו פירן די געשיכטע נאָך זיך, שלעפּן זיי זיך איצט נאָך אויף א שטריקל, געצווינגן פון דער געשיכטע.

אזוי זעט עס אוים לויט דעם, וואָס ליטוואק האָט דאָ אונדז אליין דערציילט.

א. ליטוואק באקעמפט די באָלשעוויקעס. וואָלט ער אָבער אנדערש געהאנדלט ווען ער כאפּט אָן דאָס שטריקל אין זיין האנט?

ער וואָלט געזוכט צו פירן די געשיכטע אויף אן אנדער וועג. און ער איז הונדערט פּראָצענט זיכער, אז ער האָט דעם ריכטיקן וועג.

היט זיך פאר הונדערט־פּראָצענט־זיכערער, צוויי־מאָל־צוויי־איז־פיר מענטשן. זיי וועלן אמלייכסטן פארקריכן אין א בלאָטע און וועלן אייך מיטשלעפּן.

* * * * *

מענטשן מיט א שארפן חוש פאר פראקטישקייט קאָנען זיין גוטע געשעפטסלייט. געשיכטע מאכן אָבער ניט קיין פראקטישע, ניכטערע מענטשן. נאָר מענטשן מיט אביסל פאנטאזיע, מיט אביסל שווונג, קאָנען שאפן געשיכטע.

ניין. איינציקע מענטשן און אפילו גאנצע גרופן און פארטייען שאפן נים קיין געשיכטע. זיי האבן אבער אן אויג אויף מעגלעכע אנט־וויקלונגען און ווייזן אהין דעם וועג דער גאנצער געזעלשאפט, וועלכע, אנשטאט צו גיין אין דער פינצטער, גייט דעם וועג ביים ליכט פונם פאקעל אנגעצונדן פון אט די מענטשן מיט א פאנטאזיע.

אלע גרויסע רעוואלוציאנערן פון אלע דורות זיינען ניט געווען קיין צוויי־מאל־צוויי־איז־פיר מענטשן. אדרבא, זיי האבן אלעמאל גע־קעמפט קעגן באשיינפערלאך אומבאזיגבארע כוחות.

און זיי האבן אדער געזיגט, אדער באפרוכפערט מיט זייער בלוט די געשיכטע, — און פאלנדיק אין קאמף, האבן זיי פארזייט די פרוכטן פון זייער זיג פאר שפעטערדיקע דורות.

* * * * *

דער שרייבער פון די שורות איז מיט 90 פראצענט פון א. ליט־וואקס באהויפטונגען אין זיין רעדע איבער דער דערמאנטער טעמע איינשטימיק.

אזוי, למשל, גלויב איך אויך, אז די פרעטענזיע, אז ארץ ישראל איז דער פולער ענטפער אויף דער יידישער פראגע, איז א שעדלעכע אילו־זיע, ווייל זי פירט אונדז צו זעלבסטפארגעסונג און זעלבסטמארד, — וואס מיינט, אגב, אויך די אונטערגראבונג פונם ציוניזם גופא, וואס וועט נאך דורות לאנג מוזן ציען זיין יניקה פונם גלות.

איך וואלט זיך געקאנט אונטערשרייבן אונטער ניינציק פראצענט פון זיינע באהויפטונגען, — אבער ניט אונטער זיינע אויספירן און זיין "ביזנעס" טאן.

ווייל געשיכטע איז ניט קיין מאטעמאטישער חשבון און ניט קיין "ביזנעס". אין געשיכטע קאן מען ניט אפשאצן קיין רעזולטאטן, ווי אין א פריוואטן געשעפט, מיט די דאלארן און סענטן אינוועסטירט און ארויסגעצויגן.

אזעלכע חשבונות פארבלענדן זייער אפט אונדזערע אויגן און פירן אונדז אראפ פונם ריכטיקן וועג.

למשל, אויפן סמך פון צוויי־מאל־צוויי־איז־פיר, דערוווייזט אונדז ליטוואק (און באמערקט דערביי, אז ער איז זייער פרייגעביק), אז אין ארץ ישראל איז דא פלאץ נאר פאר צוויי מיליאן מענטשן.

דערציילט אונדז אבער די געשיכטע, אז אין דעם זעלבן ארץ ישראל זיינען, א סברא, אין דער צייט פון דעם חורבן בית־שני, געווען

איבער פיר מיליאָן יידן, — און דאַן האָבן זיך דאָך די יידן באַשעפּטיקט כמעט אויסשליסלעך מיט לאַנדווירטשאַפט.

וואָס זשע קאָן זיין די באַפעלקערונג ביי א מאָדערניזירטער אינ־טענסיווער לאַנדווירטשאַפט און אַנטוויקלטער אינדוסטריע און האנדל?

דער גוי אַלענבי, למשל, האָט פאַנטאַזיע אויף זיבן מיליאָן מענטשן אין ארץ ישראל. אַזוי האָט ער דאָ געזאָגט. עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס האָבן נאָך גרעסערע פאַנטאַזיעס.

ענגלאַנד לאָזט ניט אַנטוויקלען די אינדוסטריע. נו, ווען זייט איר דאָס געוואָרן אַזוי געצאַמט, פריינד ליטוואַק? האָט די צאַרישע רעגירונג געלאָזט אייך מאַכן רעוואָלוציעס? . .

נו, קאָן דאָס אָבער פאָרט טאַקע זיין ניט מער ווי א פאַנטאַזיע.

זייט איר אָבער טאַקע געוועזן אַזא גרויסער מאַטעמאַטיקער, ווען איר האָט געקעמפט פאַר דער באַפרייונג פון רוסלאַנד?

האָט איר פאַרויס אויסגערעכנט פּונקט די רעזולטאַטן פון דער רעוואָלוציע? און אויב איר זייט טאַקע אַזא גרויסער מאַטעמאַטיקער, פאַר־וואָס האָט איר אין פאָרויס ניט אויסגערעכנט די רעזולטאַטן פון דער רעוואָלוציע פון 1905, — און אויב איר זייט אַזא גוטער געשעפטסמאַן, פאַרוואָס האָט איר ניט אויסגערעכנט פריער דעם פּרייז פון דעם דאָזיקן אומגליקלעכן אויפשטאַנד?

ווי וואָלט געווען צו דער וועלט, ווען זי וואָלט געפירט פון מאַטעמאַטיקער!

אַפּריל 2טן, 1926.

## דער וועג פון דורות

ראָבערט נייטן, איינער פון די טאַלאַנטפולסטע יונגע אַמעריקאַנער "פון יידישן אָפּשטאַם", האָט נאָר וואָס פאַרעפנטלעכט א פאַנטאַסטישע נאָוועלע "דער וועג פון דורות" (די ראָוד אָף איידזשעס). א פולשטענדיק אַסימילירטער ייד, וואָס האָט תמיד, ווי מיר זעט אויס, געגלויבט אַז די בעסטע לייזונג פון דער יידישער פראַגע איז די יידן זאָלן זיין די ערשטע צו פאַרגעסן אויף איר. האָט ער דאָס מאָל דווקא אויסגעקליבן א ריין יידי־שע טעמע,—דער היטלעריזם און דער וואַקסנדיקער אַקטיווער אַנטיסעמי־טיזם אין אַמעריקע האָט אים קאָנטיק געצוווּנגען צו דערמאָנען זיך אַז עס זיינען דאָ פאָרט יידן . . .

ס'איז ווי מיט יענעם וואָס פאַרגעסט אַז ער האָט אַ קאָפּ, ביז ער קריגט אַ קאָפּווייטיק . . .

אין דעם דאָזיקן ביכל ציַיגט ער, אמת, ניט אַרויס קיין באַזונדער פאַרשטענדעניש פאַרן יידישן פּראָבלעם (אָדער ריכטיקער, די יידישע פּראָבלעמען) און באַמערקט ניט די קאָנסטרוקטיווע כּוחות אינם יידישן לעבן. אפשר האָט ער זיי אויסגעלאָזן, ווייל זיי זיינען אים פרעמד, און אפשר דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט צו טאָן מיט דער הויפּט טעמע פונם ביכל.

און די טעמע פונם ביכל, אונטער דעם דאָזיקן איינדרוקספולן נאָמען, וואָס פירט אייך אַרויף אויף געדאַנקען פונם טראַגישן גורל פונם יידישן פאָלק, איז איינגנטלעך אַ סאַטירע אויפן יידישן לעבן, — אַ בייסנדיקע סאַטירע. ער לאַכט הויפּטזאַכלעך אויס די שוואַכקייטן פונם יידישן פאָלק — און אָט די שוואַכקייטן האָט דער אַסימילירטער און באַוווּסט־זיניק אַסימילאַטאָרישער ראָבערט נייטן גראָד גאַנץ ריכטיק אויפגעכאַפּט...

* * * * *

דאָס ביכל שילדערט די איבערוואַנדערונג פון אַלע יידן פון גאַר דער וועלט אין אַ נייער היים. דאָס איז געקומען נאָך אַ טראַגישער אויפטרייסלונג אין אַלע לענדער, וואָס האָט געפירט צו בלוטיקע פּאָ־גראָמען אומעטום און צום פולשטענדיקן גירוש פון אַלע פאַרבליבענע יידן.

פון אומעטום, — אפילו פון ארץ ישראל — אפילו פונם סאָ־וועטן פאַרבאַנד! און אויסוואַנדערן מוזן זיי כּמעט מיט ליידיקע הענט, ווייל ניט זיי קאָנען פאַרקויפן וואָס ס'איז ביי זיי פאַרבליבן נאָך די פּאָגראָמען פון זייערע פאַרמעגנס, ניט זיי קאָנען עס נעמען מיט זיך.

און וווּהין? נאַטירלעך, זיינען אַלע לענדער פאַרמאַכט פאַר די ריזיקע יידישע גלות מחנות. בלויז איין לאַנד, נאָך ניט אָנגעשטעקט מיט דער אייראָפּעישער ציוויליזאַציע, איז זיך מרחם אויף זיי — מאָנגאָליע. זי גיט אָוועק צו יידן איר ריזיקן מדבר גאָבי, צו באַזעצן זיך דאָרטן און בויען דאָרטן זייערע היימען.

אין דעם ליכט פון די פּאַסירונגען וואָס אַנטוויקלען זיך פאַר אונדזערע אויגן איז דאָס ניט אינגאַנצן קיין ווילדע פאַנטאַזיע . . . יעדנ־פאַלס, איז דאָס בלויז אַביסל אַן איבערגעטריבענע אָפּשפּיגלונג פונם "וועג פון דורות" איבער וועלכן די יידן וואַנדערן שוין פאַר צוויי טויזנט יאָר. אויף אַ ווייניקער קאַטאַסטראָפאַלן אופן ווי געשילדערט אינם ביכל, גייט אָן אָט די וואַנדערונג פאַר אונדזערע אויגן, און זי ווערט צוריקגעהאַלטן בלויז צוליב דעם פאַקט, וואָס ס'איז באמת ניטאָ קיין מאָנגאָליע וואָס זאָל אָוועקגעבן איר מדבר גאָבי צו די יידן.

אָבער ראָבערט נייטן דאַרף דאָ שאַפן די דאָזיקע קאַטאַסטראַ־פאַלע לאַגע, כדי צו דערגרייכן זיין הויפּט ציל: זען קלאָר ווי די יידן וועלן זיך אויפפירן אונטער אַזעלכע טראַגישע אומשטענדן.

ציען זיך ביי אים די יידישע גלות מחנות איבער די אונגאַרישע סטעפּעס, דערנאָך דורך פּוילן, אוקראַינע, דעם אוראַל און די קירגיזישע סטעפּעס אין דעם ווייטן מדבר — אַ לאַנד וואָס רינט ניט מיט מילך און האָניק, — וווּ אַפילו וואַסער דאַרף מען אויסקלאַפּן פון אַ שטיין.

ס'איז אַ טראַגישער גלות־וועג, פול מיט געפאַרן און פול מיט פּיין. די יידישע מחנות ווערן אַלץ גרעסער מיטן צוקום פון די גולים פון די מזרח אייראָפּעישע און מערב אַזיאַטישע לענדער (איינשליסנדיק ארץ ישראל). מען פאָרט אויף וואָס עס מאַכט זיך — אויף וועגענער, אויף מויל־אייזלען, אַ סך שלעפּן זייערע בעבעכעס אויף טאַטשקעס . . .

און דער וועג איז אויסגעשפּרייט מיט שנאה צו די יידן, און מיט באַנדיטן. עס הערשט הונגער און קראַנקהייטן.

און וואָס ווייטער — אַלץ נעענטער צו דער נייער "היים" — אַ היים וואָס ציט קיינעם ניט צו און אימפּאָנירט קיינעם ניט, — אַ ווילדערניש.

און וואָס דערוואַרט זיי דאָרטן? אפשר ענדגילטיקער אונטערגאַנג?

* * * * *

די מחנות האָבן מיט זיך ווייניק פון זייערע וועלטלעכע גיטער, — "כלנו קבצנים". אָבער זייער גייסטיקע פּאַרקריפּלונג פירן זיי מיט זיך גלייך אין פרעמדן, אומהיימלעכן מדבר אריין.

דער קלאַסן אונטערשייד פאַרבלייבט שאַרף, ווען עס זיינען שוין פּאַקטיש ניטאָ קיין קלאַסן. יידן רייסן זיך צווישן זיך איבער זאַכן, וואָס זיינען ניט מער ווי אַן אַבסטראַקט אין זייער לעבן.

בעת די געוועזענע באַנקירן פּלאַנעווען גרויסע פּלענער וועגן עקס־פּלואַטירן דאָס נייע לאַנד מיט זיינע פּראָבלעמאַטישע רייכטימער, קעמפּן סאָציאַליסטן, און בפרט קאָמוניסטן, קעגן דעם "קאַפּיטאַליסטישן קלאַס", און נאָך מער — צווישן זיך אַליין . . .

און ווען מען טרעט שוין צו צום סאַמע מדבר, און דער שרעק־לעכער היינט איז ערב אַ נאָך מער אומבאַשטימטן מאָרגן, ברעכט אויס אַ בלוטיקע שלאַכט צווישן . . . קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן!

דערמיט ענדיקט זיך עס. ווייטער איז שוין ניט נויטיק צו גיין,

— קיין גרעסערער אומזין קאָן שוין ניט זיין.

און דאָ האָט ער געטראָפן אין ציל. אָט דער אומזין, וואָס איר זעט דאָ דורכן קרומען שפּיגל, איז דאָ אינם יידישן לעבן וואָס ווערט דערשטיקט פון פּוסטע פּראַזן, — פּראַזן, וואָס שטייען אין וועג יעדער קאָנסטרוקטיווער אידייע.

אפּריל 2טן, 1935.

## "דער גייער"

איך שטעל זיך פאָר, אַז דער דורכשניטלעכער יידישער לייענער וועט זיך ניט אַ כאַפּ טאָן צו לייענען מנחמס ניי ווערק "דער גייער", אָן אַ געוויסער דערמוטיקונג פון אימעצן וואָס האָט דאָס בוך שוין געלייענט און איז פון אים פאַרכאַפּט געוואָרן. דער לייענער וועט אַן עפן טאָן דאָס בוך און וועט דערזען הונדערטער זייטלעך פּערזן, לאַנגע, קורצע, און גאָר קורצע, געגראַמטע און "ווייסע", — וועט ער דערווייל אוועקלייגן דאָס בוך אָן אַ זייט פאַר דער צייט ווען דער קאָפּ וועט זיין קלאָר און די שטימונג וועט זיין די געהעריקע, — און ווען איז דער קאָפּ קלאָר היינטיקע צייטן, און ווען איז עס דאָ אַ שטימונג צו גריבלען זיך אין מאָדערנער פּאָעזיע?

איך שטעל זיך עס פאָר אַזוי, ווייל אָט בין איך דאָך אויך, אני הקטן, אַ דורכשניטלעכער יידיש לייענער, און איך האָב געהאַט אַזאַ געפיל ווען איך האָב גענומען "דעם גייער" אין האַנט. פאַר דעם לעצטן פאָר צענדליק יאָרן האָבן מיך יידישע דיכטער און פּאָעזיע שרייבערס אויסגעלערנט צו זיין זייער פאָרזיכטיק מיט פּערזן, וואָס זיינען אָפט "כולו נסתר", ווי יענעם רבינס תורה וואָס איז געווען אַזוי טיף, אַז ער האָט זי אַליין ניט פאַרשטאַנען.

אָבער מנחם איז אַ צענטראַלער נאָמען אין דער יידישער ליטע־ראַטור, און איך האָב "גענומען אַ שאַנס" אַ לייען צו טאָן די ערשטע זייטלעך דערווייל אָן אַ קלאָרן קאָפּ און אָן אַ געהעריקער שטימונג, און ווען איך האָב עס אָנגעהויבן לייענען, האָב איך גלייך דערפילט אַז אין קאָפּ ווערט קלאָר, און ס'איז דאָ שטימונג . . .

איך האָב זיך מער ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם. איך האָב עם "געזופּט" זייט נאָך זייט, — און נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעלייענט עטלעכע צענדליק זייטלעך, האָב איך שוין געפילט אַז איך קאָן מאַכן אַ ברכה "שהחיינו" אויף אַ גרויס ווערק אין דער יידישער ליטעראַטור.

אמתע פּאָעזיע, לויט מיין באַשיידענער מיינונג, דאַרף זיין פּשט און דרש, נגלה און נסתר. זי דאַרף זיין אַזוי איינפאַך, אַז יעדער סאָרט לייענער זאָל עס קאָנען לייענען און הנאה האָבן דערפון, אפילו ווען ער קאָן ניט אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון עמאָציע און געדאַנק וואָס האָבן זי באַזעלט; אָבער זי דאַרף האָבן דעם כוח אַנצורעגן דעם טיפערן לעזער צו טיפערע געדאַנקען און געפילן.

אַזוי איז מנחם "דער גייער". עס האַנדלט זיך דאָ וועגן לעבעדיקע מענטשן און לעבעדיקע סיטואַציעס, וואָס נעמען אַרום אַ גרויסן היקף פון יידישן און אַלגעמיינעם לעבן אין אַ זייער אינטערעסאַנטן פּעריאָד פון דער יידישער געשיכטע אין רוסלאַנד. און עס לייענט זיך דערפאַר ווי אַ "שפּאַנענדער ראָמאַן".

גלייכצייטיק דרינגט עס אַריין טיף אין דעם זינען פון די פּאַסירונגען פון אַ גרויסער צייט, — אין דעם יידישן זינען, — און עס ווערן דורכגעפירט פאַר די אויגן בילדלעך פון דער ווייטער יידישער פאַרגאַנגנהייט, וואָס באַלייכטן די פּאַסירונגען.

* * * * *

און ווען איר לייענט דורך דאָס בוך (איבער 500 זייטן אין ביידע טיילן) ווערט פאַר אייך קלאָר, אַז דער מחבר האָט געמוזט באַנוצן זיך מיט פּערזן פאַר זיין צוועק. בלויז אַזוי איז אים געלונגען אַריינצוקוועטשן אַזויפיל אינהאַלט אין אַזאַ קליינעם בוך פאַר אַזאַ גרויסן פאַרנעם.

עס זיינען דאָ מאַסן געשטאַלטן און וויזיעס, וואָס קאָנען אין פּראָזע ניט געפינען קיין געהעריקן אויסדרוק. דאָ און דאָרטן אין בוך זיינען דאָ פּערל פון יידישער פּאָעזיע, וואָס קאָנען גענומען ווערן פאַר זיך אַליין, אָן דעם צוזאַמענהאַנג מיטן גאַנצן בוך.

(למשל: אַ באַלאַדע מיטן ישיבה בחור, אַן עילוי, וועמעס אור־זיידע האָט פאַרמסרט דעם גר־צדק, און וועמען די קללה פונם גר־צדק האָט געפירט צו שמד; ר' מאיר און אלישע בן אבויה; די לוויה פון משה מענדעלסאָן — קורצע עטלעכע פּערזן וואָס שמייסן מיט אייזערנע בייטשן די השכלה באַוועגונג; אַ נאַכט ביים ברעג טייך, וואו דער מענטש פּרובירט אַריינדרינגען אין די סודות פון לעבן, — און אַ סך אַנדערע).

* * * * *

עס איז ניט געווען דאָ מיין ציל צו שרייבן אַ רעצענזיע אויף דעם בוך. ס'איז אַן אויפגאַבע וואָס איך וואָלט ניט גענומען אַזוי לייכט, מיט דער לייכטקייט פון אַ צייטונג "קאָלום".

איך קאָן דאָס דערווייל ניט טאָן, ווייל איך האָב דערווייל נאָר דורכגעלייענט דאָס בוך. ערשט איצט, פיל איך, דאַרף איך עס אָנהויבן לערנען.

וואָס איך האָב געוואָלט מיט אָט די עטלעכע שורות, איז נאָר צו באַווייזן, אויב דאָס וועט מיר געלינגען, אַ צאָל יידיש־לייענער צו לייענען דאָס בוך. איך בין זיכער, אַז זיי וועלן הנאה האָבן פונם לייענען, און אַ סך פון זיי וועלן ערשט דערנאָך וועלן לערנען דאָס בוך.

לייענענדיק דאָס בוך האָב איך אין אים געפילט דעם טעם פון אַלטן וויין, — עס טרינקט זיך לייכט און טרעפט שטאַרק אין קאָפּ. איך גלויב אַז יעדער יידיש־לייענער וועט אין אים דערפילן דעם זעלבן טעם.

יאַנואַר 29טן, 1943.

# דזש. ס. וואַודסוואָירט

דער ערשט פאַרשטאָרבענער סי. סי. עף. פירער, דזש. ס. וואַודסוואָירט, איז געווען טיף רעספּעקטירט פון אַלעמען, — אפילו פון די שאַרפסטע קעגנער פון זיינע סאָציאַליסטישע אידייען.

פאַרוואָס האָט מען אים אַזוי רעספּעקטירט? — צוליב זיין ערלעכקייט און אויפריכטיקייט.

דאָס איז, פון איין זייט, גאָרניט קיין קאָמפּלימענט פאַר אונדז, קאַנאַדער. ערלעכקייט און אויפריכטיקייט האָבן ניט געדאַרפט זיין קיין זאַכן וואָס מענטשן זאָלן דאַרפן באַוואונדערן. עס האָט גאָר געדאַרפט זיין פאַרקערט, — אַז אומערלעכקייט און ניט אויפריכטיקייט זאָלן פאַראַכטעט ווערן . . .

פון דער אַנדער זייט איז דאָס אָבער אויך עפּעס אַ מדרגה. אין סדום האָט מען דאָך ניט געהאַט קיין דרך־ארץ פאַר ערלעכקייט און אויפריכטיקייט . . . ביי אונדז האָט מען פאָרט דרך־ארץ פאַר אָט די הויכע מענטשלעכע קוואַליטעטן.

און דזש. ס. וואַודסוואָירט האָט באַזונדערס פאַרדינט דעם כבוד, ווייל ער האָט זיי פאַרמאָגט אויפן געביט פון פּאָליטישן לעבן, וואו ערלעכקייט און אויפריכטיקייט זיינען באמת אַ גרויסע זעלטנהייט, שיר ניט אַ פענאָמען, אַ וואונדער.

צוליב זיין ערלעכקייט און אויפריכטיקייט, איז וואודסוואָירטס געזעלשאַפטלעך לעבן באמת געווען אָן אָפּן בוך פאַר אַלעמען. און, כאָטש מיין פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט מיט אים איז געווען זייער אַ באַגרעניצטע, האָב איך אָבער פאַר צוויי צענדליק יאָרן נאָכגעפאָלגט זיין געזעלשאַפטלעך לעבן און אַ סך מאָל געהערט זיינע עפנטלעכע רעדעס איבער די פאַרשיידנסטע פראַגעס פון פּאָליטישן און געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

און איך האָב אַרויסגעטראָגן געוויסע איינדרוקן וועגן אים, — וועלכע קאָנען זיין ריכטיק, אָדער ניט. איך רייד וועגן אים דאָ אויפן סמך בלויז פון מיינע איינדרוקן. און מיין איינדרוק וועגן אים איז, אַז ער איז געווען אַ מענטש מיט טיפע איבערצייגונגען, און ער איז געווען גרייט צו ברענגען קרבנות פאַר זיי; און, אַז ער איז געווען אַ געמיש פון טרוימער און פּראַקטיקער, אידעאַליסט און פּראַגמאַטיקער (אַ פילאָזאָפישער טערמין פאַר אַמעריקאַנער פּראַקטישקייט), — אוןביידע זאַכן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיין געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי אין זיין פּערזענלעכן לעבן.

אונדז אינטערעסירט נאַטירלעך, הויפּטזאַכלעך זיין געזעלשאַפט־לעך לעבן. אין די געציילטע שורות דאָ וועלן מיר באַרירן בלויז אַ פּאָר שטריכן פון דעם.

* * * * *

דזש. ס. וואודסוואָירט האָט טיף געהאַסט מלחמה, בלוטפאַרגי־סונג און צוואַנג. ער איז דערפאַר אין דער ערשטער מלחמה געווען קעגן קאָנסקריפּציע (און האָט טייער באַצאָלט פאַר דעם) און אין דער איצ־טיקער מלחמה איז ער געווען קעגן קאַנאַדעס באַטייליקונג, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבונדן סיי מיט פּערזענלעכע ריסקן, און סיי מיט געפאַר פאַר זיין פּאַרטיי.

אָבער ער איז ניט געווען פונם טאָלסטאָי אָדער גאַנדי סאָרט פּאַסיפיסטן. ער וואָלט ניט געהייסן קיין לאַנד צו זיין פּאַסיוו, ווען מען פאַלט עס אָן. גיכער איז ער געווען אַן ערלעכער איזאָלאַציאָניסט, ווי אַ פּאַסיפיסט. נאָך זיין חשבון (זייער אַ פאַלשער חשבון, נאָך מיין מיינונג) האָט קאַנאַדע אַזוי געקאָנט אָפּנים אויסמיידן די מלחמה, — און ער האָט דאָך פיינט געהאַט מלחמה און בלוטפאַרגיסונג . . .

ער איז געווען אינגאַנצן פריי פון ראַסן פאַראורטיילן. אין זיינע אינגערע יאָרן האָט ער אָנגעשריבן אַ בוך וועגן די אימיגראַנטישע עלע־מענטן אין קאַנאַדע, אין וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן צו זיי אַ סך מענטשלעכע סימפּאַטיע, כאָטש אפשר ניט אינגאַנצן גענויע באַקאַנט־שאַפט מיט זייער אינערלעכן לעבן.

און דאָך האָט ער זיינע יידישע פריינט (וועלכע האָבן געהאַט א טיפערע פארשטענדעניש אין דער פראגע, און א מער קאנאדישע, וואָלט איך געזאָגט), — זיינע יידישע פריינט, זאָג איך, האָט ער אָפט אריינגעבראכט אין פארצווייפלונג מיט זיין קעגנערשאַפט צו פרייער אימיגראציע. מיט זיין גאנצן אידעאליזם און מענטשן־פריינדלעכקייט האָט ער אָבער געהאלטן זיך אָן דעם שטאנדפונקט פון די אמעריקאנער ארבעטער פירערס, אז אימיגראנטן דראָען דעם לעבן שטייגער, די ארבעט פּאָזיציעס און די אויסגעקעמפטע פּריווילעגיעס פון די איינגע־זעסענע ארבעטער.

* * * * *

דער טאָלסטאָיאנישער און גאנדישער ניט־ווידערשטאנד פּאסי־פיזם איז א לעבן־באַנעם, וואָס רעכנט זיך ניט מיט באַלדיקע פּראקטישע רעזולטאטן, נאָר מיט היסטאָריש־פילאָזאָפישע קאָנסעקווענצן.

דזש. ס. וואודסוואָירט איז געווען צו פּראקטיש פאר אזא סאָרט פּאסיפיזם, אָבער גענוג אידעאליסטיש, צו פּרובירן צוריקהאלטן זיין אייגן לאנד פון מלחמה.

בנוגע אימיגראציע האָט אים אויך געפעלט די וויטזיכטיקע שטאטסמאַנשאַפט פון ווילפריד לאָריער. ער האָט זיך גערעכנט מער מיט די מאָמענטאַלע רעזולטאטן פון מאסן־אימיגראציע און איר באַל־דיקער ווירקונג, וואָס האָט אים אויסגעזען צו זיין שעדלעך.

אָבער דאָס האָט ניט באווירקט צום שלעכטן זיין מענטשלעכע באציונג צו די אימיגראנטישע עלעמענטן וואָס זיינען יאָ אריינגעקומען אין לאנד.

די געשיכטע וועט ארויסטראָגן איר אורטייל איבער זיינע מעלות, און איבער זיינע פעלערן, — מיר זיינען נאָך אפשר ניט גוט צוגעגרייט אָפּצושאצן זיי ווי געהעריק. איין זאך אָבער, זעט מיר אויס, וועט זיכער צוגעשריבן ווערן צו זיין קרעדיט: ער האָט אין פּאָליטיק אריינגעטראָגן ביי אונדז דעם טאָן פון ווירדיקייט, ערלעכקייט און אויפריכטיקייט, וואָס איז פאר זיך אליין א גרויסער אויפטו.

מארטש 24טן, 1942.

## עמא גאָלדמאַן

עמא גאָלדמאַן — איינע פון די מערקווירדיקסטע פרויען פון אונדזער דור.

די רעוואָלוציאָנערע באוועגונגען אין אַלע לענדער האָבן ארויסגע־שטויסן אין פאָדערגרונט א סך פרויען־פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן גע־ווירקט ניט נאָר הינטער די קוליסן פון דער געשיכטע, נאָר האָבן געקעמפט אין די פאָדערשטע רייען און געפירט די מאַסן הינטער זיך.

די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג איז באַזונדערס רייך מיט אַזעלכע פרויען פּערזענלעכקייטן (איינע פון זיי, אויב איך האָב קיין טעות ניט, זיצט נאָך איצט אויך אין א רוסישער טורמע). אָבער יענע האָבן געלעבט, געווירקט און געליטן נאָר אויף א באַשרענקטן געביט, אין די גרעניצן פון זייערע לענדער, — בעת עמאַ גאָלדמאַן איז אן אינטערנאַציאָנאַלע פיגור, וואָס האָט געוואָרפן די זוימען פון רעבעליאָן און ווידערשטאַנד פון דער וואָלגאַ ביז סאַן־פראַנציסקאָ, — און עס איז ניטאָ קיין איין לאַנד אויף דעם גאַנצן שטח פון דער אייראָפּעיִש־אַמעריקאַנישער קולטור ווירקונג, וווּ איר נאָמען זאָל ניט זיין באַוווּסט, און געליבט און געאַכטעט, אָדער געהאַסט און באַטראַכט ווי א געפאַר פאַר דער זיכערקייט פון אונדזער בעסטער פון אַלע גע־זעלשאַפטן . . .

יע, אפילו ביז סאַן־פראַנציסקאָ. אפילו די זאַטע און צופרידענע אַמעריקע איז איר געלונגען אויפצורודערן. אַזויפיל געלונגען, אַז דער מעכטיקער „אַנקל סעם”, מיט זיין גרויסער אַרמיי און פלאָט און שטאַרקע טורמעס וואָס באוואַכן זיין זיכערקייט, האָט אָנגעהויבן שלאָפן א סך רויִקער, ווען ער איז פּטור געוואָרן פון אָט דער קליינער שוואַכער פרוי, וואָס האָט ליב בלומען און האָט מסתּמא מורא פאַר א מויז . . .

* * * * *

נאָך ווען זי איז געווען 19 יאָר אַלט, האָט זי פאַרזוכט דעם טעם פון טורמע. איר שטורעמדיקע נאַטור האָט שוין דאַן ארויסגעשטופּט די יונגע שאַף ארבעטערין אין פאָדערגרונט, און זי האָט באַצאָלט מיט א יאָר טורמע פאַר זוכן „אויפטרייסלען די זיילן פון דער געזעלשאַפט”. פון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן איר רעוואָלוציאָנערער קאַמף קעגן טיראַניי און אונטערדריקונג, וואו און אין וועלכער פאָרמע דאָס זאָל זיך ניט אויסדריקן, — א קאַמף, וואָס ווערט נאָך ביז היינט פון איר פאָרגעזעצט, און וועט זיך ניט פאַרענדיקן אַזוי לאַנג ווי זי וועט לעבן, — ווייל איר לעבן איז קאַמף.

איר אַמעריקאַנער קאַריערע פון פאַרפאָלגונגען און רעוואָלוציאָ־נערן ווידערשטאַנד האָט זי פאַרענדיקט מיט צוויי יאָר טורמע דערפאַר, ווייל זי איז געווען איינע פון די ווייניקע וואָס האָט ניט מורא געהאַט אויסצודריקן איר האַס צו טיראַניי אין אן אַטמאָספערע פול מיט בלוטיקן

שאָוויניזם. און דערנאָך — אמעריקע האָט אָפּגעאָטעמט פרייער. אָט די קליינע שוואַכע פרוי, וואָס האָט ליב בלומען און ליטעראַטור און וואָס האָט געדראָעט דער זיכערקייט פון דער געזעלשאַפט איז אָפּגע־שיקט געוואָרן צו איר מקור, אין לאַנד פון שטורעם און דראַנג, אין דעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד, וואָס איז דאַן געשטאַנען אין פלאַמען.

* * * * *

לאָמיר צוגעבן, אַז דער קאָמוניזם, ווי ער ווערט פּראַקטיצירט אין רוסלאַנד, איז אַ מוסטער פון פולקאָמענהייט.

לאָמיר צוגעבן, אַז טאָמער זיינען דאָרטן דאָ אייניקע חסרונות, זיינען דאָ הונדערטער תירוצים פאַר וואָס זיי זיינען אומפאַרמיידלעך.

גוט. אָבער עמאַ גאָלדמאַן האָט דאָרטן ניט געפונען דאָס לאַנד פון איר אוטאָפּיע, אויף וועלכן זי האָט מיט אַ פלאַטערדיקן האַרץ געוואַרט.

דער סאַמע תמצית פון סאָציאַליזם איז ביי איר פרייהייט. און אָן פרייהייט איז דער גאַנצער קאַמף ניט כדאַי.

און אויב ס'איז דאָ אַ "טשעקאַ" און טורמעס, און קאַטאָרגע, און אויב מענטשן צייגן אָן אַנדערע מענטשן וואָס צו טאָן און וואָס ניט צו טאָן, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט, — איז דאָס פאַר איר ניט קיין סאָציאַליזם.

און וואָס איז פאַר איר דעם אונטערשייד, ווען די הערשער הערשן אין נאָמען פון באַפרייאונג, ווען זיי אַליין אונטערדריקן די מענטשלעכע פרייהייט? ווי קאָן מען דורך טיראַניי קומען צו פרייהייט?

איר רעבעלישע נאַטור האָט זיך צעבונטעוועט. און . . . כדי צו ראַטן זיך פון דער שאַנד פון פאַרשפּאַרט ווערן אין אַ פּראָלעטאַרישער טורמע, אַנטלויפט זי פון רוסלאַנד.

זי פאַרבלייבט איצט אָן אַ לאַנד. ערגעץ וויל מען ניט האָבן אָט די קליינע פרוי וואָס האָט ליב בלומען און טרייסלט די זיילן פון דער געזעלשאַפט . . .

ביז אַן אַלטער חבר אין ענגלאַנד גיט איר זיין נאָמען אין די אויגן פונם געזעץ . . .

* * * * *

וואָלט עמאַ גאָלדמאַן ניט געהאַט קיין רעבעלישע נאַטור, וואָלט זי לייכט געקאָנט קריגן אַ גרויסן שטיק לויתן ביי דעם גרויסן טיש פון דעם רוסישן גן־עדן.

אָבער פאַר איר איז באַזונדערס שווער געווען צו בויגן איר רעבע־לישן גייסט פאַר אַ דיקטאַטור פון פּאַרשטייער פון פּראָלעטאַריאַט, פאַר דער באַפרייאונג פון וועלכן זי האָט אָפּגעגעבן איר לעבן.

און דערפאַר — איר לײַדנשאַפטלעכע שנאה צו דער דיקטאַטור, וואָס פירט דעם פּראָלעטאַריאַט, לויט איר מיינונג, אין אָפּגרונט.

און דערפאַר איר קאַמף קעגן דער דיקטאַטור, ווען און ווו זי קריגט נאָר אַן אוידיענץ . . .

יאַנואַר 21טן, 1927.

## דר. אַ. קאָראַלניק

ערשט לעצטע וואָך האָב איך געלייענט דר. קאָראַלניקס אַן אַר־טיקל אין "טאָג", וועגן דער צעטיילונג פון ארץ ישראל. ווי אַלעמאָל, איז דאָס געווען אַן אַרטיקל געשריבן אין זיין אייגנאַרטיקן סטיל, וועלכן ס'איז ניט אַזוי לייכט צו פאָרמולירן, און, ווי אַלעמאָל, איז דאָ געווען ניט די קאַלטע לאָגיק פון אַ דר. זשיטלאָווסקי, נאָר בליציקער געדאַנק און דער גלאַנץ פון אַן אייראָפּעישן פעליעטאָניסט.

ער איז געווען דורכוים פאַרן חלוקה פּלאַן. ווי אַלעמאָל, האָט איר געדאַרפט דורכלייענען דעם גאַנצן אַרטיקל, צו וויסן אַז ער וועט דערפירן צו אַזאַ און אַזאַ באַשלוס, און ווי אַלעמאָל, האָט איר געקאָנט מיט פאַרגעניגן דורכלייענען אַלע הקדמות, וואָס האָבן, דאַכט זיך, ניט געהאַט קיין דירעקטע שייכות צו דעם ענין, אָבער וועלכע איר זייט געווען זיכער, וועלן קונציק צונויפגעפלאָכטע ווערן, — און וועלכע וועלן זיכער באַרייכערן אייער געדאַנק און אָנרעגן אייך אַריינצוטראַכטן זיך אין דער פראַגע.

און, ווי אַלעמאָל, דורכלייענענדיק זיין אַרטיקל, האָט איר געקאָנט מסכים זיין מיט אים אָדער ניט, — דאַכט זיך, אַז ער האָט גאָר קיינ־מאָל ניט געפּרוּווט איבערצייגן אייך. ער האָט נאָר געוואָלט אָנרעגן אייך, צווינגען אייך אַליין דורכטראַכטן דעם ענין און אָננעמען אייערע איי־גענע באַשלוסן.

און אָט דער אַרטיקל, האָב איך געפילט, האָט דערפילט די דאָזיקע אויפגאַבע. איוואָדע האָב איך דאַן ניט געקאָנט פילן, אַז דאָס איז געווען דער לעצטער אַרטיקל פון זיין קורצן פּרוכטבאַרן לעבן!

עפּעס מיט א קאָרגע 20 יאָר זיינען דר. קאַראַלניקס אַרטיקלען צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן דערשיינען אין "טאָג". זיי זיינען געווען אַן איבעראַשונג און אַ דערפרישונג. ביז אים האָבן מיר נאָך ניט געזען אַזוינס אין דער אידישער פּובליציסטיק. און מיר האָבן איינער דעם אַנ־דערן נייגעריק געפרעגט: "ווער איז עס אָט דער דר. קאַראַלניק?"

מיר האָבן אַ סך פעיקע פּובליציסטן אין דער אידישער פּרעסע. מיר האָבן ניט פיל אַזעלכע, וואָס זאָלן האָבן, צוזאַמען מיט אַן אַלזייטי־קער אייראָפּעישער בילדונג, אויך אַ לעבעדיקן סטיל, — און קיין איינעם ניט מיט אַזאַ אייגנאַרטיקן סטיל, ווי דר. קאַראַלניק האָט געהאַט. ער האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן אין דער יידישער פּובליציסטיק, — אַ קלאַסישן טאָן. עס איז אַ גרויס אייראָפּעישער טאָן, — אַ פיינער סטיל, פּאַסיק פאַר אַ מענטשן דורכגעזאַפּט מיט אייראָפּעישער קולטור און אירע פיינסטע טראַדיציעס, און מיט אַ ווידערווילן צו אַלץ וואָס איז וווּלגאַר און אומקולטורעל אינם יידישן לעבן און אין דער יידישער פּרעסע. און זיכער האָט ער דאָ און דאָרטן באַווירקט איינעם און אַ צווייטן פון זיינע פּילצאָליקע לייענער. אָבער צי ער האָט באַווירקט זייערע מיינונגען, צי ניט, אָבער אויף זייער געשמאַק האָט ער זיכער געהאַט אַ ווירקונג, און האָט אים געמאַכט איידעלער, קולטורעלער.

אויב ס'איז דאָ היינט אַ היבש ביסל ווייניקער וווּלגאַריטעט אין דער יידישער פּרעסע, איז דאָס טיילווייז געווען זיין פאַרדינסט.

אַ פּובליציסט איז ניט, און דאַרף ניט זיין קיין פירער. ער טאָר עס ניט זיין, ווייל אַ פירער מוז האָבן איין באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן אָדער פּאָליטישן ציל, און ברעכן אַלץ וואָס שטייט אין וועג צו דעם ציל. ער מוז זיין סוביעקטיוו. דער ערנסטער פּובליציסט מוז אָבער באַ־לייכטן אָביעקטיוו די דערשיינונגען פונם לעבן.

דער פּובליציסט קאָן דערפאַר זיין אַ לערער, — אויב ער איז אַ פעיקער פּובליציסט, — און ניט קיין פירער. און אַ גוטער לערער דאַרף נאָר באַלייכטן די פאַקטן, און לאָזן דעם תלמיד אַליין דערטראַכטן זיך צום ריכטיקן וועג.

איך זע דערפאַר ניט אוים קעגן דעם, וואָס א. קאַראַלניק האָט קיינמאָל ניט אַריינגעפּאַסט זיך אין ענגע ראַמקעלאַך פון מאָדערנע פּאַר־טייען און ריכטונגען. אדרבא, איך רעכן עס פאַר זיין גרויסער מעלה.

ער איז אַלעמאָל געווען פריש און ניי, ווייל איר האָט קיינמאָל ניט געוווּסט גענוי וואָס איר קאָנט פון אים דערוואַרטן. איין זאַך זייט איר נאָר געווען זיכער: וואָס ער וועט ניט זאָגן, וועט ער צוטרעטן צו

דער פראגע ווי א קולטורעלער מענטש, און אז וואָס זיין אויספיר זאָל ניט זיין, וועט ער אייך צווינגען ארייצוטראכטן זיך אליין אין דער פראגע.

* * * * *

דר. קאראלניקס ערודיציע איז געווען פענאָמענאַל. ניט אומזיסט האָט ער נאָך פון זיינע קינדער־יאָרן אָן געשמט פאר אן עילוי: אויסער זיינע גרינדלעכע יידישע ידיעות, זיינען פאר אים געווען אָפן די טויערן פון דער מאָדערנער מענטשלעכער קולטור אין די וויכטיקסטע שפראכן, — אמווייניקסטנס א האלבן טוצן פון די גרעסטע אייראָפּעישע שפראכן האָט ער געקאָנט און געלייענט.

מען דערציילט וועגן אים, אז ער האָט אָפט ניט דורכגעלייענט די גרויסע, גראָבע ביכער וואָס ער פלעגט ציטירן. אָבער וועלכער פובלי־ציסט האָט עס באמת צייט צו לייענען גרינדלעך וועגן די אלע זאכן וועגן וועלכע ער שרייבט?

דער גאָט־געבענטשטער פובליציסט קאָן באגרייפן אן ענין פון עטלעכע דורכגעלייענטע שורות. א קעפּל פון א נייעם קאָן אים אָנרעגן. און דר. קאראלניק איז געווען דער גאָט־געבענטשטער פובליציסט.

זיין פריצייטיקער טויט איז א שווערער פארלוסט פאר דער יידישער פובליציסטיק, פאר דער יידישער קולטור און פאר דער יידישער קולטורעלישקייט.

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

יולי 20טן, 1937.

## רודאָלף ראָקער

דער אנארכיזם האָט מיט א פּאָר צענדליק יאָר צוריק שטארק באַ־הערשט די יידישע גאס. מען קאָן נאָך היינט זען די פּילצאָליקע חורבות וואָס זיינען פון אים דאָ און דאָרטן פארבליבן. נאָך זיי קאָן מען אורטיילן, אז דער אנארכיזם האָט אמאָל אפשר טיפער אריינגעדרונגען אין דער ראַ־דיקאלער יידישער גאס, ווי דער סאָציאליזם. אויב דער לעצטער איז פאַרט געווען איינפלוסרייכער, איז דאָס געווען בלויז א דאנק זיין גרע־סערער פּראקטישקייט, זיין בעסערער צופּאסונג פעיקייט, זיין אָרגאניזיר פעיקייט און גרעסערער דיסציפּלין, ווי אנארכיזם האָט ביי זיך גע־קאָנט איינפירן.

איך וויל דאָ ניט ארייַן איַן דער פראַגע, פארוואָס דער אנארכיזם האָט געהאט אזא שליטה אויף דער יידישער גאס. דאָ בין איך אויסן בלויז צו זאָגן, אז אויב ער האָט דורכגעמאכט אַ גרויסע ירידה און פון אים זיינען פארבליבן כמעט ווי נאָר חורבות, איז דאָס איַן אַ גרויסער מאָס אַ דאנק דעם, וואָס דער יידישער אנארכיזם איַן זייַן גרעסערן פאר־נעם איז געווען גיכער אַ נעגאטיווע, ווי אַ פּאָזיטיווע קראפט.

ער איז געקומען אין אַ מאָמענט פון איבערברוך אינם יידישן לעבן, און האָט זייַן גאנצע ענערגיע כמעט אָנגעווענדעט אויף ברעכן, און זייער ווייניק אויף בויען.

אויף ברעכן זיינען דאָ אַ סך בעלנים, — און עס איז באזונדערס אנגענעם צו ברעכן, ווען מען קאָן דאָס טאָן לשם מצוה.

דער אנארכיזם האָט דערפאר אין זיינע רייען ארייַנגעצויגן אַ סך הפקר עלעמענטן, וואָס האָבן גּעהאָלפן אונטערגראָבן די באוועגונג גופא.

און אזוי זיינען ביי היינטיקן טאָג פארבליבן בלויז געציילטע בראווע סאָלדאטן וואָס היטן אָפּ דאָס וואָס איז נאָך פארבליבן פונם חורבן.

* * * * *

רודאָלף ראָקער איז געווען די עלית־נשמה פונם יידישן אנאר־כיזם, אָדער ווי ער רופט עס בעסער, פרייהייטלעכן סאָציאַליזם.

ער איז ניט קיין ייד. ער איז אַ געבאָרענער דייטש.

אָבער פריער פון אַלץ איז ער אַ מענטש, מיט אַ הויכער מענטש־לעכער נשמה. האָט ער, פאַרוועלנדיק גלות אין לאָנדאָן, געפונען, אז ער קאָן ברענגען נוצן דער מענטשהייט דורך דער יידישער ארבעטער באוועגונג, — און ברענגען נוצן דער מענטשהייט איז זייַן לעבנס אידעאַל.

האָט ער זיך אויסגעלערנט די יידישע שפּראַך, און האָט אָנגע־הויבן ווירקן צווישן די יידישע מאסן. ער איז געוואָרן אפילו רעדאקטאָר פון אַ יידישן וועכנטלעכן זשורנאַל.

און ראָקער איז געוואָרן די בויענדיקע קראַפט פונם יידישן פריי־הייטלעך־סאָציאַליסטישן געדאנק.

אַ מענטש מיט אַ גרויסער בילדונג, און מיט וווּנדערבארן אָראַ־טאָרישן טאַלאַנט, אַ שיינע פּערזענלעכקייט מיט אַ געהויבענער נשמה, האָט ער געמאכט אַ שטאַרקן רושם אויף דער יידישער גאס, און גלייכ־צייטיק האָט זייַן ווירקונג דערגרייכט ווייט הינטער די גרעניצן פון דעם ענגן קרייז אין וועלכן ער האָט געארבעט, דערגרייכנדיק אונדז אויף דער זייט ים.

ער האָט ניט געראַטעוועט די באַוועגונג פונם חורבן, אָבער דאָס וואָס איז אַפּגעפאַלן איז אַלצאיינס געווען פאַרפוילט.

אָבער דער ריינער גייסט פונם אַנאַרכיזם, — די בויענדיקע קראַפט אין אים, ניט די צעשטערנדיקע, — זוכט ניט קיין מאַסן באַוועגונגען. דאָס איז אַ הויכער אידעאַל, וואָס דאַרף דורכדרינגען יעדער מענטשלעכן יחיד באַזונדער, אויסלייטערן די אינדיווידועלע מענטשלעכע נשמה — און דאָס דאַרף שוין במילא ברענגען די ישועה פאַר דער ליידנדיקער מענטשהייט.

* * * * *

נו, דאָס איז אפשר אַן אידעאַל פאַרן לעתיד־לבא. אָבער ווי קאָן די מענטשהייט דערגרייכן דעם דאָזיקן לעתיד־לבאדיקן אידעאַל, ווען מיר זאָלן ניט האָבן אַזעלכע טריבונען און וועג־ווייזערס ווי ראָקער, וואָס זאָלן דור־איין, דור־אויס, זייען אין מענטשלעכע הערצער און נשמות דעם דראַנג נאָך אַ שענערן און העכערן מענטשלעכן לעבן?

פּראַקטישע, וואָס מיינט אָפט קורצזיכטיקע מענטשן, זוכן באַלדיקע רעזולטאַטן. ווייט־זעענדיקע אידעאַליסטן פאַרזייען די זריעה פאַר שפּעטערדיקע דורות.

און הלוואי וואָלטן מיר געהאַט אַ סך אַזעלכע אומפּראַקטיקע ראָקערס. מיר וואָלטן דאַן גיכער געקאָנט איינקאַסירן די פּראַקטישע רעזולטאַטן.

דאָס איז דאָס דריטע מאָל וואָס ראָקער איז דאָ ביי אונדז צוגאַסט.

און מערקווירדיק, ווי ער איז דאָס אונדזער אַלעמענס גאַסט, און קיינער וועט אים ניט אַנערקענען פאַר אימעצנס אַנדערש אייגנטום.

ער איז צו גרויס, מען זאָל אים קאָנען אַריינפּאַסן אין די ענגע ראַמען פון אַ פּאַרטיי אָדער גרופּע, אָנצוהענגען אויף אים אַ קוויטל, אַ „טעג" פון איין באַשטימטער קאַטעגאָריע.

און ס'איז ניטאָ דאָ קיין פּראָגרעסיווע ריכטונג אינם יידישן לעבן, וואָס זאָל אים ניט ליב האָבן, אָדער, אמווייניקסטנס, טיף רעספּעקטירן. און באַזונדערס דאַנקבאַר זיינען מיר אים, ווי פּראָגרעסיווע יידן, וואָס ער גיט אונדז דירעקט אַ טייל פון זיינע גלענצנדע פעיקייטן, און וואָס ער דינט אונדז ווי אַ מוסטער פונם מענטשן, וואָס קאָן ברענגען דעם לעתיד־לבא פאַר דער מענטשהייט.

דעצעמבער 16טן, 1929.

# אש און רויך

דער נייער שלום אש סקאנדאל פארנעמט איצט א גרויסן ארט אין דער אידישער פרעסע. איך האב קיין חשק ניט געהאט צו פארנעמען זיך מיט אים, — ס'איז א פיינלעכער עניין, און מיר האט אויסגעזען, אז די בעסטע זאך וואלט געווען, ווען מען שענקט אים א סך ווייניקער אויפמערקזאמקייט.

איך זאג דער "נייער" אש סקאנדאל, ווייל דער גרויסער שריפט־שטעלער האט אונדז שוין מזכה געווען מיט א היבש ביסל "סקאנדאלן". אט, לאמיך דערמאנען זיין ארויסטריט מיט עטלעכע צענדליק יארן צוריק קעגן בריתו של אברהם אבינו . . .

און ווי לאנג איז עס געווען די צייט, וואס די "מארגן פרייהייט" (די איינציקע צייטונג אין יידיש וואס פארטיידיקט איצט שלום אשן) האט אין אים געשאסן אירע סאמע גיפטיקסטע פיילן פאר דעם מאסק־ווער סקאנדאל, ווען ער האט דערקלערט צו א פארזאמלונג פון סאוועטישע יידישע שרייבערס אז "ער פייפט אויף זיי", אדער עטוואס ענלעכעס.

מיין איינדרוק איז, אז אש האט גאר ניט פיינט דעם רויך. ער האט ליב עס זאל זיך טומלען ארום אים, און אפשר דערפאר שפרינגט ער אזוי אפט צו פארשיידענע עקסטרעמען. צווישן תל אביב, מאסקווע, ווילנע, ניו יארק, קאלקוטא און טעהעראן . . . אז עס ווערט צו שטיל אויף איין פלאץ, שפרינגט מען אריבער אויף א נייעם, און עס ווערט פריילעך . . .

* * * * *

פראפעסאר איינשטיין ווערט אנערקענט פאר דעם גרעסטן גע־לערנטן פון היינטיקער צייט. ער ווערט אויך רעספעקטירט ווי אזעלכער. ווי א ציוניסט אבער איז ער בלויז נאך איינער פון טויזנטער אנדערע, און איז ניט קיין גרעסערער אויטאריטעט ווי זיי, — ווי א באשיידענער מענטש דערוואַרט ער גאר ניט קיין באזונדער אנערקענונג פאר זיך מחוץ זיינע וויסנשאפטלעכע ארבעטן.

שלום אש איז א גרויסער אידישער שרייבער. אייניקע פון זיינע אידישע ווערק קאנען פארנעמען אן אויבנאניקן ארט אין דער וועלט־ליטעראטור. אבער מחוץ זיינע ווערק איז ער א פשוטער מענטש, מיט מענטשלעכע שוואכקייטן, אפשר מיט אביסל א גרעסערער פארציע פון די לעצטע, ווי דער דורכשניטלעכער מענטש.

די שוואכקייטן זיינע דארפן אונדז באמת גאנץ ווייניק אנגיין,

און די דערמאָנטע "סקאַנדאַלן" זיינען אפשר גאָר קיין סקאַנדאַלן ניט; ווייניק אידן זיינען דען געווען און זיינען פאַראַן וואָס האַלטן ניט פון בריתו של אברהם אבינו, אָדער וואָס פייפן אויף סאָוועטיש־אידישע שרייבערס פונם ליטוואַקאָוו טיפּ?

מען האָט אָבער געמאַכט אַזויפיל טומל אַרום יעדער וואָרט וואָס שלום אַש האָט ווען אַרויסגעזאָגט, אַז ער האָט געקראָגן דעם איינדרוק, אַז חוץ אַ גרויסער שרייבער, איז ער אויך אַ פירער ביי יידן. און, אויב אַזוי, דאַרף מען זיך לאָזן הערן, און אויף דעם שרייענדיקסטן אופן.

און דערפאַר איז אפשר כאַראַקטעריסטיש פאַר שלום אַשן אַ מעשה וואָס עס דערציילט פון אים אַ ייד וואָס זאָל האָבן עס אַליין געזען בעת ער איז געווען אין פּאַריז, — אפילו ווען די מעשה גופא זאָל ניט זיין אמת:

ס'איז געווען יום־כפּור. שלום אַש איז אַריין אין אַ שול ווו יידן האָבן געדאַוונט. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער בימה און גע־האַלטן אַ דרשה פאַר זיי, — ער האָט זיי געמוסרט, למאי זיי זיינען ניט פרום גענוג. נאָך דער דרשה איז ער אַריין אין אַ דערבייאיקן רעס־טאָראַן (אַ גויישן) און האָט זיך פיין אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיט טריפענע מאכלים . . .

* * * * *

מיר וואָלטן אַזוי געדאַרפט ביי זיך פועלן צו באַנוגענען זיך מיט שלום אַש, דעם גרויסן יידישן שרייבער, און מאַכן אַ קליינעם צימעס פון דעם צווייטן שלום אַש, וואָס רעדט אָפט נאַרישקייטן; און וואָס באַ־גייט נאַרישקייטן. דאָס איז אפשר לייכטער צו טאָן ווען דאָס האָט אַ שייכות צו זיינע ווערטער און האַנדלונגען אין אונדזערע אייגענע אידישע רייען, אָבער ניט ווען ער טרעט אַרויס פאַר דער דרויסנדיקער וועלט, וואו ער קאָן אונדז אָנטאָן אַ סך שאָדן.

אָבער דאָך, זעט מיר אויס, אַז מיטן קאַמף וואָס מען הויבט אויף קעגן אים גיט מען אים צו בלויז מער וויכטיקייט אין די אויגן פון די גויים. עס קאָן זיך ביי זיי שאַפן באמת דער איינדרוק, אַז שלום אַשעס מיינונגען, מחוץ זיינע קינסטלערישע ווערק, זיינען פון באַזונדער באַדייטונג.

די יידישע פּרעסע האָט בפרט געדאַרפט אויסמיידן דעם נסיון פון אויפהויבן אַ רעליגיעזע קאָנטראָווערסיע אין פאַרבינדונג מיט דעם שלום אַש ענין. מאַלע וואָס אַ ייד אין די קריסטלעכע "ביזנעס" קאָן זאָגן וועגן יעזוסן און קריסטענטום . . .

פאר אונדז זיינען גילטיק זיינע ווערק, — און ער איז גערעכט ווען ער דערקלערט זיך פאראנטוואָרטלעך בלויז פאר זיינע ווערק, און ניט פאר דעם וואָס ער זאָגט אין אינטערוויוס מיט קריסטלעכע זשור־נאַלן . . . איי־וואָס, עס זיינען דאָ ביי אים אויך "געכאַפּטע" ווערק? נו, דאָ קאָנען מיר זיך שוין פאַרלאָזן אויפן געזונטן חוש פון דעם פאָלק, וואָס וועט וויסן ווי אויסצוטיילן זיינע ווערטפולע ווערק פון די "ספרים חצונים", פאַרוואַרפנדיק די לעצטע אין אָפּגרונט פון פאַרגעסנהייט.

* * * * *

איך שרייב אָט די עטלעכע שורות וועגן דעם ענין אָן באַזונדער חשק, — נאָר ווייל מען קאָן ניט פאַרשוויגן אַן ענין וואָס האָט אַזוי אויפגערודערט די יידישע פרעסע. איך האָב צופיל דרך ארץ פאַר שלום אש דעם שרייבער, אַז מיר זאָל זיך ווען פאָרן אים מיט דעם צווייטן שלום אַש, דעם שרייער . . .

הלוואי וואָלטן מיר אים געלאָזן צורו, יענעם שלום אַש. עס זיינען דאָ אַזעלכע וואָס קאָנען אים און וואָס האָבן מורא, אַז מיט דעם צינדט מען אין אים אָן עקשנות, וואָס קאָן אים טרייבן צו געפערלעכע עקס־טרעמען . . .

ווען מען לאָזט אים אָבער צורו, איז עס זייער מעגלעך, אַז ער וואָלט אין אַ יאָר־צוויי אַרום געקומען צו אונדז ווי אַ בעל תשובה, און וואָלט געבעטן מחילה פאַרן צער וואָס ער האָט אונדז פאַרשאַפן אין אַזאַ ביטערער שעה . . .

פעברואַר 25טן, 1944.

## דוד פינסקי דער מענטש

איך ווייס ניט ווי עס זיינען די באַציִונגען פון שרייבערס צווישן זיך אין דער ניט־יידישער וועלט. ביי יידן אָבער, ווייס איך, אַז ס'איז ניטאָ מיט וואָס צו באַרימען זיך.

איך זאָג דאָ ניט אויס פון חדר, אָבער אַז איר לייענט אַ יידישע צייטונג, — און ווער רעדט אויב איר לייענט עטלעכע יידישע צייטונגען פון פאַרשיידענע ריכטונגען, — ווייסט איר אַליין אויך, ווי וויניק כבוד מען טיילט אויס איינער דעם צווייטן . . .

איך ווייס אָבער אַמווייניקסטנס פון צוויי יידישע שרייבערס, אויף וועלכע אפילו אונדזערע ליבערמאַנס האָבן ניט, דאַכט זיך, קיין

שליטה. אמווייניקסטנס האָב איך נאָך קיינמאָל ניט באַמערקט מען זאָל אויף זיי אָנפאַלן מיט דער כאַראַקטעריסטישער ביטערקייט פון יידישע שרייבערס . . . דאָס וואָלט ניט געווען קיין מערקווירדיקע דערשיינונג, ווען אָט די צוויי וואָלטן זיך געפונען אין שאָטן און ניט פאַרנומען קיין חשובן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור אָדער אין דער יידישער עפנט־לעכקייט. אויף אַזויפיל זיינען די "ביטערע יונגען" פון דער יידישער פרעסע "ספּאָרטס", — זיי טשעפּען זיך ניט צום קליינוואַרג . . .

די צוויי פאַרנעמען אָבער דוקא איינעם פון די חשובסטע ערטער אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דער יידישער עפנטלעכקייט, און דאָך באַציען זיך אַלע צו זיי מיט ליבע אָדער מיט דרך־ארץ, אָדער מיט ביידע.

* * * * *

איינער פון זיי איז אברהם רייזען.

אין דעם פאַל פון אונדזער האַרציקן פאָלקס דיכטער איז דאָס, איינגנטלעך, א גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך. ער אַליין איז א מענטש אָן א גאַל, און יידישע ליטעראַטור איז ניט א טייל פון זיין לעבן, נאָר זיין גאַנץ לעבן. ווי א שטאַרק פאַרליבטער, פאַרדעקט ער אָפּט אירע חסרונות, און באַלד ווי איינער שרייבט יידיש, איז ער אים נאָענט און טייער.

ער טרעט קיינמאָל ניט אויף קיינעמס הינער־אויגן, און קיינער פילט זיך ניט פון אים געקריוודעט. אין פּאָליטיק, וואָס איז די עקספּלאָ־זיווע שטאָף אויף דער יידישער גאַס, מישט ער זיך זייער ווייניק.

זיין איינציקער "חסרון" איז, וואָס ער איז א באַדייטנדיקע פּי־גור אין דער יידישער ליטעראַטור . . . אָבער אַזוי ווי ער טראָגט זיין ליטעראַרישע קרוין זייער באַשיידן און באַרירט ניט קיינעמס "איך" מיט איר, איז מען עס אים קאָנטיק מוחל.

* * * * *

דער צווייטער איז דוד פּינסקי.

מיט אים איז די זאַך שוין ניט אַזוי נאַטירלעך. חוץ וואָס ער פאַרנעמט אַזא חשובן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור פאַר איבער פיר צענדליק יאָרן, איז ער אויך א פּובליציסט, און דערצו נאָך אויך א פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער טוער.

און אין זיין פּובליציסטיק שווינט ער ניט דאָס וואָס ער געפינט פאַר נויטיק אַראָפּרייסן. און אין זיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט ער זייער באַשטימטע מיינונגען, וואָס זיינען זיכער ניט

צום הארצן יענע יידישע שרייבערס און זשורנאליסטן, וואָס האָבן אויך אויסגעשפּראָכענע מיינונגען, אָבער גאַנץ אַנדערע.

אָבער דאָך באַציען זיך צו אים אַפילו זיינע קעגנער מיט דרך־ארץ, און אין דער פּאָלעמיק קעגן אים האָב איך קיינמאָל ניט באַמערקט די ביטערקייט פון פּערזענלעכן אַנגריף, וואָס איז אַזוי געוויינלעך אין אונדזער פּרעסע.

* * * * *

איך האַלט מיט יענע וואָס זאָגן, אַז די פּערזענלעכקייט פון א שרייבער איז זיין אייגענע, און דער עולם דאַרף זיך הויפּטזאַכלעך אינטערעסירן מיט זייערע ווערק (אויב זיי פאַרדינען אַזאַ אינטערעס), און ניט מיט זייערע פּריוואַטע לעבנס, און אַפילו זייערע געזעלשאַפטלעכע לעבנס דאַרפן ניט באַווירקן אונדזער באַציונג צו זייערע ווערק.

שלום אַש, למשל, האָט א באַזונדער פעיקייט אויפצורייצן די עפנטלעכע מיינונג, אָדער טיילן פון איר, קעגן זיך. דאָס אָבער דאַרף בשום אופן ניט פאַרמינערן זיין ווערט ווי א גרויסער יידישער שרייבער.

אָבער דוד פּינסקי איז ניט בלויז א שרייבער, וואָס פאַרנעמט א חשובן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז אויך א צענטראַלע פיגור אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, און מיר קאָנען זיך ניט באַציען צו אים ווי בלויז צו א שרייבער.

* * * * *

און גראַד דאָ, ווי אין זיין ליטעראַרישן שאַפן, איז ער א גאַנץ אָריגינעלע דערשיינונג אין אונדזער עפנטלעכן לעבן. אַנדערש ווי די מערסטע געזעלשאַפטלעכע אָדער פּאָליטישע טוערס, איז ער צו גרויס איינגעשפּאַרט צו ווערן אין די ענגע ראַמען פון וועלכער ס׳איז פּאַרטיי אָדער גרופּע.

ער איז אַן אָנפירנדיקער מיטגליד פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, אָבער ניט אירער א דאָגמאַטיקער. ער שוינט ניט זיין אייגענע פּאַרטיי, ווען ער געפינט אַז זי באַגייט פעלערן אָדער עוולות.

ער ווערט פאַרכאַפּט ביז די טיפענישן פון זיין פילנדיקער נשמה פון די גראַנדיעזע אויפטוען פון די יידישע חלוצים אין ארץ־ישראל. דאָס פאַרמאַכט אָבער ניט זיין האַרץ צו פילן אויך יידישע און מענטש־לעכע נויטן און יידישע און מענטשלעכע אויפטוען אַנדערשוווּ.

אַפילו פון סאָוועט רוסלאַנד האָט ער געבראַכט א גאַנץ גוטן באַריכט: ער האָט דאָרטן געזען דאָס וואָס ער האָט געזוכט, און וואָס ער וויל זען אומעטום: די שפּורן פון דערלייזונג.

זיין ווירדיקע האַלטונג אונטער אַלע אומשטענדן, זיין ברייטער בליק אויף זאַכן און דערשיינונגען, זיין טאָלעראַנץ און זיין פעיקייט צו פאַרשטיין אַ צווייטן צד, זיין ערנסטע און ערלעכע באַציונג צו יידישע און אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, — דאָס רופט אַרויס אַ באַזונדער דרך־ארץ צו אים. דאָס צוימט אפילו די שקצים וואָס האָבן ליב צו וואַרפן שטיינער . . .

אַפּריל 5טן, 1940.

## רבנו חיים זשיטלאָווסקי

אין פאַרבינדונג מיט דר. זשיטלאָווסקיס 70 יאָריקן יובילייִ וואָס ווערט איצט געפייערט אין דער יידישער וועלט, ווערן אין דער יידישער פּרעסע, נאַטירלעך, פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען מיט אָפּשאַצונגען וועגן דער באַדייטונג און אויפטוען פונם גרויסן יובילאַר. די אַרטיקלען קומען פון מענטשן פון פאַרשיידענע ריכטונגען, און זיי טראָגן דערפאַר אַ פאַרשיידנאַרטיקן כאַראַקטער — איר וועט ניט וואונדערן אפילו, ווען זיי וועלן סותר זיין איינער דעם צווייטן.

דר. זשיטלאָווסקי איז אַ רייכע פּערזענלעכקייט, און ער האָט עפּעס פאַר אַלעמען. דער אויסוואַל אָבער איז אין די הענט פון די מקבלים, די נעמערס — יעדערער קלייבט זיך אויס פון די גייסטיקע אוצרות דאָס וואָס פּאַסט זיך אַמבעסטן צו זיין אייגענעם געשמאַק.

צו דער פייערונג פון דר. זשיטלאָווסקיס 70 יאָריקן יובילייִ זעצן זיך דערפאַר אויס ביי איין טיש מענטשן פון די פאַרשיידנסטע ריכטונגען אינם יידישן לעבן, — אַזעלכע וואָס קעמפן תמיד צווישן זיך און וואָס אונטער וועלכע ס'איז אַנדערע אומשטענדן קאָן מען זיך גאָר ניט פאָר־שטעלן, אַז זיי זאָלן זיצן ביי איין טיש.

די מחנה פון זשיטלאָווסקיס פאַרערער ציט זיך פון כמעט־קאָמו־ניסטן, פון איין זייט, ביז ציוניסטן, ראַביים און אָרטאָדאָקסישע יידן. צווישן זיי געפינען זיך אַלע צווישנדיקע ריכטונגען, סאָציאַליסטישע, האַלב סאָציאַליסטישע, און קולטורעלע, און הויפּטזאַכלעך יידישע פאָלקס מענטשן, די "סתם יידן", איז ווערעם נאָמען אַלע ריידן . . .

די אַלע געניסן פונם רייכן זשיטלאָווסקי טיש. פאַר יעדערן איז דאָ אַ חלק לויט זיין געשמאַק, און איינער דאַרף ניט כאַפּן פונם צווייטנס טעלער. אַ ביינדל פונם טיש כאַפּן אפילו די, וועמען עס שטייט ניט אָן צו זיצן ביי דעם דאָזיקן טיש.

פון די אַרטיקלען האָט מיר באַזונדער אויפמערקזאַמקייט צוגע־צויגן איינער מיט אויסטערלישן נאָמען "רבנו חיים זשיטלאָווסקי". אויסטערליש — דערפאַר, ווייל אין אונדזערע צייטן איז עס אַביסל ריזי־קאַליש צו באַנוצן זיך מיט אַזאַ "רעאַקציאָנערן" טיטול ווי "רבנו", און באַזונדערס אויסטערליש, ווען דאָס קומט פון פען פון איינעם פון אונד־זערע זייער "לינקע" שרייבערס, מנחם.

איך וועל דאָ ניט פּרובירן איבערגעבן דעם אינהאַלט פון דעם אַרטיקל. דער נאָמען אַליין האָט מיך אימפּאָנירט. איך בין זיך מודה ומתודה אין מיינע זינד, אַז ביי מיר אַליין האָט זיך געבעטן בנוגע זשיט־לאָווסקי אָט דער — זאָל מיר דער פּאַראַגראַפ מוחל זיין, — אָט דער ערן טיטול, מיט וועלכן עס זיינען ביז ניט־לאַנג געקרוינט געוואָרן די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן איבערגעלאָזן טיפע שפּורן אין דער יידישער געשיכטע.

"דאָקטוירים" זיינען ווי "רבים" — זייער צאָל איז לעגיאָן. דעם ערן טיטול "רבנו" האָבן אָבער געקראָגן געציילטע ליכטיקע פּערזענלעכ־קייטן אין דער יידישער געשיכטע.

און רבנו חיים זשיטלאָווסקי איז איינער פון די דאָזיקע פּער־זענלעכקייטן.

* * * * *

קיינער פון די שטערן פון דער יידישער געשיכטע האָט ניט געקראָגן דעם טיטול "רבנו", סיידן ער איז אַנערקענט געוואָרן אַלס פירער און וועג־ווייזער פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט פונם פאָלק.

"רבנו" גרשם מאור הגולה. יאָ: "רבנו" משה בן מיימאָן, יאָ; אָבער אַזאַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט ווי דער בעל שם טוב האָט ניט דערגרייכט ווייטער ווי "רבי" ישראל. דאָס זעלבע רבי שניאור־זלמן ליאַדיער, אָדער זיין מעכטיקער קעגנער, דער ווילנער גאון.

זיי זיינען געווען פירערס, רעוואָלוציאָנערן (ווי אין בעל שם טובס פאַל). זיי זיינען אָבער געווען אָנפירערס נאָר פון באַשטימטע ריכטונגען אינעם יידישן לעבן. זיי האָבן געשאַפן — ריידן אויף דער פילאָזאָפישער שפּראַך—"טעזן און אַנטיטעזן" אינעם יידישן לעבן. זיי האָבן אויסגעדריקט די כוחות וואָס זיינען געקומען אין שאַרפן צוזאַמענשטויס אינעם יידישן לעבן.

די "רבנוס" זיינען געווען די (איך פאָלג דאָ נאָך מנחמס גע־דאַנקען־גאַנג אינעם דערמאָנטן אַרטיקל), וואָס האָבן געשאַפן די סינטעזן, האָבן שלום געמאַכט צווישן די סותרדיקע כוחות. זיי זיינען געווען

די, וואָס האָבן פוןביידע סתירות אַרויסגענומען דאָס פּאָזיטיווע, דאָס שעפערישע, און משלים געווען איינס מיטן צווייטן.

* * * * *

און דאָס איז וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט געטאָן, — איבער־הויפּט אויפן געביט פון נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם. און אויב אַט די קעגנזייטיק פאַרניכטנדיקע כוחות הויבן אָן ביסלעכווייז אַלץ מער שלום מאַכן צווישן זיך, איז עס אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק דר. זשיטלאָווסקי.

דר. זשיטלאָווסקי איז צו גרויס צו קאָנען אַריינפּאַסן זיך אין וועלכער ס'איז ראַם פון אַ פּאַרטיי. זיין ראָל איז אַ סך אַ גרעסערע. ער קלייבט אַלץ וואָס איז פּאָזיטיוו און שעפעריש, וואו נאָר ער געפינט עס, און פורעמט עס אויס אויף זיין אייגענעם שטייגער.

און אין אָט דער ראָל מוז ער זיין ניכטער און אָביעקטיוו, און ניט געבונדן מיט קיין ענג־פּאַרטייאישע "אני־מאמינס".

און אין אָט דער ראָל האָט ער געשאַפן יידישע געשיכטע, — און זיין ווירקונג האָט דערגרייכט אויך די ניט־יידישע גאַס.

און דערפאַר איז עס מעגלעך איצט, צו זיין 70 יאָריקן יובילֵיי, אַז מענטשן פון די פאַרשיידנסטע ריכטונגען אינם יידישן לעבן, וואָס קעמפן צווישן זיך אויף לעבן און אויף טויט, זאָלן זעצן זיך ביי איין טיש צו פרייען זיך מיט דער מתנה וואָס די געשיכטע האָט געשענקט אונדזער דור.

אַפּריל 5טן, 1935.

## יידן אין קאַנאַדע

ווען מיר פּראָטעסטירן קעגן דיסקרימינאַציעס קעגן יידן אין אוני־ווערסיטעטן אָדער אין באַשעפטיקונג אין קאַנאַדע, פאָדערן מיר ניט אונדזערע רעכט אין נאָמען פון "אַבסטראַקטער מענטשלעכקייט". מיר פאָדערן ניט קיין חסד, נאָר דאָס וואָס אונדז קומט.

מיר האָבן אַ חלק אין קאַנאַדע, גלייך מיט די בירגער פון פראַנ־צויזישן אָדער בריטישן אָפּשטאַם. אונדזער יוגנט האָט פאַרגאָסן איר בלוט פאַר קאַנאַדע אין די לעצטע צוויי מלחמות, אָבער אונדזער בייטראַג צום אויפבוי פון קאַנאַדע גייט אַ סך ווייטער צוריק, — פּאַקטיש אַזוי ווייט צוריק, ווי ס'איז דאָ אַלט דער ווייסער ישוב בכלל.

מיר אליין שאצן ניט אפּ געהעריק אונדזער ביישטראג צו קאנא־דעם אויפבוי, ווייל מיר ווייסן ניט די געשיכטע פון אונדזער יידישן ישוב אין קאנאדע. א סך פון אונדז פילן א מינדערווערטיקייט געפיל, ווייל זיי אליין מיינען, ווי די וואס רעכענען זיך פאר די איינציקע באלע־באטים פון לאנד, אז מיר זיינען געקומען אהער אויף אלעם פארטיקן, נאכדעם ווי פראנצויזישע און בריטישע פּיאנערן האבן באזיגט די ווילדערניש און געשאפן דעם ישוב.

אויב איר פילט זיך אזוי מינדערווערטיק אין קאנאדע, בארעכ־טיקט איר טיילווייז אייער סטאטוס פון צווייטקלאסיקער בירגערשאפט. איר דארפט זיך באפרייען פון אט דעם געפיל, און איר דארפט אייערע קינדער באפרייען פון אים, — לייענט ב. ג. זאקס "געשיכטע פון די יידן אין קאנאדע"* (אין ענגליש), ארויסגעגעבן פונם קאנאדער יידי־שער קאנגרעס).

* * * * *

דער באקאנטער יידישער געלערנטער, ב. ג. זאקס, האט אפּגעזוכט יידישע שפורן אין קאנאדע נאך ווייט צוריק, אין דער צייט פונם פראנצויזישן רעזשים. ס'איז דא א מערקווירדיקע געשיכטע פון א יידיש מיידל, פארשטעלט ווי א יינגל, וואס האט זיך ארייגעגנבעט קיין קא־נאדע מיט וואסערע 300 יאר צוריק, און האט פאראורזאכט א גוואלדיקע פּראבלעם, ווען זי האט זיך אפּגעזאגט פון שמדן זיך.

דאס איז אפשר נאר "זייער אן אינטערעסאנטער קוריאז". פון גרעסערער באדייטונג איז געווען די אקטיווע יידישע הילף צו דעם פראנצויזישן פּיאנערן ישוב. די היסטארישע לייסטונגען פון דער גראדים פאמיליע צו דעם ישוב מיט 200 יאר צוריק ווערט באטאנט פון א סך פראנצויזישע היסטאריקער, און ב. ג. זאקס האט עס פארצייכנט אין זיין געשיכטע פון די יידן אין קאנאדע.

* * * * *

די ערשטע יידן אין קאנאדע זיינען ניט געווען קיין "פּעדלערס און שניידערס", ווי אייניקע פון אונדז אליין מאכן דעם טעות צו מיינען. צו אייער דערשטוינונג וועט איר אין זאקס געשיכטע אויסגעפינען, אז די ערשטע יידן וואס זיינען געקומען און באזעצט זיך אין קאנאדע זיינען געווען ווי די ערשטע פראנצויזן און ווי די ערשטע בריטישע — סאלדאטן!

אמת איז, אז יידישע סוחרים און רייזנדע האבן צייטנווייז בא־זוכט קאנאדע פאר די סאלדאטן. איינער א יידישער שיף־רייזנדער, יוסף

*History of the Jews in Canada, By Benjamin G. Sacks. $3.00.

דע לא פענכא, וועלכער האָט געראַטעוועט דאָס לעבן פון קעניג וויליאַם דער דריטער אין א שטורעם, האָט דערפאַר געקראָגן פון אים א מתנה, — דעם ריזיקן האַלב־אינדזל לאַבראַדאָר, פאַר אים און פאַר זיינע יורשים נאָך אים, — אין יאָר 1697 (דע לא פענכא האָט קיינמאָל ניט אויס־גענוצט זיין רעכט אויף אָט דעם ריזיקן שטח לאַנד).

אָבער צווישן די ערשטע יידן וואָס האָבן זיך באַזעצט אין קאַנאַדע איז געווען א לייטענאַנט פון דער בריטישער אַרמיי, — און דאָס איז געווען אין 1724! אַנדערע יידן האָבן אַנגעהויבן קומען אין יענער צייט, און אַלע זיינען געווען דירעקט אָדער אומדירעקט פאַרבונדן מיט דער אַרמיי.

* * * * *

יידן האָבן געשפּילט א דירעקטע ראָל אינם קאַמף צווישן די ענגלענדער און די פראַנצויזן פון קאַנאַדע, אין ביידע צדדים. יידן זיינען געווען צווישן די לאָיאַליסטן וואָס האָבן פאַרלאָזן די פאַראייניקטע שטאַ־טן נאָך דער רעוואָלוציע צו באַזעצן זיך אונטערן בריטישן פלאַג אין קאַנאַדע, כאָטש עס זיינען אויך געווען יידן וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע.

יידן האָבן געשפּילט א ראָל אין קאַנאַדעס קאַמף פאַר אויטאָנאָמיע, כאָטש עס זיינען געווען יידן, ווי ענגלענדער, לאָיאַל צו ענגלאַנד. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַוועגונגען אין לאַנד פאַר די לעצטע צוויי הונדערט יאָר.

און יידישע פּיאָנערן האָבן אינם לעצטן טייל פון לעצטן יאָר־הונדערט צוגעטראָגן זייער חלק צו דער עפענונג פון דער וועסט, און וויניפּעג און מערב קאַנאַדע זיינען אויסגעוואַקסן מיט דער הילף פון זייער בלוט און שוויים.

* * * * *

זאַקס געשיכטע פון די יידן אין קאַנאַדע איז געשריבן אין א לעבעדיקן סטיל און מיט אויגנשיינלעכער ערודיציע און וויסן, באַזירט אויף גרינדלעכע פאָרשונגען. עס לייענט זיך לייכט "ווי א שפּאַנענדער ראָמאַן", ניט געקוקט אויפן וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער פון דעם בוך.

און ס'איז א נוצלעך בוך. מיר און אונדזערע קינדער דאַרפן לייע־נען און לערנען דאָס בוך, כדי מיר אַליין זאָלן זיך ניט פילן דאָ אין לאַנד ווי מינדערווערטיקע בירגער, — און מיר דאַרפן אויך זען אַז אונדזערע ניט־יידישע שכנים זאָלן אים לייענען: זאָלן אַמוויינסטנס די ערלעכע צווישן זיי באַקענען זיך מיט די פאַקטן . . .

דעם קאָנגרעס קומט א יישר כוח פאר ארויסגעבן דאָס בוך, — דערוויל דער ערשטער טייל וואָס נעמט ארום דעם פעריאָד ביז 1900 (דער צווייטער טייל איז נאָך ליידער דערוויל ניט געשריבן געוואָרן).

יאנואר 11טן, 1946.

## פון אושאטש ביז קאלגארי

פון אושאטש ביז קאלגארי איז א גוואלדיקער מהלך, — אין רוים און אין צייט. איבער אָט דעם לעבנס וועג איז דורכגעגאנגען אין משך פון 78 יאָר איינער פון די גרויסע זין פונם יידישן פאָלק, דר. חיים זשיטלאָווסקי.

צווישן אושאטש און קאלגארי איז געלעגן א גרויסע עפּאָכע אינם לעבן פונם יידישן פאָלק און פון דער מענטשהייט בכלל. גוואלדיקע אידייאישע און פּאָליטישע איבערקערענישן זיינען פאָרגעקומען אין דעם דאָזיקן שטח. און דר. זשיטלאָווסקי איז געווען אין דער סאמע געדיכטעניש פון דער שטראָמענדיקער געשיכטע פון דער צייט. און ער איז ניט געווען א "מיטפאָרער" אָדער "מיטגייער" (כאָטש לעצטנס האָט ער זיך אליין על־פּי טעות פאַרצייכנט פאר א "מיטגייער"), — נאָר א קעמפער, א פירער און א וועג־ווייזער, וואָס האָט געשלעפּט די געשיכטע אין א באשטימטער ריכטונג, — אין דער ריכטונג פון "אמת, יושר און שיינקייט".

זיינע גרויסע לעבן־ארבעטן האָט ער געהייליקט הויפּטזאכלעך צום יידישן פאָלק. אָבער דר. זשיטלאָווסקי האָט שוין לאַנג געוווּסט ווי פאַרפירעריש און האָפנונגלאָז עס איז "אַסימילאַציאָניזם", בפרט פאַר א וועלט פאָלק ווי דאָס יידישע, און ער האָט דערפאַר ענג פאַרבונדן דעם קאמף פונם יידישן פאָלק מיטן פּראָגרעסיוון קאמף פון דער גאנצער מענטשהייט.

* * * * *

עס איז א צופאל וואָס דר. זשיטלאָווסקי איז געשטאָרבן אין קאלגארי. עס איז א צופאל וואָס זיין לעצטע לעקציע האָט ער געהאלטן אין מערב קאנאדע, און די טעמע איז געווען "די עקזיסטענץ פונם יידישן פאָלק".

ס'איז אָבער געווען א מערקווירדיקער צופאל. עס איז באשערט געווען, אַז זיין לעצטע ווארט זאָל הערן מערב קאנאדע, ווו זיין תורה האָט געלאָזן באזונדערס טיפע ווארצלען אינם לעבן פון דעם יונגן יידישן

ישוב, און אז ער זאָל גראָד אין דעם פאַל ריידן ניט איבער אַ פּאָליטי־שער טעמע, ווי מענטשן, אפילו די גרעסטע, זאָלן זיין אונטערוואָרפן אונטער ציטוויייליקע איינפלוסן און בלאָנדזשעניש, נאָר איבער איינער פון די טעמעס וואָס דרינגען אריין טיף אין דער געשיכטע פונם גייסטיקן לעבן פונם יידישן פאָלק, — אַ געביט וואָס האָט געמאַכט דר. חיים זשיטלאָווסקי פאַר דער גרויסער, אָנפירנדיקער פּערזענלעכקייט פון דור.

* * * * *

ווי איינער פון זיינע נאָענטסטע פריינט דאָ, — וואָס זיינען פאַרבליבן זיינע תּלמידים און נאָענטסטע פריינט כאָטש אונדזערע וועגן האָבן זיך לעצטנס צעשיידט צוליב אָט די ציטוויייליקע פּאָליטישע בלאָנדזשענישן, — אונדזערע מסתּמא ניט ווייניקער ווי זיינע, — האָב איך געהאַט די זכיה צו כאַפּן אַ בליק אויף זיין טויטן פּנים ווען מען האָט זיין קערפּער פאַרבייגעפירט וויניפּעג אויפן וועג צו זיין אייביקער רו אין ניו־יאָרק. פון זיין שיינעם פאַרגליווערטן פּנים האָט ארויסגע־שיינט נאָך די חכמה וואָס האָט שטענדיק באַלויכטן זיין לעבעדיקע געשטאַלט.

און איך האָב געטראַכט: אויב עס איז שוין געוואָרן אַ שאַבלאָן די פראַזע וואָס מיר באַנוצן אַזוי אָפט: „. . . געשטאָרבן, אָבער זיין גייסט לעבט”, — איז עס ניט קיין שאַבלאָן ווען מיר זאָגן עס בנוגע זשיטלאָווסקין. זיין קערפּער איז טויט, אָבער זיין חכמה וואָס האָט פון אים ארויסגעשטראַלט דורך די לאַנגע פרוכפּערדיקע יאָרן פון זיין לעבן איז פאַרבליבן ווי אַ גייסטיקער קנין פונם יידישן פאָלק, און וועט עס פאַרבלייבן פאַר דורות און דורות.

צוויי דורות האָבן שוין געשעפּט פון אָט דעם קוואַל פון זיין חכמה. עס האָבן געשעפּט ניט נאָר אָנהענגערס און פריינט, נאָר אויך קעגנערס און שונאים. אָבער דער קוואַל איז ניט אויסגעשעפּט. און אים איז נאָך דאָ אַ שפע פון אייביקע אמתן, פון וועלכע דורות וועלן נאָך שעפּן.

* * * * *

אינם יידישן לעבן, ווי אין דעם לעבן פון אַנדערע פעלקער, זיינען אַלעמאָל פאָרגעקומען גרויסע קאַמפן, — ביי יידן נאָר האָבן זיי געמוזט באַשרענקען זיך צום גייסטיקן געביט, בעת ביי די אומות העולם האָט עס אָפט אָנגענומען די פאָרמען פון פיזישן קאַמף.

פאַר דורות זיינען אָנגעגאַנגען גוואַלדיקע מחלוקתן צווישן בית־שמאי און בית־הלל. די שפּעטעריקע חכמים האָבן אָפּגעפּסקנט, אַז אַלע געזעצן בלייבן ווי בית־הלל האָט געאורטיילט, חוץ זעקס, וואו עס איז „הלכה כבית־שמאי”.

איך וועל דאָ דערמאָנען נאָך איינעם פון די קאַמפן פון די נייערע צייטן, — פון דעם ווילנער גאון און דעם ליאַדיער רבי. עס האָט אויך אַרויסגערופן ביטערע קריגערייען, וואָס האָבן דערפירט אַפילו צו חרמות און מסירות. די צייטווייליקע ליידנשאַפטן אַרום די קאַמפן וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אינעם דאַמאָלסטדיקן סדר פון לעבן, זיינען דורך די דורות אויסגעלאָשן געוואָרן. די שפּעטערדיקע דורות האָבן פאַר־היילקטביידע צדדים, וואָס האָבן גלייך באַרייכערט גייסטיק דאָס יידי־שע לעבן.

דר. זשיטלאָווסקי איז אויך געווען אַ קעמפער. ער האָט אויך אַרויסגערופן גרויסע קעגנערשאַפט און גרויסע מחלוקותן, און האָט אויפגערייצט אַ סך ליידנשאַפטן. ניט אין אַלע פאַלן וועט בלייבן "הלכה כזשיטלאָווסקי". זיינע ווערק וועלן איבערגעזיפּט ווערן, — דאָס פּער־מאַנענטע פונם צייטווייליקן וועט אויסגעטיילט ווערן.

אָבער דורות וועלן פאַרביי, און נייע-דורות וועלן אָביעקטיוו אָפּשאַצן דעם לעבנס וועג "פון אושאַט ביז קאַלנאַרי", — און עס איז קיין שום ספק ניטאָ, אַז דר. זשיטלאָווסקים נאָמען וועט פאַרבלייבן טיף איינגעקריצט אויף די טאָוולען פון דער יידישער געשיכטע.

מאַי 11טן, 1943.

## דער ריכטער

(אַ ניט־געהאַלטענע רעדע לכבוד ש. ניגערס 50 יאָריקן יובילײ)

איך האָב היינטיקע וואָך געהערט צוויי רעפעראַטן פון סער נאָרמאַן ענדזשעל. דער פּראָמינענטער בריטישער פּובליציסט און דענקער האָט באַטאָנט די דרינגענדיקע נויטווענדיקייט פון שכל־הישר און אָביעקטיווער אַריינטראַכטונג פאַר דער לייזונג פון די וועלט פּראָבלעמען פון היינטיקן טאָג.

סער נאָרמאַן האָט געוואָרנט, אַז ס'איז זייער געפערלעך צו לאָזן זיך פאַרפירן פון מאָמענטאַלע געפילן און אימפּולסן אין דער באַהאַנדלונג פון מענטשלעכע פּראָבלעמען. אָט די אימפּולסן, האָט ער געזאָגט, האָבן עס דערפירט די וועלט צו איר קריטישער לאַגע, און די וועלט וועט פון איר ניט קאָנען אַרויס, וואו זי וועט ניט אָנהויבן באַנוצן זיך מער מיט שכל, און ווייניקער מיט אימפּולסן.

* * * * *

און דערנאָך האָב איך געהערט ש. ניגערס אַ רעפעראַט וועגן די דייטשע יידן.

די איצטיקע לאגע פון די דייטשע יידן האט אויפגערודערט די גאנצע יידישע וועלט. זי האט אויפגעברויזט א ים מיט געפילן און אימפולסן.

אוואדע: א געפיל פון גערעכטן צארן קעגן דעם ווילדן היטלעריזם; און דאן, א געפיל פון רחמנות צו די ליידנדיקע דייטשע יידן.

און דאן, א גאנצע רייע אנדערע געפילן. אט, למשל, טענהן געוויסע יידן, אז מיר האבן בכלל וויניק שייכות צו די פרעמדע דייטשע יידן, וואס זיינען דורכאויס אסימילירט; און אט דערציילט מען, ווי דייטשע יידן, אפילו אין זייער גלות, קוקן פון־אויבן־אראפ אויף אונדזערע מזרח יידן. דאס לעצטע רעגט אונדז, נאטירלעך, באזונדערס אויף.

דערציילט אונדז ש. ניגער, אז די דייטשן יידן זיינען אונדז ניט קיין פרעמדע, נאר זיי זיינען אונדזער בלוט און פלייש; און אז אפילו שוין אין די לעצטע דורות, אין וועלכע זיי האבן ביסלעכווייז דערווייטערט זיך פון אונדז, האבן זיך די גייסטיקע באציונגען צווישן אונדז ניט איבערגעריסן.

און איצט, ווען דער פינצטערער גורל האט זיי אראפגעווארפן פון זייער גדולה און טרייבט זיי אין אונדזערע ארעמס, דארפן מיר זיי אויפנעמען פשוט און איינפאך, ווי ברידער, — ניט מיט צדקה־תציל־ממות פושקעס, ניט מיט דערנידעריקנדיקן רחמנות און — ניט מיט פארדראסן און טענות.

זיי האבן נאך איצט זייערע גרויסע מעלות, מיט וועלכע זיי קאנען בארייכערן אונדזער אידיש לעבן. זיי האבן זיכער אויך זייערע חסרונות, און מיר קאנען אין א סך הינזיכטן ווערן זייערע לערערס.

* * * * *

האב איך איצט בעסער פארשטאנען די באדייטונג פון ש. ניגער, דעם ליטעראטור קריטיקער און פובליציסט, ד״ה, דעם קריטיקער פון אונדזער געזעלשאפטלעכן לעבן.

פארוואס האט ש. ניגער פארנומען אזא אייגנארטיקן ארט אין דער יידישער ליטעראטור און אין דער יידישער פובליציסטיק? פארוואס איז זיין ווארט וואגיק און מיט אים רעכענען זיך ניט נאר אנהענגער, נאר אויך קעגנער און שונאים?

ווייל ער איז דער קלאסישער קריטיקער אין אונדזער ליטעראטור און געזעלשאפטלעכן לעבן, — דער קריטיקער, וואס לאזט זיך ניט

פארפירן פון די מאָמענטאַלע אימפּולסן און ליידנשאַפטן וואָס ברויזן ארום אים, נאָר טרעט צו צו אלע פּראָבלעמען פון לעבן מיט זיין אָביעק־טיוון שכל.

ווייל ער שטייט העכער פונם מאָמענטאַלן און פאַרבייגייענדיקן, און זיין אָביעקטיווער, ברייטער בליק איז געווענדעט צו דער דויער־האפטיקייט (איך האָב ניט ליב צו באַנוצן זיך מיטן וואָרט "אייביקייט").

* * * * *

איך האָב אָפּט טענות צו אונדזערע גדולים, למאי זיי זיינען אזוי איינגעשלאָסן אין די ד' אמות פון זייערע "בתי מדרשים", און האבן אזוי ווייניק דירעקטע פארבינדונגען מיטן ראשיקן לעבן ארום זיי.

איך האָב דערפילט, אז צו ש. ניגערן קאָן איך אָט די טענות ניט האָבן. ער מוז זיין אזוי.

אין א דזשורי נעמט מען ניט אריין א פּערזאָן פאַראינטערעסירט אינם פּראָצעס. און ש. ניגער איז נאָך מער ווי א דזשורי־מאַן: ער איז א ריכטער, און ער מוז זיך האלטן אָן א זייט פונם ליידנשאַפטלעכן קאמף ארום אים, כדי ער זאָל ניט אָנגעשטעקט ווערן פון די ליידנשאַפטן און ניט פארפירט ווערן פון די געפילן און אימפּולסן, וואָס קאָנען פאַר־טונקעלן זיין אורטייל־קראַפט.

אין אזא שטורעמדיקער צייט, ווען מענטשן ווערן באהערשט פון ליידנשאפטן מער ווי פון שכל, איז זייער שווער צו בלייבן שטיין אויף אַן אָביעקטיווער הויך. ש. ניגער איז אָבער געבליבן שטיין אויף זיין פּאָסטן, אינם קאמף פארן שכל־הישר, ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער ווערט כסדר אטאקירט אין פארזוכן ארויסצושטויסן אים פון זיין פּאָזיציע.

א דאנק אים דערפאר, און א ווונטש: נאָך לאַנגע יאָרן פון פּרוכטבארער ארבעט.

נאָוועמבער 10טן, 1933.

# אברהם רייזען

פרי אין דעם יאָרהונדערט — ערגעץ ארום 1901 אָדער 1902, — האָט דער עלטערער זון אין אונדזער משפּחה, קומענדיק אהיים פון די ווייטע מקומות אויף יום־טוב, געבראַכט מיט זיך א יידיש ליד, וואָס איז געווען גאַנץ אנדערש פון אלע אַנדערע יידישע לידער וואָס מיר האָבן דאן געהערט פון דער מאַמען. דאָס נייע ליד איז געווען ניט פון ליבע

און ניט פון טרערן, ווי אלע יידישע לידער ביז דאן, נאר זי האט עפעס אריינגעטראגן אינם יידישן ליד א נייעם טאן פון שטאלץ, מוט און האפענונג.

דאס ליד איז געווען „א, וואס קלינגט אין קירכן גלאקן".

דעם נאמען פון דעם דיכטער האבן מיר דאן ניט געוווּסט, — און איך ווייס ניט, צי ער וואלט געוואלט מען זאל ווּיסן: אין יענע יארן פון ביטערער צארישער רעאקציע אין רוסלאנד וואלט מען פאר אזא ליד אפשר פארשיקט אין אלף השש׳ אריין. מיר האבן בלויז געוווּסט, אז מיר, יונגע רעוואלוציאנערן, וואס האבן ערשט געפייערט זייערע בר־מצוהס און אויפגעהערט לייגן תפילין, מעגן זינגען דאס ליד, כאטש ס׳איז אין יידיש, מיט דער זעלבער חשיבות, ווי מיר האבן געזונגען רוסישע רעוואלוציאנערע לידער . . .

שפעטער האבן מיר שוין געהערט אנדערע יידישע לידער, וואס מען האט „געמעגט זינגען". אבער אברהם רייזען איז געווען דער ערש־טער וואס האט אריינגעבראכט דעם טאן אין דער יידישער פאעזיע.

ס׳איז טאקע געווען א נייער גלאק — „ניט צו שרעקן, נאר צו וועקן". . .

איין גרעסערער יידישער דיכטער ביז אים, שמואל פרוג, האט געשריבן פרעכטיקע ליריש רוסישע לידער. אין יידיש, אדער „זשאר־גאן", ווי מען האט עס נאך דאן גערופן, איז ער געווען הילפלאז, און זיינע מייסטע יידישע לידער לייענען זיך היינט ווי בדחנות.

* * * * *

אברהם רייזען איז פאקטיש געווען דער ערשטער יידישער דיכ־טער, וואס האט אריינגעבראכט דעם מאדערנעם, ווירדיקן טאן אין א רייכקייט פון שפראך אין דער יידישער פאעזיע. ער איז פאקטיש איינער פון אונדזערע נעא־קלאסיקער; אבער אנדערש ווי א קלאסיקער לויטן בארימטן גלייכווערטל, ווערט ער געלייענט און געזונגען מיט פארגעניגן פון יונג און אלט ביז היינטיקן טאג.

אין דער הינזיכט קען ער זיך פארגלייכן, צווישן אונדזערע קלא־סיקער, מיט שלום עליכמען, וועלכער ווערט נאך איצט מיט פארגעניגן געלייענט פון די ברייטע מאסן.

און אברהם רייזען, וועלכער איז איינער פון די זיילן פון דער מאדערנער יידישער ליטעראטור, לעבט ניט בזכות זיינע אלטע פאר־דינסטן. ער איז ניט קיין וועטעראן, נאר א לעבעדיקער, שפרודלדיקער, שאפנדיקער כוח אין דער יידישער ליטעראטור ביז היינטיקן טאג.

כאָטש א גרויסער דור פון יידישע דיכטער איז אויסגעוואקסן נאָך אים, פאַרנעמט ער נאָך אַלץ אז אויבנאַן אין דער יידישער פּאָעזיע. וואָס איז שייך זיין פּראָזע, זיינען זיינע קורצע דערציילונגען וואָס דער־שיינען נאָך עד היום פאַקטיש יעדער וואָך (אין פאָרווערטס) פון די פיינסטע ליטעראַרישע מוסטערן, און זיי וואָלטן געווען א גרויסער ביי־טראָג אפילו צו א סך א רייכערער ליטעראַטור, ווי די יידישע.

* * * * *

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו באַגעגענען זיך מיט אברהם רייזען מיט עלף יאָר צוריק. ער איז דאַן געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער קאָמוניסטישער "פרייהייט".

אוודאי איז ער דאַן אויך ניט געווען קיין קאָמוניסט. ער איז בכלל זייער ווייט פון א פּאָליטיקער, — ער איז ניט פון דעם סאָרט וואָס קאָן באַלאַנגען צו א פאַרטיי און אָנפירן אַ "קאַמף", ווייל אויסער ליבע, מוז מען אין א פאַרטיי פאַרמאָגן אויך האַס, און דאָס איז א געפיל וואָס איז אים פרעמד און דערווידער.

ער האָט דאַן ביים ערשטן בליק געמאַכט דעם איינדרוק פון א מילדן, גוטהאַרציקן מענטשן. אים האָט פאַרדראָסן ווען איך האָב זיך פאַר אים מודה געווען, אז איך באַלאַנג ניט צו דער "באַוועגונג", אָבער ברוגז איז ער דערפאַר אויף מיר ניט געווען.

פאַר מיר איז עד היום א רעטעניש, ווי אַזוי ער האָט זיך גע־קאָנט איינפּאַסן פאַר א צאָל יאָרן אין דער דאַן גליענדיקער אַטמאָספערע אַרום דער "פרייהייט". ער איז פון איר אַנטלאָפן ערשט אין 1929, נאָך דער סקאַנדאַליעזער שטעלונג פון דער "פרייהייט" צו די פּאָגראָ־מען אין ארץ ישראל.

צום צווייטן מאָל האָב איך אים באַגעגנט ביי דער "ציקאָ" קאָנפערענץ לעצטן זומער, אין ניו־יאָרק. עטלעכע מאָל האָט ער גענומען דאָס וואָרט, און יעדער מאָל האָט ער גערעדט אין אזא מין טאָן: . . . "וואָס אַרט עס אייך, חברים . . . זעט נאָר, חברים, אז מען זאָל זיך ניט דאַרפן קריגן, עס זאָל זיין פריינטלעך, ברידערלעך". . .

* * * * *

דאָס איז אויך זיין ליטעראַרישער טאָן.

אברהם רייזען קאָן דערלאַנגען אין די טיפענישן פון די נשמות פון זיינע העלדן. ער איז אָבער זייער פּאַרזיכטיק ניט צו גראָבלען זיך דאָרט מיט די נעגל. ער טוט עס מיט צאַרטע, ווייכע, מוטערלעכע הענט.

ער ברענט זיי ניט מיט גליענדיקע אייזנס. ער האָט מענטשלעך ליב אַלע זיינע העלדן, די „שלעכטע" ווי די „גוטע". ער איז זיי אַלעמען גערן מוחל זייערע שוואַכקייטן, זייערע זינד. פאַר זייער אָרימקייט און ליידן, שענקט ער זיי אָפּט דאָס גרעסטע פון אַלע מענטשלעכע גליקן, — גליקזעליקייט.

ער איז אַן עכטער פאָלקס־מענטש: גוטמוטיק, ביז נאַאיוויטעט, און מיט אַן אייגנעם חוש פאַר הומאָר.

דערפאַר איז ער טאַקע אַזוי באַליבט ביי די יידישע מאַסן, — אפשר דער צווייטער אין דעם הינזיכט צו שלום עליכמען (אים צו לאַנגע יאָר). ער לאַכט אפילו ניט אויס די שוואַכקייטן פונעם פאָלק, ווי שלום עליכם האָט עס געטאָן, נאָר ער באַרירט זיי מיט לייכטן צאַרטן הומאָר, — מיט אַ שמייכל. און איך בין אַזוי גליקלעך צו דריקן דאָ ווידער זיין האַנט, — ניט נאָר ווי פון איינעם פון אונדזערע וויכטיקסטע ליטעראַ־רישע שאַפערס, נאָר אויך ווי פון אונדזערן אַן אייגענעם פאָלקס־מענטשן אינם שענסטן זינען פון וואָרט.

נאָוועמבער 29טן, 1938.

# פון דער זוניקער זייט

כאָטש אין יידישן פאָלקלאָר האָט דער „נביא", דער טרעפער, אַ שלעכטע מערכה, זיינען דאָ ביי אונדז אַ סך בעלנים אַריינצוקוקן אין דער צוקונפט. און אַז זיי קוקן אַהין אריין, האָבן זיי ליב צו טיילן זיך מיט זייערע מיט־מענטשן מיט זייערע איינדרוקן.

וואָס זשע זען זיי דאָרטן? דאָס הענגט אָפּ אַליין אָן דעם, וואָס זיי ווילן זען. צווייטנס, הענגט עס אָפּ אין אַ גרויסער מאָס אָן זייער פאַרדייאונג, — מענטשן מיט אַ גוטער פאַרדייאונג זען שיינע חלומות, און די ביי וועמען דער מאָגן אַרבעט שלעכט, זען קאָשמאַרן.

אַז איר הערט, למשל, פון אַ מענטשן וואָס האָט אַריינגעקוקט אין דער צוקונפט און האָט דערזען אַז יידישע קולטור און יידישע שפּראַך גייען ביי אונדז אונטער, איז עס גיכער פון אַליין דערפאַר, ווייל דער, „העלזעער" ווינטשט ערגעץ טיף אין הארצן זאָלן זיי אונטערגיין. אַז איינער זעט ווי ציוניזם באַנקראָטירט, איז עס מסתמא צוליב זיין ווונטש ער זאָל באַנקראָטירן; און אַז קאַסרילעווקער יידן האָבן פּאַרויסגעזאָגט אַז די באַן וועט ניט „אויסהאַלטן", איז עס ווייל קאַסרילעווקער יידן האָבן טיף אין האַרצן געשראָקן זיך פאַר דער רעוואָלוציע אין זייערע

פארגליווערטע לעבנס וואָס די באַן קאָן זיי ברענגען, און האָבן געוואָלט זען זי זאָל ניט אויסהאַלטן.

עס קאָן אָבער אויך זיין א יידישיסט, וואָס קוקט מיט פעסימיזם אויף דער צוקונפט פון יידיש; א העברעיסט, וואָס זעט ניט קיין עתיד פאר העברעיש, און א ציוניסט וואָס קוקט דורך טונקעלע ברילן אויפן ציוניסטישן מאָרגן. דאָס איז שוין גיכער ווי אלץ א מאָגן זאַך.

* * * * *

געזונטע נאָרמאַלע מענטשן טראַכטן בכלל ניט פון אונטערגאַנג. זיי קאָנען אויך טאַקע אריינקוקן אין דער צוקונפט, ווייל תכלית אינ־טערעסירט זיי אויך, אָבער זיי זען לעבן, און ניט טויט. מער ווי אלץ אינטערעסירט זיי אָבער דער היינט, — און ווי שלעכט און דריקנדיק דער היינט זאָל ניט זיין, זען זיי אָבער די זוניקע זייט וועלכע איז אַלעמאָל דאָ. זיי קוקן אויף דער שיינער וועלט און זיי זינגען א שיר צום לעבן.

צו אָט די געזונטע מענטשן באַלאַנגט אונדזער חשובער גאַסט, דער דיכטער ז. וויינפּער. ער האָט אריינגעטראָגן א שטראָם פון פרייד אין דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע ווייס אזוי ווייניק פון פרייד, און ער טראָגט מיט זיך דעם גייסט פון געזונטן אָפּטימיזם איבער דער גאַנ־צער ברייט פונם יידישן לעבן.

און ער האָט א שיינע מעלה פון זיין זיידן, — א יידן, א למדן און א חסיד. אז יידן פלעגן אָנהויבן חקירהן זיך אינם תכלית פונם לעבן און פלעגן אָנהויבן טרויעריק גריבלען זיך אינם "אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר", פלעגט ער א זאָג טאָן: נו, טאַקע אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר, אָבער דערווייל, אינמיטן, כאַפּט מען אריין א פינף און זיבעציק יאָרעלעך. צו וואָס זשע זאָרגן זיך?

* * * * *

מען זאָרגט זיך ביי אונדז אָפּט וועגן דער צוקונפט פון יידישער שפּראַך און יידישער קולטור אין אַמעריקע. געוויסע ריכטונגען אינם יידישן לעבן, וואָס האָבן א נעגאַטיווע באַציונג צום יידישן לעבן אויסער געוויסע באַדינגונגען וואָס זיי שטעלן אַרויס, זען אומפאַרמיידלעכן אונ־טערגאַנג. אפילו יידישיסטן און קולטוריסטן ווערן אָנגעשטעקט מיט פעסימיסטישן גייסט.

אָבער ז. וויינפּער דערמאָנט, ווי מ'ט 25 יאָר צוריק האָבן יידישע צייטונגען פאָרויסגעזאָגט זייער אייגענעם אונטערגאַנג. "אין 25 יאָר

ארום", האָבן זיי דאַן געשריבן, "וועט קיין זכר ניט בלייבן פון יידישער שפּראַך אין אַמעריקע".

און אַט די זעלבע צייטונגען שרייבן אַז פאַרגלייך אַ בעסערן יידיש היינט, ווי דאַן, און זיי שטייען אַ סך העכער זשורנאַליסטיש, און זייער טיראַזש איז אויך געוואַלדיק געשטיגן פון דאַן אָן.

אין משך פון אַט די 25 יאָר פון פאַרויסגעזעענעם אונטערגאַנג האָבן מיר געשאַפן אַ גרויסע ליטעראַטור, אַ דרך־ארץ פאַר דער יידישער שפּראַך, אַ ווייט־פאַרצווייגטע יידישע שול, אַ מאַסע קולטורעלע אינ־סטיטוציעס אא"וו.

פאַרוואָס זשע זאָלן מיר אָננעמען, אַז היינטיקע שוואַרץ־זעערס וועלן טרעפן בעסער ווי די פאַר 25 יאָריקע און, בכלל, וואָס איז דער תכלית פון זאָרגן זיך פאַר מעגלעכן אונטערגאַנג — דערווייל קאָנען מיר אַריינכאַפּן גלאָררייכע יאָרן פון לעבן!

* * * * *

גלאָררייכע? איז אונדז טאַקע אַזוי גוט? בליט עס אַלץ ביי אונדז אַזוי? אוואַדע ניט. עס פעלט אונדז מער ווי ס'איז פאַראַן. ז. ווײַנפּער זעט עס אויך. אָבער צו וואָס גיין אין שאָטן, ווען ס'איז דאָ זון — זאָל זיין אַ שמאָלער פּאַס זוניקייט. אַז איר טרעט צו דער זאַך צו מיט אַזאַ מוט און פרייד, איז, דאַכט זיך, טאַקע ניט נאָר גרינגער צו לעבן אויף דער וועלט, נאָר אויך גרינגער צו באַזיגן דעם שאָטן און אויסברייטערן דעם זוניקן שטח.

די מענטשן וואָס טראָגן זיך תמיד אַרום מיט פּעסימיסטישע גע־דאַנקען פון צעפאַלונג און אונטערגאַנג זיינען ניט קיין בויערס. עס בויען די וואָס גלויבן אַ'נם לעבן.

געבענטשט זאָלן זיין די זוניקע מענטשן. איך האָב ליב די ווײַנ־פּערס וואָס טראָגן גלויבן, אָפּטימיזם און פרייד, — מענטשן מיט געזונטע נערוון און געזונטע נשמות.

יוני 2טן, 1939

## דער חבי"דניק

קלמן מרמר, וועלכן מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו הערן דאָ די טעג, איז אַ ווילנער. דאָס מיינט, אַז ער איז אַביסל געשטרויכלט

אויף די "שינען", אָבער דאָס מיינט אויך, אַז ער איז אַ ייד אַ למדן, אָנגעשטאָפּט מיט יידישער תורה אין דעם טראַדיציאָנעלן זינען פונם וואָרט, און גלייכצייטיק אויך מיט מאָדערנער יידישער און אַלגעמיינער קולטור.

כאָטש ער איז אַ ווילנער, איז ער אָבער ניט קיין קאַלטער מתנגד. שוין צו 18 יאָר, און שוין נאָך אַ געוויסער משכילישער און רעוואָלוציאָנערער קאַריערע, דערציילט זיין ביאָגראַפיע, האָט ער זיך מיטאמאָל אַריינגעלאָזן אין עקסטרעמער פרומקייט און האָט געדאַוונט מיט כוונות פונם אר"י — וואָס מיינט חסידיש.

און זיין גאַנץ לעבן פאַר די לעצטע 45 יאָר, זינט ער איז געוואָרן אַ שטיקל מענטש (ער איז שוין קרוב צו שישים, כאָטש ער זעט אויס אינגער), איז געוועזן פאַרברייד, און ער האָט זיך אויסגעלעבט מער חסידיש עמאָציאָנעל, ווי מתנגדיש קאַלט, אויסגערעכנט.

דערפאַר איז ער פון אַ רעוואָלוציאָנער אין די יונגע יאָרן, געוואָרן דערנאָך אַ ציוניסט און באַטייליקט זיך אין קאָנגרעסן, דערנאָך געוואָרן אַ הייסער פועלי־ציוניסט, און פון דאָרטן אַ שפּרונג געטאָן אינם מתנגדישן קאָמוניזם אַריין, און טאַקע מיט אַלע רמ"ח אברים און שס"ה גידים, לויט זיין עמאָציאָנעלער חסידישער נאַטור.

* * * * *

איך האָב אים דאָ געהערט ביים סוף 1929 אָדער ביים אָנהויב 1930, איך געדענק ניט גענוי. ס'איז אָבער געווען קירצלעך נאָך די טרויעריקע ארץ ישראל פּאַסירונגען, און ער האָט דאָ דאַן געהאַט די אומאַנגענעמע אויפגאַבע צו פאַרענטפערן די שטעלונג צו די פּאַסירונגען פון זיין "פּרייהייט", וואָס האָט דאַן סקאַנדאַליזירט די יידישע עפנטלעכע מיינונג.

ער האָט דאַן אויך געדאַרפט האַלטן זיך אין דעם לויפנדיקן קורס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי בנוגע "פּראָלעטאַרישער קולטור". דאָס איז אויך פאַר אים, דורכגעווייקט אין יידישער תורה, ניט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע, — כאָטש אַ ליטוואַק קאָן אַלץ.

איך האָב דאַן געהאַט דעם טיפסטן מיטגעפיל מיט אים. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז אָט דער ייד, קומענדיק אַהיים ביינאַכט נאָך אַ טאָג "פּראָלעטאַרישער קולטור" הענגט ער אַראָפּ די שטאָרן אויף די פענצטער און קוקט אַ־ריין אין אַ יידישן ספר. דערנאָך טוט ער אַן עפן די טיר, קוקט אַרויס פון די פענצטער, און ווען ער איבערציינגט זיך אַז קיינער איז ניטאָ, טוט ער אַ טיפן זיפץ אויפן חורבן פונם בית־המקדש, און אויך אויף די לעצטע פּאַסירונגען אין ארץ ישראל.

דער ייד, האָב איך געפילט, איז אין דאָפּלטן גלות, ווי יעדער ייד, און ווי א יידישער קאָמוניסט מיט א פולשטענדיקן יידישן הארץ און מיט א טיפער ליבע צום יידישן פאָלק, אינם דאָמאָלסטדיקן קאָמוניסטישן גלות.

* * * * *

נאָך ניין יאָר בין איך געווען צופרידן אים צו זען איצט אינגער און מונטערער ווי דאן. כאָטש די יידישע צרות פון היינטיקן טאָג פאַרשאַפן אים זיכער פיל זאָרג, איז ער אָבער, ווי אלע יידן, איצט בלויז אין איין גלות.

מען מעג שוין! קלמן מרמר, מיט ביידע פיס אין דער אלטער יידישער טראדיציע, קאָן שוין פריי רעדן אפילו פאר קאָמוניסטן וועגן תנ״ך, וועגן תלמוד, וועגן דער רייכקייט פון דער אלטער יידישער ליטעראטור, וועגן דער גלאָריע פון דער יידישער געשיכטע, וועלכע ער האָט אזוי גרינדלעך געשטודירט און וועלכע ער האָט אזוי ליב . . . ער קאָן אפילו ראטן זיינע קאָמוניסטישע חברים צו שטודירן אָט די אלטע יידישע קולטור אוצרות, וועלכע מען האָט געמוזט באטראכטן א קורצע צייט פריער ווי ״שימל״, צו וועלכן קיין פּראָגרעסיווער מענטש האָט זיך ניט געטאָרט צורירן.

* * * * *

דער שרייבער פון די שורות האָט אנומלט געמאכט א באַהויפּטונג (ביי א פארזאמלונג) וואָס וואָלט ערשט מיט א קורצער צייט צוריק אין אונדזערע ״פּראָגרעסיווע קרייזן״ באטראכט געוואָרן פאר א גרויסער אפיקורסות. ער האָט געזאָגט, אז די מייסטע פון אונדז האָבן געשעפּט זייער סאָציאליזם ניט פון קארל מארקסן, נאָר פון די נביאים, פון דער אלטער יידישער ליטעראטור, פון דער יידישער עטיק, מיט וועלכער דער יידישער לעבן־שטייגער איז געווען דורכגעדרונגען.

קלמן מרמר דערציילט ווי ער האָט געגרינדעט נאָך אין די יונגע יאָרן א קרייז פון בעלי מלאכות, וועלכע ער האָט אגיטירט צו קעמפן פאר יושר, פאר גערעכטיקייט, פאר סאָלידאריטעט צווישן די ארבעטער. ער האָט דאן נאָך ניט געוווּסט אז ס׳איז געווען א קארל מארקס אָדער א לאסאל אויף דער וועלט, און דאָס מאָדערנע וואָרט ״סאָציאליזם״ איז אים ניט געווען באקאַנט.

ער האָט דעם דראנג נאָך אָט די לאָזונגען, וואָס דער סאָציאַליזם האָט פּראָקלאמירט, איינגעזויגן, אזוי צו זאָגן, מיט דער מוטערס מילך.

"מען מעג", — און קלמן מרמר, איינער פון די פארברייכסטע פיגורן אין דער יידישער ארבעטער באוועגונג, איז פריי צו זיין צוריק דאס וואס ער איז בטבע: א ווארימער ייד, — א ווילנער מיט דער למדנישער טראדיציע פונם גאון, אבער אויך מיט א נויגונג צו חסידות.
א ליטווישער חסיד, — א חב"דניק.

דעצעמבער 6טן, 1938.

## ה. לייוויק

מיר האבן ניט קיין אקאדעמיעס, וואס זאלן, ווי ביי די אומות העולם, באשטימען ווער עס זאל טראגן די קרוין פון "פאעט לארעאט" פאר אונדזער דור. האלעווייי וואלט נאר דאס אונדז אויסגעפעלט, וואלט עס גאר ניט געווען אזוי שלעכט.

נו, נאטירלעך, האבן מיר ניט קיין "פאלקס וואלן" אויסצוקלייבן פאר אונדז אונדזער נאציאנאלן פאעט. דעם אמת זאגנדיק, וואלט איך מורא געהאט ריסקירן מיט אזעלכע וואלן, כדי ניט צו דעמאנסטרירן ווי ווייניק יידן אינטערעסירן זיך מיט אזעלכע ריין קולטורעלע ענינים, אויב נאר זיי זיינען ניט פארבונדן מיט עפעס פאליטיק, וואס וואלט שוין גראד געמאכט דעם ענין גוואלדיק אינטערעסאנט.

אבער דאך האבן מיר אונדזער נאציאנאלן פאעט, און זיין רעכט אויף דער קרוין ווערט אלגעמיין אנערקענט. אויב אפילו אויף ביאליקן האבן אייניקע אפגעפרעגט, צוליב פאליטישע טעמים, זיין רעכט אויף דעם טיטול, זיינען פאקטיש אלע מסכים, אז היינט באלאנגט די קרוין צו לייוויקן.

די אנערקענונג איז, דאכט זיך, געקומען פון זיך אליין. ס'איז ביסלעכווייז געווארן א זעלבסטפארשטענדלעכער ענין.

* * * * *

אמת איז, אז לייוויק באלאנגט לחלוטין ניט צו די "בעסט סעלערס" אויפן ביכער מארק. ער איז גאר ניט קיין פאפולערער שרייבער. זיינע לידער און אנדערע שריפטן זיינען מער לערן שטאף, ווי לייען שטאף. זיינע דראמעס, וואס מאכן דעם טיפסטן רושם אויף דער יידישער ליטעראטור, קאנען געשפילט ווערן נאר פון ערשטקלאסיקע קינסטלער, און ניכער פאר אן אויסגעקליבענעם עולם, מיט א הויך אנטוויקלטן גע־שמאק, ווי פאר די מאסן.

אָבער די ״מאסן״ האָבן דאָך נאָך וויניקער געליעבט ביאַליקן, שוין פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט געשריבן הויפּטזאַכלעך אין העברעיש, — דאָך האָט זיין ווירקונג דערגרייכט דורך פאַרבאָרגענע וועגן דאָס לעבן פון די מאסן. און דאָס פאָלק האָט אינסטינקטיוו אין אים דער־פילט זיין נאַציאָנאַלן דיכטער.

אפשר נאָך א קלענערע פּאַרציע רוםן האָבן געליעבט טאָלסטאָיען אָדער די גרויסע רוסישע ליטעראַטור בכלל, — שוין פּשוט דערפאַר, ווייל די רוסישע מאסן זיינען געווען איליטעראַט. און דאָך האָט די רוסישע ליטעראַטור גוואַלדיק באַווירקט דאָס רוסישע לעבן און האָט עס אויפ־געטרייסלט ביזן סאמע יסוד.

און אזוי דרינגט אריין לייוויק אויך טיף אינם לעבן. און ער טרייסלט עס אזוי אויף, אז עס באַווירקט אפילו יענע, וואָס ווייסן גאָר־ניט אז ס׳איז דאָ ביי יידן א גרויסער דיכטער מיטן נאָמען לייוויק.

פונקט ווי א גלאַטער אויבערפלאַך פון וואסער ווערט צערודערט פון א שטיין געוואָרפן ערגעץ אין א פּונקט, כאָטש דאָס וואסער קומט אינגאנצן ניט אין באַרירונג מיטן שטיין.

* * * * *

פאַרוואָס רודערט גראַד לייוויק אויף אזוי טיף דאָס יידישע לעבן, מער ווי וועלכער ס׳איז אנדער דיכטער? ווייל ער, מער ווי וועלכער ס׳איז אנדער יידישער דיכטער, איז דורכגעדרונגען מיטן יידישן גייסט; ווייל ער רעדט מער ווי וועלכער ס׳איז אנדער פּאָעט, אין דער שפּראַך וואָס אונדזערע אויערן האָבן נאָך געהערט אויפן באַרג סיני.

ס׳איז זיין טיפער מיטגעפיל פאַר די ליידנדיקע און געפּייניקטע, זיין ליידנשאפטלעכער רוף צו צדק און יושר, און זיין ביטערער רעוואָלט קעגן גוואַלד און קעגן רויער, ברוטאַלער מאכט; זיין פּראָטעסט קעגן אומרעכט און זיין טיפע בענקשאפט נאָך מענטשלעכער דערלייזונג.

און די אלע טיף יידישע פּראָטעסטן, שטרעבונגען און בענק־שאפטן זיינען ביי אים אָנגעטאָן אין א יידישן לבוש. ער דריקט זיי אויס דורך טראַדיציאָנעלע יידישע סימבאָלן, אָפט דורך געשטאלטן וואָס ער שעפּט פון די טיפענישן פון דער יידישער געשיכטע.

מער ווי וועלכער ס׳איז אנדער יידישער דיכטער דרינגט ער אריין אין די טיפענישן פון דער יידישער נשמה, און ער רודערט זי אויף, און דערפאַר איז ער דער נאַציאָנאַלער יידישער דיכטער.

לייוויק באלאנגט ניט צו וועלכער ס'איז פּאָליטישער פּארטיי. ער איז צו ברייט מענטשלעך, ער זאָל קאָנען אריינגעשפּארט ווערן אין די גייסטיקע קלאַמערן פון וועלכער ס'איז איינציקער ריכטונג. ער האָט א צו סענסיטיוון געוויסן, ער זאָל קאָנען שלום מאכן מיט מעטאָדן וואָס ווערן באנוצט צו דערגרייכן פּארטיי ציילן, — מעטאָדן, וואָס זיינען אָפט סותר די העכערע מענטשלעכע צילן.

און זיין געוויסן איז תמיד וואך, ווי עס איז געווען דער געוויסן פון זיינע אור־זיידעס, די יידישע נביאים, און ווי זיי, שטראָפט ער מיט פייערדיקע ווערטער אפילו די וואָס זיינען אים נאָענט, וואָס זיינען אים ליב און טייער, — אָן מורא און אָן נשיאת פּנים. קיין עוולות וועט ער ניט פארשוויגן, פון וואנען זיי זאָלן ניט קומען.

ער באלאנגט צום גאנצן פאָלק, — ער איז דער טרעגער פונם סכום פון זיינע ליידן און פּיין, פון זיינע האָפענונגען און בענקשאפטן, פון זיין טרויער און פון זיין טרייסט, פון זיין פארצווייפלונג און פון זיין טיפן גלויבן אין דער גאולה.

ער איז איצט ערשט פופציק יאָר יונג, אינם סאמע אויפבלי פון זיינע גייסטיקע כוחות. זאָל ער לאנג זיין מיט אונדז און נאָך לאנגע יאָרן אויפבויען אונדזער לעבן מיט זיין שעפערישער קראפט.

יוני 23טן, 1939.

## שלום עליכם — א יום־טוב

איך ווייס ניט, פארוואָס דער אכציקסטער געבוירנטאָג פון שלום עליכם איז אויסגעקליבן געוואָרן פאר א יובל־יאָר. אכציק איז ניט אָנ־גענומען פאר א יובל צאָל, און ריכטיקער וואָלט דער יובל געדארפט געפייערט ווערן מיט פינף יאָר פריער, צו 75 יאָר, אָדער מיט 20 יאָר שפּעטער, צו הונדערט יאָר.

אָבער וואָס איז די נפקא־מינא, — אז יידן ווילן נעמען אביסל בראנפן געפינט מען שוין אן אויסרייד. אפילו א יאָרצייט איז אויך אן אויסרייד פאר דעם. און ווי אביסל בראנפן, אזוי איז אויך א שלום עליכם פייערונג אלעמאָל אין צייט. יידן דארפן יום־טובים, בפרט היינטיקן צייטן, ווען מען דארף זיך אָננעמען מיט מוט בייצושטיין אזוי פיל צרות.

און שלום עליכם איז א יום־טוב אפילו אינמיטן מיטוואָך, א

פשיטא שווין ביי א געבווירנטאָג, זאָל עס זיין דער אכציקסטער אָדער דער וויפלסטער עס זאָל ניט זיין.

און ווידער טאקע דאָס ביסל בראנפן: אז מען רופט אייך ארייַן זיך משמח זיין מיט אן עדה יידן, גייט איר אָן טענות און מענות, און ערשט נאָכדעם ווי איר קערט איבער דאָס קעלישעקל פרעגט איר וואָס איז די שמחה.

* * * * *

זאָג איך, אז שלום עליכם איז אלעמאָל א יום־טוב. גיי איך זיך דערינען פאנאנדער מיט חבר א. גאַלאָמב, וואָס וויל ניט ליידן די יום־טובדיקייט ארום שלום עליכמען. ער וויל, אז שלום עליכם זאָל ביי אונדז זיין א טייל פון אונדזער וואָכעדיקייט. "והגית בו יומם ולילה", זאָלסט אים לערנען, הייסט עס, טאָג און נאכט.

עס זעט מיר אויס, אז אין חבר גאָלאָמבס צוטריט צו דער פראגע שטעקט דער ווילנער מתנגד אין אים. (ער לייקנט זיין מתנגדות — א סימן, אז א ווילנער קאָן זיין א מתנגד ניט וויסנדיק אליין דערפון). ביי מתנגדים איז דאָך דאוונען געווען א וואָכעדיקער עניין, א קאפיטל תהלים אוואדע, און אפילו א בלאט גמרא איז ניט געווען קיין יום־טוב.

ביי חסידים איז דאָס אָבער אלץ יום־טוב. און מיר, מיט אונדזער חסידישן איינשטעל, באטראכטן יעדער סאָרט קולטורעלן אויסלעבן זיך, אפילו אינמיטן מיטוואָך, פאר א יום טוב, און מיר שטרעבן צו א צייט פון כולו שבת ויום־טוב.

מיין ערשטער משל מיט א "קאפעטשקע" איז דאָך טאקע אויך א חסידישער. א מתנגד וועט ניט מאכן קיין "לחיים" גלאט אין דער וועלט אריין, — דאָס איז פאר אים הפקרות.

איך שטים ניט איין מיט חבר גאָלאָמב, אז "די פאָס פון וועלכער מיר שעפן די וויין" לית לן בה — מאכט אונדז אינגאנצן ניט אויס, און אז שלום עליכם דארף אונדז פערזענלעך ניט אינטערעסירן. דאָס איז אויך א מתנגדיש מוסרדיקער צוטריט פון "ביטול היש" צו זאכן, צו גריבלען זיך דוקא צום סאמע תוך, און מבטל זיין אלע אויסערלעכקייטן.

אדרבא, די פאָס באווירקט אונדזער אפעטיט צום וויין, און מיר טאָרן ניט אוועקמאכן דעם עניין מיט דער האנט. און די יידן האָבן טאקע ניט נאָר געלערנט משהס תורה און געזונגען דודס תהלים, נאָר זיי האָבן ארומגערינגלט די העלדן מיט ווונדערבארע מעשהלאך און לעגענדעס (אפשר אויך צו פאָלקסטימלעך, "עם הארציש", פאר מתנגדים).

איז שלום עליכם פאר מיר גראד ליטעראטור, און דער בעסטער סארט ליטעראטור, ווייל פאלקסטימלעך און ליטעראטור בכלל איז פאר מיר יום־טוב, און שלום עליכמס בפרט. און שלום עליכם אליין איז פאר מיר ניט בלויז די פאס פונם וויין, — איך האב אים ליב פערזענלעך, און דאס פארשטארקט מיין ליבע צו זיינע ווערק.

אז מיר רעדן שוין וועגן יידישקייט, איז דאך ביי יידן דאס ווערק און דער מחבר געווען איינס, ניט צעטיילבאר. אמת, מחברים האבן זיך געיחסנט מיט זייער ווערק, און ניט פארקערט, — זיינען יידן טאקע געווען גלייכגילטיק צום "של"ה", צום "חפץ חיים", און זאל מיך דער מתנגדישער גאט ניט שטראפן פאר מיינע רייד, — צום "תניא"?

היינט איז שלעכט אנצורופן מחברים אויף די נעמען פון זייערע ווערק. דערמאנט זיך, ווען מיר רופן שלום אשן חלילה מיטן נאמען פון איינעם פון זיינע ווערק . . .

אבער דאך קאנען מיר זיי ניט אין אלע פאלן פון זייערע ווערק אפשיידן, און מיר דארפן קולטיווירן די ליבע צו די שעפער פון אונדזער ליטעראטור, ווי צו זייערע ווערק, — דארטן ווו עס איז נאר מעגלעך. . .

אפריל דטן, 1939

# דר. יהודה קויפמאן

דר. יהודה קויפמאן, וועלכער קומט איצט אויף א קורצן באזוך קיין וויניפעג, איז ניט דאס וואס מיר פארשטייען געוויינלעך אונטערן אויסדרוק "א יידישער פירער". ער האט ניט אפילו די לייכטסטע פרע־טענזיע אויף דעם דאזיקן טיטול, ווי איך האב זיך איבערצייגט פון מיין נאענטער לאנג־יאריקער באקאנטשאפט מיט אים.

אפילו אין זיין אייגענער פארטיי איז ער בשום־אופן ניט קיין פירער, כאטש צו זיין וואגיקן ווארט הערט מען זיך צו מיט א סך מער דרך־ארץ, ווי צו א סך אנערקענטע פירערס.

אבער כאטש ער איז ניט קיין פירער, איז ער איינע פון די פאפו־לערסטע פערזענלעכקייטן אין א גרויסן טייל פון דער יידישער וועלט, און באזונדערס אין קאנאדע, און בפרט אין מערב קאנאדע. און וויניק יידישע פירערס זיינען ביי אונדז אזוי באליבט און געאכטעט אין אזעלכע ברייטע און פארשיידנארטיקע קרייזן, ווי דר. יהודה קויפמאן.

דר. קויפמאן איז ניט קיין פירער. ער איז דער מאָדערנער רבי און וועגווייזער.

די תלמידים וואָס פאָלגן אים נאָך איז די זייער ברייטע קרייזן וואָס פארערן אים ווערן צוגעצויגן צו אים ניט אין דעם ליכט פון באַשטימטע פּאַרטיי טעאָריעס, וואָס קאָנען האָבן א ווירקונג נאָר איז באַשטימטע קרייזן. זיי ווערן באַווירקט פונם צויבער פון זיין פּערזענלעכקייט, פון די שטראַלן וואָס שיינען ארויס פון אים, — פון דער פּערזאָן יהודה קויפמאן.

ער איז ניט קיין מנהיג, און ניט קיין מוכיח, — ער איז א רבי וואָס זאָגט תורה און לערנט לעבן־שטייגער. און ער איז שבת און יום־טוב אין דער גראָער וואָכעדיקייט פון אונדזער לעבן דאָ.

און אזעלכע רביים האָבן מיר דאָך אזוי וויי‍ניק, בעת פירערס האָבן מיר א סך. די פירערס שלעפּן אונדז אין פארשיידענע ריכטונגען, צעטיילן און צעפּיצלען אונדזערע מחנות, — דער רבי ברענגט מחנות צוזאמען.

ער טראָגט ניט קיין שלאַג־ווערטער און קיין קאַמף־רופן. ער באַרויקט די נערוון צעשרויפט פונם ביטערן קאַמף פאר מאָמענטאלע, פאַרבייגייענדיקע ווערטן: ער זאָגט דאָס וואָרט פון דער אייביקייט.

* * * * *

אָבער דר. קויפמאן איז גראד ניט דער מענטש וואָס שטייט אינגאנצן אָן א זייט פונם רוישנדיקן לעבן און גייט דורך זייטיקע סטעזשקעס ערגעץ אין אָן אומבאַקאנטער אייביקייט אריין. אדרבא, ער אינטערעסירט זיך מיט אלץ וואָס קומט פאָר ארום אים, און ער באַטייליקט זיך אליין אין די דערשיינונגען פונם געזעלשאפטלעכן לעבן סיי מיט וואָרט, און סיי מיט מעשׂים.

אזוי איז ער געווען איינער פון די פאַטערס פון דער יידישער שול באוועגונג אין קאנאדע, — דער גרינדער פון דער מאנטרעאלער יידישער פאָלק־שול. ער איז אויך געווען אקטיוו אין דער קאָנגרעס באַוועגונג אין קאנאדע, און איינע פון די אנגעזעענסטע פיגורן אויפן קאָנגרעס גופא.

ער איז אויך אקטיוו אין דער פּועלי־ציון באוועגונג און פארנעמט אין איר זייער א חשובן אָרט, און ער רופט זיך אָפּ אויף אלע וויכטיקערע דערשיינונגען אינעם יידישן לעבן בכלל.

אָבער דעם אמתן דר. יהודה קויפמאַן, — דעם רבין וואָס ווערט געליבט און געאַכטעט סיי פון די נאָענטע תלמידים און סיי פון די ווייטערע באַוווּנדערער, אָדער סתם פריינט און פאַרערער, וואָס האָבן ליב הערן זיין וואָרט, — דעם אמתן דר. קויפמאַן זעט איר ערשט דאַן, ווען ער איז "מרביץ תורה ברבים", ווען ער קומט צו אונדז מיט זיין וואָרט פון תורה.

און נאָך מער זעט איר אים אפשר ביים באַנקעט, ווו ער פאַרברענגט מיט די "אנשי שלומינו", ווו ער זאָגט זיין ווארים און האַרציק וואָרט און — ווו ער זינגט מיט חסידישער דבקות זיין ניגון.

* * * * *

איך וויים: צווישן אונדז זיינען דאָ אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז מיר לעבן איצט אין אַ צייט פון קאַמף אין די טראַנשייען, פאַר יעדער זאַך וואָס ציט אָפּ אונדזער אויפמערקזאַמקייט פון אָט דעם קאַמף איז מען דערפאַר "חייב מיתה".

די טעאָריע זעט מיר אויס צו זיין אַ פאַלשע. מיר לעבן אַלעמאָל אין טראַנשייען, און געזעלשאַפטלעכער קאַמף איז תמיד פאָרגעקומען און וועט פאָרקומען אין דער צוקונפט: דער קאַמף נעמט נאָר צייטנווייז אָן שאַרפערע פאָרמען.

ווען אָבער מיר זאָלן פאַר אונדז איצט האָבן איינעם פון אָט יענע שאַרפע מאָמענטן, וואָלט געווען ווי צו אונדז, ווען מיר זאָלן אינם קאַמף פאַרלירן די אַלע גייסטיקע אוצרות וואָס באַרייכערן אונדזער מענטשלעכע נשמה, — אוצרות, וואָס עס האָט גענומען הונדערטער דורות צו זאַמלען. פאַרלירן מיר זיי, וועט עס דערנאָך נעמען אַנדערע הונדערטער דורות צוריקצובאַקומען זיי.

דר. יהודה קויפמאַן איז איינער פון די שומרים פון אונדזערע אוצרות. ער שטויבט זיי אָפּ, פוצט זיי און דערלאַנגט זיי אונדז אין זייער גאַנצן גלאַנץ.

דאָס איז איינער פון זיינע גרעסטע פאַרדינסטן.

יוני 13טן, 1932.

## ברוך צוקערמאַן

די טעג, זע איך, איז אין ניו־יאָרק דורכגעפירט געוואָרן אַ באַנקעט לכבוד דעם 60טן געבוירנטאָג פון ברוך צוקערמאַן. איז ווי קאָנען מיר, וויניפּעגער, פאַרבייגיין אַזאַ פּאַסירונג, ניט באַמערקנדיק זי?

ברוך צוקערמאַן איז דאָך ניט דוקא אַ ניו־יאָרקער, כאָטש ער האָט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן דאָרטן פאַרבראַכט. באַלאַנגען באַלאַנגט ער אָבער צו דער גאַנצער יידישער וועלט, און אין אַ גאַנץ היבשער מאָס איז ער אַ וויניפּעגער, און ווען ער קומט אַהער איז ער דאָ אין דער היים סיי מיט זיינע נאָענטערע חברים און פריינט (מיט אַ צאָל אויף "רו"), און סיי מיט דעם ברייטן יידישן עולם, וואָס קאָן אים זייער גוט און האָט אים ליב ווי אַן אייגענעם.

אָבער פונקט אַזוי אין דער היים איז ברוך צוקערמאַן בכל תפוצות ישראל, ווו ס'איז נאָר דאָ אַ יידישער און אַ יידישלעכער ישוב, — פון ארץ־ישראל ביז די סקאַנדינאַווישע לענדער, און פון בוענאָס איירעס ביז מאָנטרעאָל. אומעטום האָט ער נאָענטע, אינטימע חברים, — און ניט דוקא פון זיין אייגענער פּאָליטישער ריכטונג, — און אומעטום איז דאָ אַ ברייטער יידישער עולם וואָס האָט אים ליב, אין ענטפער אויף דער וואַרימער מענטשלעכקייט און אהבת ישראל וואָס עס שטראַלט פון אים אַרויס.

איך ווייס ניט, צי ס'איז פאַראַן ביי היינטיקן טאָג נאָך אַ יידישער פירער, וואָס זאָל זיין אַזוי ברייט באַקאַנט אין דער יידישער וועלט, ווי ברוך צוקערמאַן, און וואָס זאָל האָבן אַזויפיל פערזענלעכע פריינט, ווי ער.

* * * * *

אין דעם לעצטן שטורעמדיקן האַלבן יאָרהונדערט אויף דער אַמעריקאַנער אידישער גאַס האָבן מיר געהאַט אַ סך מאַסן־רעדנערס, וואָס האָבן באַווירקט די אידישע גאַס מיט זייערע אָראַטאָרישע קונצן, מיט שרייען און אַפּעלירן צו די אינסטינקטן פונם מאַסן־מענטשן (ניט אַלעמאָל די העכערע אינסטינקטן), און דורך אַראָפּנידערן צו דער וואָלגאַרער שפּראַך פון דער גאַס, כלומרשט כדי צו מאַכן זיך פאַרשטענדלעכער צום פּראָסטן פאָלק.

ברוך צוקערמאַן רעדט אויך צום מאַסן־מענטשן. ער איז געבענטשט מיט אַ לייבן־שטים און מיט אָראַטאָרישן טאַלאַנט. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט באַנוצט זיין טאַלאַנט צו אַפּעלירן בלויז צו אינסטינקטן פון די מאַסן, און ער האָט דערוויזן, אַז מען קאָן דערגרייכן דאָס האַרץ פונם מאַסן־מענטשן ניט באַנוצנדיק זיך מיט די "טריקס" פון אַ "זייף קעסטל" רעדנער און וואולגאַריזירנדיק די שפּראַך, — נאָר ריידנדיק צו אים מיט אַ ראַפינירטער, ציוויליזירטער יידישער שפּראַך, דורכגעזאַפּט מיט יידישער תורה און חכמה.

ער אַפּעלירט ניט צו אינסטינקטן, נאָר, באַוואָפנט מיט שכל־הישר און יידישן און אַלגעמיינעם וויסן, רעדט ער צו דער לאָגיק און פאַר־

שטאנד, און אויב ער רופט פאַרט אַרויס די טיפסטע געפילן פון זיינע צוהערער, איז עס צוליב דער וואַרימקייט פון זיינע אייגענע געפילן, זיין גרויסער ליבע צום פאָלק און זיין הארציקער איבערגעבנהייט צום פאָלקס וווילזיין, מיט וואָס ער צינדט אָן זיינע צוהערער.

* * * * *

איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט ברוך צוקערמאַנען אין וויניפעג, דאַכט זיך, אין 1918. ער איז דאַן געווען מסתמא א יונגערמאַנטשיק פון א יאָר 30, און ער איז געקומען ווי א גאַסט צו א קאָנפערענץ פונם הילף פאַרבאַנד.

ביי א גרויסער מאַסן־פאַרזאַמלונג אין תלמוד תורה זאַל האָט ער געמאַכט אַן אַפּיל פאַר די מלחמה קרבנות. דער עולם איז געווען אַזוי טיף גערירט, אַז ס'איז געשאַפן געוואָרן אויפן אָרט די סומע פון 20 טויזנט דאָלאַר.

צוואַנציק טויזנט דאָלאַר קלינגט היינט ווי א גאַנץ קליינע סומע. אָבער דאָס איז געווען מיט 30 יאָר צוריק, ווען דער יידישער ישוב איז דאָ געווען יונג און זייער ווייט פון פאַרמעגלעך. צו שאַפן אָט די סומע פון אַן עולם אין ת״ת זאַל האָבן הונדערטער יידן געמוזט ברענגען פיינלעכע קרבנות, אָפּט אָפּרייסן פונם סאַמע נויטיקסטן, און איך גלויב ניט אַז אימעצער אַנדערש, חוץ ברוך צוקערמאַן, וואָלט דאַן אַזוי טיף געקאָנט רירן א היגן יידישן עולם און באַוועגן אים צו קרבנות.

מיט איניקע וואָכן שפּעטער האָב איך אים געהערט מאַכן אַן ענלעכן אַפּיל אין סאַסקאַטון, און דאָרט האָט ער געמאַכט נאָך א שטאַרקערן רושם. דער קליינער, יונגער יידישער ישוב דאָרטן האָט געשאַפן די דאַן אומגעהערטע פאַר סאַסקאַטון סומע פון צען טויזנט דאָלאַר!

* * * * *

פון דאַן אָן האָב איך באַגעגנט ברוך צוקערמאַנען א סך מאָל אין וויניפעג און ביי וויכטיקע יידישע צוזאַמענפאָרן אין פאַרשיידענע קאַנאַדער און אַמעריקאַנער שטעט. און אומעטום איז ער געווען א צענטראַלע פיגור, א מענטש, אויף וועמעס וואָרט מען האָט אַרויסגעקוקט און וועמעס רעדעס האָבן איבערגעלאָזן א טיפן רושם.

באַלד ווי ער דריקט אייך די האַנט, ביים ערשטן שלום עליכם, טוט אויף אייך א ווייע מיט מענטשלעכער און חברשער וואַרימקייט וואָס שטראַלט פון אים אַרויס. און אָט דער געפיל באַהערשט אייך דערנאָך כסדר אין זיין נאָענטקייט. און די דאָזיקע וואַרימקייט פילט

איר ניט נאָר ביי ענגערע חברשע מסיבות, נאָר אויך ביי גרויסע מאסן־פאַרזאַמלונגען, ווען ער רעדט צו אַ טויזנט־קעפּיקן עולם און יעדער איינער פילט אַז דאָס רעדט ער צו זיין קאָפּ און זיין האַרצן . . .

איך ווייס, אַז איך וועל ריידן ניט בלויז אין מיין נאָמען, און וועל אויסדריקן די געפילן ניט בלויז פון זיינע פּאַרטיי חברים, ווען איך ווינטש אים נאָך פיל יאָר פון געזונט, שעפערישער טעטיקייט און אויך פּערזענלעכן גליק. פיל הונדערטער וויניפּעגער און מערבֿ קאַנאַדער יידן וועלן האַרציק מסכים זיין מיט אַט די ווונטשן.

אָקטאָבער דטן, 1947.

# קהל און ש״ץ

לויט די אנאנסן פון אונדזערע שולן און מנינים, זיינען מיר שוין פאקטיש געזיכערט מיט א גוט יאר. אלץ וואס מיר דארפן טאן איז, צו באצאלן די פאר דאלאר פאר א ״סיט״ אויף ימים־נוראים אין דער־און־דער שול, אדער אין דעם־און־דעם מנין, און דאן, פארזיכערט מען אונדז, וועט פאר אונדז חזן שמואליקל, הערשעלע, מוישעלע אדער לייבעלע ״זיכער אימירצעשעם אויסבעטן א גוט יאר״.

אוודאי זיינען די שמואליקלעד, הערשעלעד אא״וו פיינע חזנים, מיט די פרעכטיקע שטימען, מיט די שיינע בערד, און זיי זיינען ״צוגעגנגלעד צו מענטשן״, — מיט די אלע מעלות וואס א חזן דארף האבן, ווי אויסגערעכנט אינם ״הנני העני״. אבער ווי א נייטראלער צד, ניט פאראינטערעסירט דווקא אין דער אדער יענער שול וואס נויטיקט זיך אין מתפללים, וועט איך אייך ווארענען, אז איר זאל ניט זיך פארלאזן אינגאנצן אויפן חזן, ער זאל פאר אייך אויסבעטן א גוט יאר.

אפילו דער פיינסטער חזן, לויט דער פארמולע פונם ״הנני העני״ איז ניט מער ווי א ש״ץ, — א שליח־ציבור, הייסט עס. און א שליח קאן ניט איבערגעבן קיין זאכן, וואס ער קריגט ניט פריער פונם שולח.

דאס הייסט, אז פאר אייער גוט יאר וועט איר אליין אויך מוזן צולייגן א האנט. און אפשר איז עס טאקע ניט גענוג צו באמיען זיך פאר דעם בלויז אין משך פון די ימים נוראים, נאר מען דארף זיך מטריח זיין מיטן אייגענעם כבוד אויך דורכן גאנצן יאר?

א גוטער שליח־ציבור קאן, נאטירלעך, דערוועקן די הערצער פונם עולם צו תשובה, תפילה און מעשים טובים. אבער אויב די הערצער פונם עולם בלייבן פארשטאפט, קאן ער אליין גארנישט ניט אויפטאן.

בכלל האט יעדער קהל אזא ש״ץ, ווי ער פארדינט.

* * * * *

איר געדענקט דאך מסתמא ווי דער פארשטארבענער פרעמיער טשעמבערלען איז געפארן קיין רוים צו ״אפיזן״ מוסאליניז. איר געדענקט, ווי ער האט צוגעזאגט אויפעסן זיין הוט (א צילינדער הוט!) אויב זיין פלי קיין רוים וועט ניט בארויקן דעם איטאליענישן אקס (וועלכער האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן צו זיין א זשאבע, וואס האט זיך אנגעבלאזן ווי אן אקס)?

איר געדענקט דערנאָך זיין פלי צו היטלערן אין מינכען, ווען ער האָט געשלאָסן מיטן נאַציזשן רוצח איינעם פון די שענדלעכסטע אָפּ־מאַכן אין דער געשיכטע? איר געדענקט ווי ער איז דערנאָך געקומען צוריק אַהיים מיט האָפערדיקע פאַרזיכערונגען?

טשעמבערלען האָט זיך געראַטעוועט פון אַראָפּשלינגען זיין הוט, ווייל ער איז באַצייטנס געשטאָרבן. אָבער די ענגלענדער שלינגען עד היום זייערע היט און קייען די ערד פאַר טשעמבערלענס געווען, — ווייל באמת איז טשעמבערלען געווען נאָר אַ ש״ץ, און ער האָט דערפילט נאָר די שליחות פון זיין קהל.

דאָס טשעמבערלענישע ענגלאַנד האָט אין איר איבערוועגנדיקער מערהייט געוואָלט טשעמבערלען זאָל פליען קיין רוים, און זי האָט אים וואַרים באַגריסט ווען ער איז געקומען צוריק פון זיין פלי קיין מינכען. יענע ענגלאַנד האָט געוואָלט עסן ביפסטעיק און שפּילן גאָלף, און זי האָט געגלויבט אַז זי קאָן דאָס טאָן אפילו ווען די גאַנצע וועלט זאָל זיך איבער־קערן מיטן קאָפּ אַראָפּ, — און טשעמבערלען איז געווען איר ש״ץ.

ערשט ווען ענגלאַנד האָט תשובה געטאָן און האָט זיך אויסגע־לייטערט, האָט זי געקראָגן טשוירטשילן פאַר איר חזן. ער איז אַ ש״ץ וואָס דערוועקט די הערצער פון קהל, און ער האָט שוין אַ קהל וואָס ווייס ווי ״אויסצובעטן אַ גוט יאָר״ מיט בלוט, שווייס און טרערן.

* * * * *

אַמעריקע איז געווען מזלדיק צו האָבן אין אַט־דער קריטישער צייט אַ ש״ץ וואָס האָט תמיד געוועקט די הערצער פון זיין קהל צו תשובה, — אָבער דער קהל זיינער האָט זיך נאָך געמוטיקט אין אַ קנאַק איבערן קאָפּ (אין פּערל האַרבאָר), און ערשט דאַן האָט ער זיך געקאָנט צעפירן זיינע הענט און אויסבעטן פאַר אים אַ גוט יאָר.

ווען דער אַמעריקאַנער קהל וואָלט זוכה געווען, וואָלט אַמעריקע ביז פּערל האַרבאָר שוין געהאַט אַן אַרמיי פון פינף מיליאָן, מיט 50 טויזנט עראָפּלאַנען און 50 טויזנט טאַנקען. זי וואָלט ניט געדאַרפט ליידן די אַלע שרעקלעכע מפּלות וואָס זי האָט דורכגעמאַכט.

אָבער ס'איז געווען אַ גוטער ש״ץ און ניט אַזאַ גוטער קהל. רוז־וועלט האָט ניט געקאָנט טאָן מער ווי זיין קהל האָט פאַרדינט. ערשט איצט, ווען קהל האָט זיך גענומען פאַר דער אַרבעט, האָפן מיר, אַז ער וועט אויסבעטן אַ גוט יאָר.

* * * * *

מיט איין וואָרט, רבותי: לאָזט זיך ניט איינריידן, אַז אימעצער

קאָן מיט זיינ'ע אייגענע כוחות אויסבעטן פאַר אונדז אַ גוט יאָר. דער בעסטער חזן, מיט דער פיינסטער שטימע, און מיטן בעסטן נוסח התפילה און פירוש המילות, קאָן פאַר אונדז גאָרנישט ניט אויפטאָן, אויב יעדער איינער פון אונדז וועט ניט צולייגן זיין האַנט צו דער אַרבעט.

יעדער איינער פון אונדז דאַרף טאָן זיין חלק. יעדער איינ'ער פון אונדז דאַרף ברענגען קרבנות. יעדער איינער דאַרף תשובה טאָן און אויסלייטערן זיך.

ערשט דאַן וועט אונדזער ש"ץ קאָנען זיין דער געהעריקער פאַר־מיטלער צווישן אונדז און דעם הויכן געריכט, און פועלן, אַז דאָס צעטל וואָס ווערט געשריבן און געחתמעט אין די דאָזיקע פאַרכטיקע טעג זאָל זיין לחיים, און ניט למות, חלילה. ערשט דאַן וועלן מיר קאָנען האָפן, אַז ער וועט פאַר אונדז אויסבעטן אַ גוט יאָר.

ובזכות זה, ווינטשן מיר אייך אַלעמען, בתוך כלל ישראל וכלל מענטשהייט, די אַלטע טראַדיציאָנעלע אידישע ברכה:

לשנה טובה תכתבו ותחתמו!

סעפטעמבער, 1942.

# שמחת־תורה

אויב איר קומט פונעם יידישן שטעטל פון יענער זייט ים, האָט איר זיכער ניט פאַרגעסן די יידישע שמחה פון שמחת־תורה. איז וואָס־זשע איז טאַקע געווען אַזוי גרויס די שמחה?

מערסטנס זיינ'ען יידן געווען קבצנים אין זיבן פּאָלעס. און קיין אַנדערע צרות האָבן אייך ניט געפעלט — דאָס דאַרף מען אייך ניט דער־מאָנען. איז וואָס־זשע האָבן זיך יידן אַזוי געפרייט? וואָס, די תורה? וואָס מיינט איר טאַקע — אָט־יענע תורה וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזערע צרות? פאַר דער תורה, וואָס האָט אַזוי געצווימט דאָס לעבן און האָט ניט צוגעלאָזן אפילו צו יענע ביליקע פאַר־געניגנס פון עולם־הזה, וואָס זיינען געווען צוגענגלעך?

יע, טאַקע מיט אָט־יענער תורה האָבן זיך יידן געפרייט. צו איר האָבן זיך עס יידן געטוליעט. זי האָבן זיי עס מיט אַזאַ ליבע געדריקט צום האַרצן אינעם טאָג פון שמחת־תורה, ווי אַ חתן זיין געליבטע כלה. זי האָבן זיי עס ליידנשאַפטלעך געקושט.

עלטערן האָבן אמשטארקסטן ליב דאָס קינד, וואָס עס קומט זיי אָן שווער צו דערציען. וואָס מער זיי זיינען זיך מקריב פאַר דעם, אַלץ טייערער איז עס פאַר זיי.

* * * * *

יידן האָבן געפילט זייער "חיי עולם" (אייביק לעבן) אין דער תורה. זיי האָבן זיך פאַר איר מוסר־נפש געווען. זיי האָבן נאָכגעגעבן איר יעדער קאפריז. און וואָס מער זיי האָבן זיך פאַר איר מקריב געווען, איז זי זיי אַלץ טייערער געווען. נו, איז שמחת־תורה, ווען מען האָט די תורה פאַרענדיקט און צוריק אָנגעהויבן פון סאַמע בראשית (סימבאָל פונם אייביקן ציקל) טאַקע געווען אַ פרייליכער יום־טוב.

וואָס, — דריקנדיקע אָרימקייט, צרות, גזירות? דאָס זיינען פאַר־בייגייענדיקע זאַכן. מיר האָבן דערפאַר, דאַנקען גאָט, אַ תורה, און זי איז אייביק.

וואָס דאַרפט איר מער, — מיר, חדר־יינגלעך, האָבן אוואַדע געהאַט גרויסע צרות פון דער תורה. זי איז דאָך געווען ביי אונדז פאַרבונדן מיט שטרענגען "אַרעסט" אין חדר, בעת די שקצים האָבן אין דרויסן גע־גליטשט זיך, און מיט אַ בייזן רבין מיט אַ קאַנטשיק.

נו, מיינט איר אַז מיר האָבן עפּעס געהאַט טענות צו משה רבינו, וואָס ער האָט גראָד אונדז אויסגעקליבן צו באַשענקען מיט דער תורה, אַנשטאָט די מואבים, די מדינים אָדער גאָר די שקצים, וואָס האָבן אויף אונדז געוואַרפן זייערע בייזע הינט? חס ושלום: וויפל שמיץ מיר האָבן ניט געכאַפּט פאַר דער תורה, אַלץ טייערער איז זי אונדז געווען.

ווער איז צו אונדז גלייך געווען, ווען מיר האָבן געכאַפּט אַ קליינעם נאַש פון דער תורה שמחת־תורה, — ביי דער עליה וואָס מען האָט אונדז אויסגעטיילט "עם כל הנערים"? מיר האָבן דאַן פאַנטאַזירט, ניט וועגן בן־מלכהס און בת־מלכהס, נאָר וועגן דער צייט ווען מיר וועלן ווערן בר־מצווה און מען וועט אונדז אויסטיילן, — אַנשטאָט אַ לעק, — אַ גאַנצע עליה פאַר איינעם!

איי, האָבן מיר עס ליב געהאַט די תורה.

* * * * *

מיר קומט זיך אויס גאַנץ אָפט פרעגן ביי אַ היגן טאַטן אָדער מאַ־מען: "פאַרוואָס עפּעס האָט איר אייער קינד אַרויסגענומען פון דער יידישער שול?"

דער נוסח פונם ענטפער איז אַלעמאָל אין ערך דער זעלבער: ס'איז צו שווער פאַרן קינד, — סקול, היים־אַרבעט, פּיאַנאָ . . .

אוואָרדע שווער. שווער צו זיין א ייד, ס׳איז בכלל שווער צו זיין א מענטש. נאָך מיט א פּאָר טויזנט יאָר צוריק האָט קוהלת געזאָגט: "וואָס מער וויסן, מער הארצווייטיק". אמלייכטסטן איז עס צו זיין א בהמה.

איר זעט דאָך אָבער. מענטשן נעמען אויף זיך די ליידן פון וויסן, כדי אויסצומענטשלען זיך — צו דערוווייטערן זיך אַלץ מער פון דער בהמה. זיי נ׳עמען פאַר ליב דעם הארצווייטיק פון וויסן, ווייל ס׳איז דאָ א שכר פאַר דעם.

אנדערש ווי יענער ייד, וואָס האָט פון די ספרים געוווּסט אַלץ פון עולם־הבא, און האָט ניט געהאַט קיין שום באַגריף פון עולם־הזה, — בין איך ווייניק באַהאַוונט אין עולם־הבא. איך רייד וועגן שכר אויף דער וועלט: אַז אויסגעפילט לעבן, רייד איז אינהאַלט, ניט געקוקט אויף פּי־זישער אָרימקייט, צרות און רדיפות.

א ראיה: אַט־יענ׳ער שמחת־תורה וועגן וועלכן מירריידן דאָ.

* * * * *

מיר פּראַוועז אויך דאָ שמחת־תורה, אמווייניקסטנס מיט אביסל משקה און מיט די געשמאַקע שמחת־תורהדיקע מאכלים. אָבער וואָס פאַר א טעם האָט עס? ניט שלעכט, גאָרניט שלעכט, — אָבער ניט בעסער ווי דאָס זעלבע ביסל בראַנפן וואָס מיר נעמען ביי דער אָדער יענער געלעגנהייט אינמיטן מיטוואָך, און ווי די געוויינלעכע געפילטע קישקע וואָס איר קאָנט קריגן אין א ליאָדע מיטוואָך אינם יידישן רעסטאָראַן.

זיינען מיר היינט רייכער, וואָס מיר קאָנען זיך דערלויבן אזעלכע לוקסוסן אינמיטן מיטוואָך אויך? איז דערפאַר אונדזער יום־טוב אזוי טעמלאָז?

ניין, מיר זיינען א סך אָרימער געוואָרן, — כאָטש מיר עסן קוגל און וויים ברויט אינדערוואָכן. עס פעלט אונדז דער איינציקער ג׳עפיל פון עשירות, וואָס קומט פון קרבנות געבראַכטע, פון א הויכן פּרייז באַצאָלט פאַר זאַכן פון אייביקן ווערט. אז ס׳איז ניטאָ קיין תורה, קאָן ניט זיין קיין שמחת־תורה . . .

## על חטא שחטאנו

דער ייד איז זיך יום־כיפור מתודה ניט אויף זיינע פּערזענלעכע זינד, נאָר אויף די זינד וואָס אימעצער פונם כלל האָט ג׳עקאָנט באַגיין. ער זאָגט ניט "על חטא שחטאתי" (וואָס איך האָב געזינדיקט), נאָר שחטאנו

(וואָס מיר האָבן געזינדיקט). אינם לאַנגן צעטל פון די על חטאם רעכנט ער דערפאַר אויס עבירות פון וועלכע ער אַליין האָט אפשר קיין באַגריף ניט. ערגעץ־ווו האָט אַ יחיד אפשר געקאָנט באַגיין אַזאַ אויסטערלישע עבירה, זיינען מיר, הייסט עס, אַלע פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר. און איז אַט־דעם דאָזיקן יום־הדין דאַרפן מיר זיך מודה זיין אויף איר, בעטן מחילה ביים ריכטער פון דער וועלט און אָפּרייניקן זיך פון איר.

אָט דאָ האָט איר אַ פּרינציפּ וואָס דאַרף ווערן דער יסוד פון אַ נייער, יושרדיקער וועלט. אַזוי לאַנג ווי די וועלט וועט דעם דאָזיקן פּרינ־ציפּ ניט אָננעמען, וועט פון איר קיין תכלית ניט זיין.

דער פּרינציפּ איז "איינער פאַר אַלעמען און אַלע פאַר איינעם". דער יחיד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן כלל, ווייל יעדער זינד וואָס ער באַגייט רופט זיך אָפּ אויפן וווילזיין פונם כלל. אָבער דער כלל איז פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַרן יחיד און ער איז מחויב צו שאַפן פאַר אים אומ־שטענדן וואָס זאָלן אים פאַרהיטן פון זינד.

* * * * *

אין קעגנזאַץ צו אַט־דעם פּרינציפּ, וואָס דאַרף זיין דער יסוד פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, איז דאָ דאָס סאַרקאַסטישע פאָלקס־ווערטל "פון על חטא ווערט מען ניט פעט". דאָס דאָזיקע ווערטל איז געצילט קעגן די "פאַרהאַרטעוועטע אינדיווידואַליסטן" פאַר וועלכע די געזעלשאַפט איז בלויז אַ בהמה צו מעלקן.

אוודאי איז על חטא ניט קיין געשמאַקער יידישער מאכל. ס'איז ניט געפילטע פיש, ניט קרעפּלעך און ניט געפילטע קישקע. ס'איז אַ טרוי־קענע תפילה געזאָגט אויף אַ ליידיקן מאָגן. דער "פון על חטא ווערט מען ניט פעט" מענטש איז דער ערב יום־כיפּורדיקער ייד. ער איז געוון מקיים די מצווה פון עסן קרעפּלעך און צימעס, אָבער דער על חטא האָט מיט אים ניט צו טאָן. ער נעמט פון כלל אַלע גוטע זאַכן וואָס ער קאָן נאָר אַרויסקריגן, אָבער אויף געבן עפּעס צוריק איז ער קיין בעלן ניט. ער שטאַמט פון "נעמעראָוו, ניט פון געבעראָוו", ווי עס זאָגט אַ יידיש גלייכ־ווערטל.

אָבער די וועלט שטייט ניט אויף ערב יום־כיפּורדיקע, נאָר אויף יום־כיפּורדיקע מענטשן. ווען עס וואָלטן ניט געווען די "על חטא שחטאנו" מענטשן, וואָס גריבלען זיך ניט נאָר אין זייער אייגענעם געוויסן, נאָר אויך אינם געוויסן פון כלל, וואָלט די וועלט ניט געקאָנט האָבן קיין קיום אפילו אויף איין שעה.

* * * * *

אָט־דער קאַמף צווישן "על חטא שחטאנו" און "פון על חטא

ווערט מען ניט פעט״, איז אן אייביקער קאמף. עס איז דער קאמף צווישן דעם דורכזיכטיקן עגאָיזם, דעם געלויף נאָך פּערזענלעכע פאַרצוגן, און דעם אַלטרואיזם, דעם שטאַנדפּונקט פון כלל.

קיין מענטש קאָן זיך ניט אויסלעבן ווי א יחיד אויסער די ראַמען פון כלל. ראָבינסאָן קרוזאָ וואָלט ניט געקאָנט עקזיסטירן לאַנג אויפן פאַר־וואָרפענעם, איינזאַמען אינדזל, ווען ער וואָלט אַהין ניט געבראַכט דער־פאַרונגען פון א סך מענטשלעכע דורות און מאַטעריאַלן און געצייג גע־שאַפן פון א מענטשלעכער געזעלשאַפט.

דער יחיד וואָס זוכט נאָר צו נעמען פון דער געזעלשאַפט און וויל גאָרנישט ניט געבן, איז געגליכן צום פיר־פיסלדיקן וואָס גראָבט אונטער די וואָרצלען פונם בוים וואָס וואַקסט פאַר אים דעמבען־ניס. ער גראָבט איינגנטלעך אונטער זיין אייגענע עקזיסטענץ, ווייל ווען עס זאָל ניט זיין קיין מענטשן, וואָס טוען פאַר דער געזעלשאַפט, וועט ניט זיין קיין געזעל־שאַפט וואָס זאָל טאָן פאַרן מענטשן.

* * * * *

אין אונדזער אייגענעם קליינעם וועלטל הערט איר אָפט די ״קלוגע״ און די ״ניכטערע״ מענטשן חוזקן פון די ״קהלשע קאָכלעפל״ און די ״קהלשע קליאַמקעס״ וואָס פאַרנעמען זיך מיט כלל־טועריי. מען פּטרט עס אַוועק, הייסט עס, גוטע צייט, וואָס מען קאָן אויסנוצן פאַר א געשעפטל, אָדער א קערטל, כדי צו ״ראַטעווען די וועלט״! אַוואַדע איז עס א חוזק, — דער באַשיידענער טוער פון אן אָרגאַניזאַציע אָדער דער מתעסק אין יידישער קולטור ראַטעוועט ניט א וועלט. אפילו דער סאַמע פּרעזידענט פון דער גרעסטער יידישער אָרגאַניזאַציע אין ווינציקע ראַטעוועט ניט די וועלט.

אָבער איין טראָפּן מאַכט ניט קיין ים, און טריליאָנען טראָפּנס מאַכן יאָ א ים. און אָן אָט די טראָפּנס קאָן בכלל קיין ים ניט זיין.

קיין איינציקער מענטש איז ניט מחויב איבערצוקערן א וועלט. ס׳איז פון אים געגוג אַז ער זאָל אָנערקענען זיין פליכט צו דער געזעלשאַפט און אַז ס׳איז זיין חוב בייצוטראָגן עפּעס לויט זיינע כוחות צום וווילזיין פון דער געזעלשאַפט, וואָס דערמעגלעכט זיין עקזיסטענץ.

און בזכות אָט־די מענטשן, וואָס אָנערקענען די דאָזיקע פליכט און באַמיען זיך צו דערפילן זי, האַלט זיך די וועלט נאָך ווי עס איז און ווערט ניט איינגאַנצן חרוב ווי סדום און עמורה.

* * * * *

ווי מענטשן, אַזוי פעלקער. עס זיינען היינטיקע צייטן מער ניטאָ קיין פעלקער וואָס זאָלן קאָנען לעבן איינגאַנצן פאַר זיך און מיט די איי־

גענע מיטלען. עס מוז דערפאַר קומען צו אַן אוניווערסאַלן "על חטא שחטאנו", אָדער מיר וועלן האָבן אייַן מלחמה ערגער פון דער אַנדערער, ביז עס וועט שוין מער ניט קיין קיין זינד, ווייל עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל זינדיקן . . .

אַט־די חקירות פאַרפירן אונדז שוין אַביסל צו ווייט — ווען מיר עס איבערלאָזן אויף איבער־אַ־יאָר ערב יום־כיפור, אם ירצה השם, מיט אַ קלערערן קאָפּ . . .

אָקטאָבער 8טן, 1943.

## אַ פּוסטע סוכה

אַט אַזוי פּלעגן מיר טאָן אין דער אַלטער היים, ווען מיר פּלעגן דאַרפן בויען אַ סוכה:

באַלד נאָך יום־כיפור פּלעגט דער טאַטע מיט די ייִנגלעך אַרויס־לאָזן זיך איבערן הויף קלייבן ברעטלעך, שטיקלעך געהילץ, שטעקנס, פּלעקלעך, שטריקלעך, או"וו. דאַן פּלעגט מען עס אָנהויבן צונויפשטוקע־ווען, צונויפבינדן, צונויפקלאַפּן און ביסלעכווייז פּלעגן אויסוואַקסן ווענט און אַ דאַך פאַרן סכך. צוגעדעקט מיט גרינע סכך, באַשאָטן די ערד מיט געלע זאַמד, פאַרהאַנגען אַביסל די לעבערדיקע ווענט מיט לייַלעכער און מיט זעק, "אויסגעמעבלירט" מיט אַ טיש און צונויפגעקלאַפּטע בענק, — און די סוכה איז פאַרטיק!

דאָס איז געווען אַ שווערע, אָבער אַ שעפערישע אַרבעט, וואָס האָט פאַרשאַפט פאַרגעניגן. און ערשט דערנאָך, ווען מיר פּלעגן זיך אויס־זעצן ביים טיש, מיטן שיינעם יום־טובדיקן קידוש און מיט די געשמאַקע סוכותדיקע מאכלים, — מיט די "אושפּיזין" און אַנדערע זאַכן, איז ווער געווען גאָר גלייך צו אונדז? ווער האָט גאָר געטראַכט וועגן דעם שכר אויף יענער וועלט, אַז די וועלט איז אַזוי שיין, איידל, גייסטרייך ? . .

* * * * *

מיר ריידן די טעג וועגן סוכות, דערציילט אַ פריינט וועגן אַ באַוווּסטן, רייכן, אָרטאָדאָקסישן ייִדן אין ניו־יאָרק, וואָס האָט אַזאַ מין סוכה: דאָס עס־צימער אין זיין רייכן הויז איז ספּעציעל געמאַכט געוואָרן אַזוי, אַז אַ קוועטש מיט אַן עלעקטרישן קנעפּל, און דער דאַך מיט דעם באַלקן עפענען זיך פאַנאַנדער. פאַרדעקט מען עס מיט סכך, און פאַרטיק אַ סוכה — אַ רייכע, אַן עלעקטריש באַלויכטענע און אַ באַהייצטע, — אָן מורא פאַר ווינט, וואָס זאָל אויסלעשן חלבנע ליכטלעך . . .

אין אונדזער פּאַרוואָרפּענעם דערפֿל האָבן מיר אפילו אין דער ווילדסטער פֿאַנטאַזיע זיך ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן אַזאַ סאָרט "סוכה". אָבער איך גלויב נאָך איצט אויך, אַז אונדזער סוכה איז געווען אַ בעסערע. ס׳איז אין איר געווען האַרץ און נשמה, און במילא אויך פֿרייד, כאָטש דריקנדיקע אָרימקייט.

אין דער רייכער אַמעריקאַנער סוכה איז דאָ לוקסוס, אָבער אויך טרוקענע פֿאָרמאַליטעט, יוצא געווען פֿאַרן שולחן־ערוך, און פּאַרטיק. ס׳איז ניטאָ קיין פֿרייד און קיין פּראָדוקטיוויטעט, ווייל ס׳איז ניטאָ קיין האַרץ, קיין נשמה, און קיין שעפּערישקייט.

* * * * *

אפילו חשבון־הנפש וועט מען דאָ באַלד אָנהויבן פֿירן מיט אַ מאַשין. איר ווייסט דאָך אָט־יענע רעכן־מאַשינען, וואָס — אַ קוועטש מיט קנעפּל, און זי רעכנט אייך צונויף אַלע קאָמפּליצירטע חשבונות אין דער וועלט. אַ דריי דערנאָך מיט אַ רעדל, און איר קריגט דעם אונטערגעפֿירטן סך־הכל אָפּגעדרוקט שוואַרץ אויף ווייס, און נאָך מיט קאָפּיעס פֿאַר אייער "פֿייל", אויב איר ווילט.

וועלן אָנקומען די ימים־נוראים, וועט דער ייד אַ קוועטש טאָן אַ קנעפּל, וועט אונטערפֿירן דעם סך־הכל, און וועט זאָגן: "וואָס קומט פֿון מיר אַרויס צו דיר, רבונו של עולם. האָ מאַטש, אַ, דאָס אַלעס? נאַ דיר אַ טשעק, און מיר וועלן זיין קוויט".

וואָס באַקלאָגן מיר זיך אַז "יידישקייט" גייט אונטער? אדרבא, קיינמאָל האָבן מיר, יידן, ניט אויסגעגעבן אַזויפֿיל אויף יידישקייט, ווי ביי אונדז אין אַמעריקע, — נאָר בלויז אויפֿן אַמעריקאַנער, מאַשינאַווון אופֿן. און די מאַשין שלינגט איין די יידישקייט, ווי די מענטשלעכקייט . . .

די קיך איז טאַקע אַלץ אַ פֿעסטונג פֿון יידישקייט. מען דערציילט פֿון אַ יידיש יונגנ־ווייבל, אַמעריקאַניש געבוירן, וואָס האָט זיך באַרימט פֿאַר יידישע שכנות, אַז זי האַלט אַ כשרע קיך, און זי קויפֿט אירע "פּאָרק־טשאָפּס" (דאָווער־אַכער) נאָר ביי אַ יידישן "בוטשער" און זי ווייקט עס און זאַלצט עס, ווי איר מאַמע פֿלעגט עס טאָן . . .

אונדזערע קיכן זיינען נאָך יידיש, ווייל אונדזער מאָגן לאָזט זיך ניט לייכט אַסימילירן און מעכאַניזירן, ווי דאָס האַרץ און די נשמה. צו אונדזער מאָגן אַפּעלירן נאָך אַלץ אַזעלכע אידישע מאכלים ווי געפֿילטע פֿיש, קניידלעך, קוילעטשן, קרעפּלעך, האָמענטאַשן, פֿאַרפֿל, געהאַקטע לעבערלעך אאַ״וו.

אָבער די מיסטעריעזע יום־טובדיקייט פון די יידישע מאכלים פאר־שווינדט אויך שנעל אונטער אונדזערע אמעריקאנער באדינגונגען. מען עסט זיי מיט אפעטיט, אָבער אָן באגייסטערונג. זיי ווערן פּשוט א וואָכע־דיקער ענין.

* * * * *

אמאָלקע יאָרן פלעגט א ייד, למשל, עסן קרעפּלעך דריי מאָל א יאָר, — "ווען מען שלאָגט" — ערב יום־כיפּור, ווען מען שלאָגט כפּרות; הושענא רבה, ווען מען שלאָגט הושענות, און פּורים, ווען מען שלאָגט המנען. אז א ייד א פרעסער פלעגט עסן קרעפּלעך אינמיטן מיטוואָך, פלעגט מען זאָגן, אז ער האָט געשלאָגן זיין ווייב . . .

היינט קאָנט איר קריגן קרעפּלעך אין יעדער יידישן רעסטאָראנדל, ניט נאָר א כשרן, נאָר אפילו א "כשר־סטייל", אין סאמע מיטן מיטוואָך. און געפילטע פיש אויך, און קניידלעך און וואָס אייער הארץ גלוסט.

ניט אומזיסט באקלאָגן זיך דאָך אונדזערע יידישע אימיגראנטן דאָ אין לאנד, אז אלע עסן־זאכן דאָ האָבן ניט דעם זעלבן טעם, וואָס אין דער אלטער היים. זיי מיינען אָפּט, אז דאָס איז דערפאר, ווייל די אמערי־קאנער שפייזן זיינען ניט אזוי געשמאק. א טעות, מיינע פריינט. עס פעלט נאָר אוים די נשמה. וואָס אפילו א קיד דארף האָבן . . .

היט זיך, מיינע פריינט, פאר א לײדיקער סוכה, ווי רייך און שיין זי זאָל ניט זיין!

סעפּטעמבער 1021טן, 1937.

# די איינגעפאלענע סוכה

מיר האָבן דאָ אנומלט דערמאָנט אייניקע שטעטלעך אין די מלחמה נייעס, — פאַרוואָרפענע, בלאָטיקע יידישע שטעט און שטעטלעך, וואָס קלינגען אזוי אויסטערליש־פרעמד און גלייכגילטיק אין די מיילער פון די ראדיאָ אנאָנסירער, אָבער וואָס פילן אָן די הערצער פון א סך פון אונדז, וואָס קומען פון יענע שטעטלעך, מיט בענקשאפט און אנגסטן.

קריטשעוו, טשעריקאָוו, פּראָפּאָיסק, וועטקע, קלימאָוויטש, האָמליע, מאָהילעוו, וויטעבסק, — פאר די לייענער פון די צייטונגען זיינען דאָס בלויז מער אָדער ווייניקער וויכטיקע סטראטעגישע פּונקטן אין דער וועלט־מלחמה. פאר אונדז זיינען זיי א חרובע וועלט, א גרוים בלאט יידישע געשיכטע וואָס איז אויסגעריסן געוואָרן. פאר אונדז זיינען זיי נאָך אן איינגעפאלענע סוכה אויף אונדזער לאנגן גלות־וועג, א סוכה וואָס וועט

שוין מער קיינמאָל ניט צוריקגעבויט ווערן אויף דעם זעלבן אָרט, ווייל זי איז פון א רוצחישער האנט אויסגעריסן געוואָרן מיט די סאמע וואָרצלען.

אויף די קברים פון אַמדי שטעט און שטעטלעך וועלן אויסגעבויט ווערן נייע שטעט, רייכערע און גרעסערע. אָבער דאָס וועלן ניט זיין מער ווי אלטע געאָגראַפישע נעמען, אַז דעם זעלבן אינהאלט. דאָס וועלן ניט זיין קיין יידישע שטעט און שמעטלעך, אפילו ווען יידן וואָס האָבן אויס־געמידן דעם חלף זאָלן דאָרטן וווינען. עס וועט פעלן אין זיי דער אינהאלט וואָס האָט זיי געמאכט גרויס, פון אונדזער יידישן שטאנדפונקט.

* * * * *

יאָ, איך מיין טאקע "גרויס". הונדערטער און טויזנטער שטעט און שטעטלעך זיינען עס געווען אין דער לענג און אין דער ברייט פון ליטע, רייסן (ווייס־רוסלאנד), פוילן און אוקראַינע, אָרימע, חושכדיקע, בלאָטיקע און פארוואָרפענע שטעט און שמעטלעך. אָבער זיי זיינען געווען אָנגע־פילט מיט שוואָרמערס און מיט טרוימערס, מיט העלדן און מיט קעמפּערס. זיי זיינען געווען געלאָדן מיט וועלט באפרייענדיקן דינאמיט.

אויסגעצערטע ישיבה־בחורים זיינען געזעסן דורך די נעכט ביי די חלבנע ליכטלעך אין די בתי־מדרשים און געחלומט פון גאולה. שוסטער־יונגען האָבן געקלאפּט איבער די קאָפּילעס און געטרוימט פון קאמף פאר דער וועלט־דערלייזונג. דינסט־מיידלעך האָבן זיך פריטייעט אין די ווינקלעך פון די קיכן איבער די ראָמאנען און געחלומט פון העלדישע פרינצן וואָס דרעמלען ערגעץ אין די חרובע שטיבלעך פונם "ראַי". מען האָט געחלומט פון קערן וועלטן, און מען האָט געקערט! אין די אָרימע, פינצטערע, בלאָטיקע שטעט און שטעטלעך האָט א געהיימער פייער געפלאקערט, און די פונקען האָבן זיך צעטראָגן איבער גאָר דער וועלט און זיי האָבן צע־גליט נייע פייערן.

* * * * *

פון יענע שטעט און שטעטלעך, פון וועלכע מיר אליין האָבן גע־מאכט חוזק (און א סך פון אונדז טוען עס נאָך איצט אויך), זיינען ארויסגעקומען גרויסע רבנים, גרויסע דענקער, גרויסע רעוואָלוציאָנערן, גרויסע העלדן, גרויסע שטאטסלייט. פון די ישיבה־שטענדערס און פון די וואַרשטאַטן זיינען זיי געקומען. און אומעטום, איבער גאָר דער וועלט, האָבן זיי איבערגעלאָזן טיפע שפּורן פון יידישער שעפערישקייט.

אין ארץ־ישראל האָבן זיי געבויט מיט זייער עקשנות און מסירת־נפש דעם יסוד פון א נייעם לעבן פארן יידישן פאָלק. אין אמעריקע האָבן זיי געבויט בריקן און דאמבעס, הונדערט־שטאָקיקע הימל־קראצערס און גוואַלדיקע אינדוסטריעס, אין סאָוועט־רוסלאנד האָבן זיי פארנומען אַז

אויבנאָניקן אָרט אין דעם בוי פון א ניי לעבן, אויף נייע עקספּערימענ־
טאַלע יסודות.

פון די ישיבה־בענקלעך און שוסטער־ווארשטאטן זיינען זיי דער־
הויבן געוואָרן צו העכסטע שטאפּלען פון שטאַטסמאַנשאַפט (ליטווינאָוו,
א ישיבה־בחור פון ביאַליסטאָק; לייזער קאַגאַנאָוויטש, א שוסטער־יונג פון
האָמליע). אפילו אויפן מלחמה־געביט, אזוי פרעמד דעם יידישן גייסט,
האָבן זיי, די יונגעלייט פון די קריטשעווס און אנדערע שטעטלעך, פאַרנו־
מען אַן אויבנאָניקן אָרט. און יידישע גענעראַלן פירן אָן קאַזאַקישע אַר־
מייען . . .

* * * * *

א גרויס און גלאָררייך קאַפּיטל יידישע געשיכטע און וועלט־
געשיכטע האָבן אָנגעשריבן יענע שטעט און שטעטלעך וואָס זיינען געווען
אזוי געדיכט מיט יידישקייט. האַלעוויי אויף ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, און וויני־
פּעג געזאָגט געוואָרן, כאָטש אין עטלעכע דורות אַרום.

אָבער איצט, ווען איך לייען פון זייער באַפרייונג, ווייס איך, אַז
באַפרייט זיינען געוואָרן נאָר די ערדישע פלעצער, ווו זיי זיינען אַמאָל
געווען און פון וואַנען זיי זיינען אָפּגעווישט געוואָרן מיט דער האַנט
פון גרויזאַמער רציחה. זיי זיינען איינגעפאַלענע סוכות.

הרחמן הוא יבנה לנו את סוכת דוד הנופלת, — דער דערבאַרעמ־
דיקער זאָל אונדז ווידער אויפבויען די איינגעפאַלענע יידישע סוכה. האַ־
לעוויי זאָלן מיר האָבן דעם כוח און דעם ווילן צו בויען נייע יידישע ישו־
בים, וואָס זאָלן זיין אזוי רייך אין גייסט און אזוי שעפעריש, ווי אָט־די,
פון וועלכע נאָר צעשפּרייטע פונקען זיינען געבליבן.

אָקטאָבער 12טן, 1943.

## לאַטקעס של חנוכה

ווען מ'וואָלט אַמאָל א יידן געפרעגט וואָס אזוינס איז חנוכה,
וואָלט דער ענטפער מסתמא געווען, — דער יום־טוב וואָס מען בענטשט
חנוכה־ליכטלעך און מען זאָגט "על הניסים". היינט אַז איר פרעגט ביי
אונדז וואָס איז חנוכה, וועלן מיר אייך זאָגן — ס'איז דער יום־טוב, וואָס
מען עסט לאַטקעס און מען שפּילט ברידזש.

אזוי איז פּורים שוין ביי אונדז, אַמעריקאַנער יידן, מער ניט דער
יום־טוב וואָס מען לייענט די מגילה, נאָר וואָס מען עסט האָמענטאַשן; און
פּסח — ניט די הגדה, נאָר קניידלעך.

ס׳איז ניט וואָס א גאנץ יאָר עסן מיר חלילה קיין לאַטקעס ניט, אָדער שפּילן ניט קיין ברידזש, שונאי־ציון . . . נאָר ווי זאָגט עפּעס דאַרטן די הגדה, שבכל הלילות — אלע טעג און נעכט פון א גאנץ יאָר עסן מיר יאָ אָדער ניט קיין לאַטקעס; שפּילן מיר יאָ אָדער ניט קיין ברידזש; און הלילה הזה, אין די דאָזיקע טעג פון חנוכה, כולנו, עסן מיר אלע לאַטקעס און שפּילן ברידזש.

דאָס איז נאָך, אמווייניקסטנס, פארבליבן ביי אונדז פון אונדזערע יום־טובים, און דאָס וועט אונדז ביישטיין, האָפן מיר אויף דור־דורות.

* * * * *

דאַוונען און בענטשן, ניט פאר גאָט אויסגערעדט, קאָן זיך א ייד אָפּגעוויינען. ס׳איז דאָך א פראגע בלויז פון געדאנק, און אז א ייד דער־קלערט אייך, אז מען קאָן אויסקומען, חלילה, אָן דאַוונען, איז אָן עק, א סוף. אָבער דער מאָגן האָט זיך פיינט צו פארטראכטן אויף פּראָבלעמען. לויט דער מארקסיסטישער טעאָריע קומט דאָך געוויינלעך אויס, אז ער איז דער גאנצער באַלעבאָס, און דער קאָפּ שטייט ביי אים אין דינסט און נעמט זיינע באַפעלן.

און דער יידישער מאָגן האָט ליב יידישע מאכלים. ער וויל ניט וויסן פון קיין אויפקלערעכץ, און ער וועט אייך בשום אופן ניט צוגעבן אז עסן גֶעפילטע פיש, למשל, פרייטיק אוונט (פארגעסט ניט אביסל כריין) — אז דאָס איז ווילדער פאנאטיזם, אז דאָס איז פינצטערניש. דער יידי־שער מאָגן וויל אפילו ניט וויסן פון די סאמע לעצטע אנטוויקלונגען פון דער מאָדערנער מעדיציין, פון די תרי״ג קאלאָריעס, וויטאמינען און אנדערע אייזעלע זאכן. ער איז אייך גרייט אפילו צו שוויצן איבער א טעלער פּעטיא און א שיסל טשאָלנט, אבי עס האָט דעם יידישן טעם, — מעגן אים דאָקטוירים פארזיכערן, אז דאָס איז פאר אים סם־המות.

און דער מאָגן זאָגט — יהי לאַטקעס! צי איר בענטשט חנוכה־ליכטלעך און צי איר זאָגט על הניסים, אָדער חלילה, ניט, — ער וויל לאַטקעס! און ער טעלעפאָנירט זיין באַפעל צום קאָפּ, און דער קאָפּ געפינט שוין ווי עס איז א הכשר אויף לאַטקעס אפילו ביים פארביסנסטן אפיקורוס.

* * * * *

אוואדע זיינען ביי אונדז אויך געווען גבורים און מארטירער, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען על קידוש השם אינם קאמף קעגן זייערע שאָ־וויניסטישע מאָגנס. געדענקט איר ניט יענע אידעאליסטן, וואָס האָבן זיך נעבעך גֶעמטרט מיטן שטיקל דבר־אחר, און געשטאָפּט עס מיט גוואַלד אין זייערע יידישע מאָגנס, וואָס האָבן עס בשום אופן ניט געוואָלט אויפ־

נעמען און האָבן עס באַלד צוריקגעקערט מיט פּראַצענט! אַ, אַ העלדישער דור געווען! ווי נעמט מען אַזעלכע מאַרטירער און אידעאַליסטן היינטיקע צייטן! אָבער פאַרפאַלן, — מיר זיינען אַ קליינער דור. מיר לאָזן זיך פירן פונעם שאָוויניסטישן דיקטאַט פון אונדזערע יידישע מאָגנס.

און, ווי פילאָזאָפישע מאַטעריאַליסטן, אָנערקענען מיר, אַז דער מאָגן איז סוף־כל־סוף דער באַלעבאָס, און אויב דער יידישער מאָגן איז אַ שאָוויניסט, — און ער איז עס אָן ספק, — איז פאַרפאַלן, און יידיש־קייט וועט, אימערצעשעם, ניט אונטערגיין!

* * * * *

ניט אומזיסט שטייט בשר־כשר ביי אונדז אין אַמעריקע אין סאַמע צענטער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. ס'איז דאָך דער סאַמע יסוד פון דעליקאַטעסן יידישקייט, — וואָס איז ביי אונדז געוואָרן דער פעסט־סטער און זיכערסטער יסוד פון יידישקייט בכלל.

צוריקקריידנדיק, צו וואָס טויג דאָ דאָס פילאָזאָפירן: גרעטשענע לאַטקעס זיינען דאָך גוט לכל־הדעות, — דאָס איז זיכער אַפילו לויט איינ־שטיינס רעלאַטיוויטעט טעריע. און לאַטקעס מיט גריוון אָדער מיט גע־בראָטענע גאַנדז איז אַוואַדע און אַוואַדע גוט. און ווער רעדט נאָך אַז ס'איז דערצו נאָך דאָ אַ קאַפּעטשקע משקה ! . .

נו, איז זאָגט אַליין, איז שווין צוליב דעם אַליין ניט גוט צו זיין אַ ייד אויף דער וועלט?

אַ כפרה היטלער, — לאָמיר הנאה האָבן פון אונדזער חנוכה, און לאָמיר זיך ווינטשן אויף איבעראיאָר נאָך אַ חנוכה, ווען מיר וועלן פּטור ווערן פון אונדזער היינטיקן אַנטיוכוס. אָמן!

דעצעמבער 11טן, 1936.

# יידן און פּאָליטיק

אין יידישן פאָלקלאָר זיינען פאַרבליבן אַ סך לעגענדעס וועגן חורבן בית־המקדש, — רירנדיקע לעגענדעס, וואָס פלעגט אונדז אַמאָל אין חדר דערנעמען ביז טרערן. אָבער די געשיכטע פונעם לעצטן העלדישן יידישן קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיקייט האָבן יידן ניט פאַרהיט, און, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט אויסזען, זיי האָבן זיך דערמיט אויגנשיינלעך ניט אינטערעסירט.

אויב היינט ווייסן מיר יאָ די דאָזיקע געשיכטע, איז דאָס פון ניט־יידישע קוואַלן, און פון שריפטן פון יאָזעפוס פלאַוויוס, וועלכער האָט געשריבן פאַר ניט־יידן.

ער האָט גלאָריפיצירט די יידישע העלדישקייט אין יענעם קאַמף, אָבער ביי די יידן אליין האָט מען יענע העלדן פאַרצייכנט מיטן נאָמען "בריונים". און וואָס "בריונים" האָט ניט געקאָנט מיינען אין יענע צייטן, האָט אָבער אונדזער רבי אונדזער רבי אונדזן עס פאַרטייטשט "שלעכטע מענטשן", — אָט־דאָס, הייסט עס, זיינען זיי פאַרבליבן אינם פאָלקס זיכרון, — אַ מערקווירדיקע באַציונג פון אַ פאָלק צו זיינע העלדן . . .

אַגב האָט ניט קיין סך בעסערן גורל ביי אונדז געהאַט אויך דער פריערדיקער דור העלדן, — די מאַקאַבייער. אמת, צום שלעכטן האָט מען זיי ניט דערמאָנט, — אפשר דערפאַר וואָס זיי האָבן דאָך טאַקע באַפרייט דאָס יידישע פאָלק און געגעבן אים אַ געלעגנהייט צו דינען גאָט אומגעשטערט, — אָבער פון זייער העלדישקייט איז גאָרנישט ניט פאַרבליבן אינם פאָלקס זיכרון, און חנוכה איז געפייערט געוואָרן ניט צוליב זייער ניצחון, נאָר צוליב דעם נס מיטן קריגעלע בוימל.

דאָס בוך וואָס האָט פאַרצייכנט זייער העלדישן קאַמף איז פאַרהיט געוואָרן ווידער טאַקע פון ניט־יידן. די יידן אַליין האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון זייער ליטעראַטור, צוזאַמען מיט די אַנדערע "ספרים חיצונים", ספרים פון ניט־יידישן כאַראַקטער, געשריבן אונטער גויישן איינפלוס.

* * * * *

אין די צייטן פון תנ"ך האָבן יידן אויגנשיינלעך געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע באַציונג צו זייערע קריגס־העלדן. די תנ"ך זאַמלערס האָבן זייערע גבורות יאָ פאַרצייכנט, — אמת, מיט געוויסע מאָדיפיקאַציעס: זייערע גבורות האָבן זיי געשעפּט פון גאָטס הילף, און אַז זיי האָבן פאַרלאָזן גאָטס וועגן, האָט זיך אויך די גבורה פון זיי אָפּגעטאָן.

דער שפּעטערדיקער יידישער פאָלקלאָר האָט עס אָבער נאָך מער מאָדיפיצירט. דוד המלך איז טאַקע פאַרבליבן דער באַליבטער יידישער פאָלקס־העלד, אָבער ניט צוליב זיינע נצחונות איבער די שונאים פון יידישן פאָלק. אים האָט מען צוגעשריבן דעם תהילים. און ער איז אין פאָלקס זיכרון פאַרבליבן דער "נעים זמירות ישראל" — "דער נאַציאָנאַלער יידישער דיכטער", ווי מען וואָלט דאָס היינט געזאָגט.

אַגב האָט דער יידישער פאָלקלאָר אויף אַן ענלעכן אופן פאַרוואַנדלט אַן אַנדער קריגערישן העלד: אליהו הנביא, דער פייערדיקער קנאי, וואָס האָט אויסגעשאָכטן אָן רחמנות די נביאים פון בעל, איז געוואָרן דער

ליבער, הארציקער ייד וואָס וואנדערט ארום פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף, טראָגנדיק הילף און טרייסט צו אָרימע, גערודפטע יידן . . .

* * * * *

מיין איינדרוק איז, אז די פרוכטבארסטע יאָרן פון דער אַלטער יידישער געשיכטע זיינען געווען די הונדערטער "געשיכטלאָזע" יאָרן צווישן דעם צוריקקער פון די יידן (ריכטיקער א קליינעם טייל פון די יידן) פון גלות בבל קיין ארץ־ישראל, און אלעקסאנדער מוקדון. אין משך פון אָט־די דורות, ווען יידן האָבן ניט געקאָנט אפילו חלומען פון קיין זעלבסטשטענ־דיקן פּאָליטישן לעבן, האָבן זיי באמיט זיך צו באפעסטיקן זיך ווי א גייסטיקע געמיינשאפט (משפחת כוהנים ועם קדוש).

זיי האָבן זיך פארטיפט און דורכגעדרונגען מיט די לערן פון די גרויסע נביאים. פּאָליטיק און מלחמה ווי אן אינסטרומענט פון פּאָליטישן קאמף זיינען זיי דערפאר געוואָרן דערווידער.

אין שפּעטערדיקע דורות האָבן פאסירט זאכן וואָס האָבן פאר־שטאַרקט אָט־דעם ווידערווילן. די יידן האָבן געזען, ווי די חשמונאים, וועלכע האָבן זיי באפרייט פון אונטערדריקער און פארערטער, זיינען אינם פּאָליטישן שטראָם אליין געוואָרן אונטערדריקער און פארעטער . . .

* * * * *

היינטיקער יידישער דור האָט א גאנץ אנדער באגריף וועגן יידישער געשיכטע און יידישער פּאָליטיק. מיר האָבן די מאקאבייער און די בריונים צוריקגעקערט זייער העלדן־קרוין. מיר פייערן היינט חנוכה ווי דעם יום־טוב פון ניצחון איבער די גריכן, און תשעה־באָב טרויערן מיר ניט אזוי אויפן חורבן פונם בית־המקדש, ווי אויפן פארלוסט פון די לעצטע שפּורן פון יידישער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט.

איז דאָס גוט אזוי, אָדער שלעכט אזוי? איך וואָג ניט ארויסצור־געבן קיין אורטייל איבער דעם. מיר זעט אויס, אז פון דעם שטאנדפונקט פון דויערהאפטיקייט ("אייביקייט", ווי מען רופט דאָס געווינלעך), איז געווען דער שטאנדפונקט פון אפּאָליטישקייט. אז איר פארהאר־טעוועט זיך צו לעבן שטענדיק אין דרויסן, אונטערן בלויען הימל (אָדער כמארנעם הימל, וואָס עס קאָן פאסירן) וועט דער דאך קיינמאָל ניט פאלן איבער אייער קאָפּ צו דערדריקן אייך.

מיר לעבן אָבער צווישן מענטשן, און ווערן פאַרט באווירקט פון דער געשיכטע. מיר האָבן זיך איינגנטלעך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט פון פּאָליטיק.

אפשר איז ערגעץ דאָ א מיטלוועג, אז מיר זאָלן אין פּאָליטיק אויס־מיידן די געפאר מיט וועלכער עס דראָעט אונדזער גייסטיקן קיום ? . .

יאנואר 24טן, 1942.

## צווישן אמאָל און היינט

יעדער חנוכה דערמאָנט מיך אויף דער גוואלדיק וויכטיקער עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע, וואָס האָט געדויערט א פּאָר הונדערט יאָר, — צווישן עזרא און נחמיה, און דער חשמונאים עפּאָכע.

גראָד איז פון אָט־יענער עפּאָכע ניט פארבליבן קיין שום זכר אין דער געשריבענער יידישער געשיכטע, בלויז דאָ און דאָרטן האָט מען גע־פונען שטיקלעך און ברעקלעך דאָקומענטן, פון וועלכע מען קאָן קריגן א שטיקל באגריף וועגן דעם יידישן לעבן אין ארץ־ישראל אין יענער צייט.

אָבער דאָך איז דאָס געווען איינע פון די גרעסטע, אויב ניט די גרעסטע עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע. מיך אימפּאָנירט שטענדיק גראָד אָט־יענע טונקעלע עפּאָכע, ווי די צייט דורך וועלכער עס איז געלייגט געוואָרן דער גרונדשטיין פון דער אייביקייט (אין דין ראמען פון מענטש־לעכע באגריפן) פונם יידישן פאָלק.

די יידן זיינען דאן געווען א קליין פאָלק, — ניט מער ווי א שבט, — אונטערן קנאפּל פון דער דאן מעכטיקער פערסישער אימפּעריע. קיינער האָט זיך ניט גערעכנט מיט זיי, און די פערסישע סאטראפּן האָבן זיי אויס־גענוצט נאָר ווי א קוואל פון הכנסה פאר זיך און זייער מלך. אָבער די קליינע און אומבאדייטנדיקע יידישע געמיינשאפט פון ארץ־ישראל האָט געלעבט אן אינטענסיוו יידיש לעבן, און האָט געשאפן גרויסע גייסטיקע ווערטן. עס האָט אָנגעזאמלט אין זיך גענוג עקספּלאָזיווע שטאָפן, וואָס האָבן דערנאָך אויפגעריסן אין דער צייט פון די מכבים, אום צו געבן שפּעטער דער וועלט גרויסע רעליגיעס און צו באפעסטיקן די אייגענע אייביקייט.

* * * * *

העלדן וואקסן ניט סתם פון דער ערד ארויס. עס וואָלטן ניט געווען קיין מאקאבייער, ווען א פאָלק וואָלט פאר דורות ניט דערצויגן געוואָרן ארויסצוגעבן מאקאבייער.

און גראָד איז עס געווען אָט־יענע פארטונקלטע עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע, אין וועלכער עס האָט זיך אנטוויקלט דער גייסט פון וועלכן עס וואקסן ארויס מאקאבייער.

די חשמונאים אליין זיינען דערנאך, אין משך פון דורות, דעגע־נערירט געווארן. זיי זיינען אוועק פונם גייסט פון דער יידישער געשיכטע אין דער גויישער ריכטונג פון דעם וואס מיר וואלטן היינט אנגערופן "מאכט פאליטיק".

און די יידישע טראדיציע האט זיך דערפאר אפגערעכנט מיט זיי, — זי האט זייער נאמען שיר ניט אויסגעמעקט פון דער געשיכטע. חנוכה איז פארבליבן אינם פאלקס זיכרון ווי דער "נס מיטן קריגעלע בוימל", און דער ספר החשמונאים, וווּ עס דערציילט זיך וועגן די גבורות פון די מאקאבייער, — אויסערלעך א פרומער ספר, — איז אריין אין די "ספרים חיצונים", אויסגעשלאסן פון דער קאדיפיצירטער זאמלונג פון הייליקע ספרים, — און איז צו אונדז דערגאנגען בלויז אין דער גריכישער אי־בערזעצונג.

אביסל שפעטער, ווען די קינדער פון די געוועזענע רעוואלוציאנערן, וואס זיינען אליין געווארן הערשער, האבן דאס יידישע לאנד פארפלאנ־טערט אין דער פאליטיק פון דער דאמאלסטדיקער וועלט, אזוי אז עס האט געדראט ווידער דעם יידישן פאלק אונטערגאנג דורך אסימילאציע, — דאן האבן זיך ווידער געפונען גייסטיקע יידישע פירערס וואס האבן זיך אפגעווענדעט פון דעם פאליטישן קאמף און האבן זיך אפגעגעבן מיט שאפן אייביקע גייסטיקע יסודות פארן קיום פונם יידישן פאלק.

זיי האבן דאן געלייגט דעם גרונטשטיין פונם גראנדיעזן בנין פונם תלמוד, א בנין וואס איז פארענדיקט געווארן מיט הונדערטער יארן שפע־טער, — שוין אין בבל.

* * * * *

איך דערמאן זיך בפרט אויף אט־יענער עפאכע היינטיקן חנוכה, ווייל מיר ווייזט זיך אויס, אז ס'איז דא א געוויסע פאראלעל צווישן דער עפאכע וואס ענדיקט זיך איצט אין אונדזער געשיכטע, און אט־יענער טונקעלער "צווישן עפאכע", וועלכע איז געווען אנגעלאדן מיט שעפערי־שער ענערגיע.

דאס יידישע מאסן־לעבן אין די חושכדיקע, "פון גאט פארגע־סענע" שטעטלעך אין פוילן, ליטע און רייסן, איז אויך געווען אזוי איזא־לירט פון דער וועלט און איינגעשלאסן אין זיך, ווי די פאר־חשמונאימ־דיקע אין ארץ־ישראל, און זי איז אויך געווען אנגעלאדן מיט יידישער שעפערישער ענערגיע.

און אט־די ענערגיע האט אויך אויסגעפלאצט, איידער די גרויסע קאטאסטראפע האט אט־דעם יידישן לעבן אויסגעווארצלט. זי האט צע־שפרייט פונקען איבער גאר דער וועלט, און זי האט זיך אויסגעדריקט

אינם העלדישן קאַמף פון די מאָדערנע מאקאבייער אין די פוילישע געטאָס.
אָבער וואָס ווייטער ? . .

* * * * *

די מכבים האָבן ניט געזיגט מיט בלויז דעם אייגענעם כוח. זיי האָבן אויסגענוצט די וועלט "קאָניונקטורן" פון יענער צייט צו געווינען די פרייהייט פארן יידישן פאָלק.

עס קאָן זיין, אז היינט וועלן אויך די אומגעקומענע לעבנס ניט גיין פארלאָרן אומזיסט. די העלדן וואָס זיינען געפאלן אין וואַרשעווער געטאָ און די יידישע קעמפערס און בויערס פון די לעצטע דורות האָבן דעמאָנסטרירט א כוח, וואָס וועט אפשר קאָנען אויסנוצן היינטיקע וועלט־"קאָניונקטורן" פאר דער גרינדונג פון א נייער באזע פונם יידישן לעבן, — אין ארץ־ישראל.

אָבער אָט איז די לעקציע פון אונדזער געשיכטע: אין אונדזער קאַמף פאר אונדזער עקזיסטענץ גייען מיר ניט אין די וועגן פון אלע פעלקער. מיר ווילן זיך ניט באפרייען כדי צו ווערן אונטערדריקער און כדי צו יאָגן זיך נאָך מאכט אויף אימעצנס חשבון.

אונדזער וועג איז ניט צו "גרויסמעכטיקייט". אונדזער איינשטעל איז, אז א פאָלק איז ניט גרויס דורך גרויסע צאָלן און דורך ברייטע טערי־טאָריעס, נאָר דורך גייסט. און אויב א אייגן יידיש לאנד, מוז עס געבויט ווערן אויף גייסטיקע יסודות. און דאָס איז דער וועג וואָס מיר דארפן ווייזן צו אלע פעלקער.

דעצעמבער 1943, 21טן.

## "קעשע" און "פלעדזשעס"

שווער איז אָנגעקומען דעם כביכול צו קריגן א בעלן אויף זיין תורה מיט 3,500 יאָר צוריק. און, צום סוף, ווען עס איז שוין קיין אנדער ברירה ניט געווען, און ער האָט געמוזט אָנקומען צום פאָלק ישראל, איז עס אויך געווען א גוואַלד־שידוך.

ער האָט איבער זייער קאָפּ אויפגעהויבן דעם בארג סיני ווי א דאך און האָט צו זיי געזאָגט: — נעמט איר אָן די תורה, איז רעכט, אלא ניט, — מאך איך פון אייך א תל!

נו, וואָס־זשע האָבן זיי געזאָלט טאָן? — מען האָט גענומען! און נאָך געשריען "הורא", — מיר וועלן טאָן און מיר וועלן הערן ! . .

גענומען, אָבער ניט מיט א פולן הארצן. ס'איז געווען א צוואנג שידוך.

די כלה איז טאקע סאמע מעלות, און וועגן יחוס איז דאָך אָפּגע־רעדט! אָבער דער נדן, — דער נדן איז בלויז א צוגעזאָגטער: לויתן, שור־הבר, יין־המשומר, אם־ירצה־השם, אויף יענער וועלט, נאָך הונדערט־מיט־צוואנציק יאָר, אויב מען וועט דיך ניט אָפּשיקן אויף יענער וועלט דורך קפיצת־הדרך, למשל, א פּאָגראָם, אָדער אויף דער איידעלער פראַשו־פּאַנא שפּראָך, דורך "עקסצעסן". . .

שייך זאָגן, — דעם כביכולס א הבטחה איז ניט א קרן־היסוד "פּלעדזש". זיין וועקסל איז קוראַנט, עובר לסוחר. אָבער דאָך, ווי זאָגט איר, איז "קעש" א סך בעסער. באזונדערס היינטיקע צייטן, ווען קרעדיט איז אזוי אין דער אדמה . . .

* * * * *

און די "קעש", זעט איר, האָבן דווקא די אומות העולם, און מיר האָבן רק "פּלעדזשעס" און האַפענונגען.

מיר האָבן, למשל, פון גרויס־בריטאניע א "פּלעדזש" אויף א היימלאנד אין ארץ־ישראל.

אוואדע איז אזא וועקסל, וואָס איז באשטעטיקט געוואָרן פון אלע אומות העולם, מיט גאָלד גלייך. האָט אָבער דערווייל ענגלאנד דעם מאנ־דאַט און די וויכטיקע באזע צו פארהיטן דעם סועץ־קאנאל. און, אז זי וויל, שיקט זי אהין א הויך־קאָמישאָנער א סאָלדאַט, וואָס זאָל האלטן דאָס לאנד מיט אן אייזערנער האנט — פאר ענגלאנד. און זי רעכנט אפילו ניט פאר נויטיק צו באראטן זיך מיטן "מיניסטעריום" פונם יידישן היימ־לאנד, — דער יידישער, אזוי צו זאָגן, אגענטור.

האָט ענגלאנד די "קעש", — ארץ־ישראל, און מיר, — דעם "פּלעדזש", — די באלפור דעקלאַראַציע.

* * * * *

אָדער אָט האָט זיך די פעלקער־ליגע אָנגענומען אונדזער קריוודע און האָט באשלאָסן צו פארזאָרגן אונדז אין פאל פון פּאָגראָמען. צו פאר־היטן אונדז פון פּאָגראָמען, — דאָס גייט איר אפילו ניט ארויף אויפן זינען. מיר לעבן דאָך אין דער עפּאָכע פון "זעלבסטבאשטימונג", און ווער וועט עס וואגן צו מישן זיך אין פרעמדע אינערלעכע ענינים ? . .

זי וועט דאָך אויך ניט קומען צו א פאלק, מיר ווילן זאָגן צו רומע־ניע, און זאָגן אים מיטן הארבן וואָרט: מאכט מען ביי דיר א פּאָגראָם אויף יידן, מוזטו באצאָלן די געליטענע דעם שאָדן!

ערשטנס, הערט מען זי ווי דעם קאַטער; און, צווייטנס, ווו איז עס נאָך געהערט געוואָרן, אַז אין אַזאַ פאָרגעשריטן און ציוויליזירטן לאַנד, ווי רומעניע, זאָלן פאָרקומען פּאָגראָמען? עקסצעסן, ק'איל ווו פּלעי, אָבער ניט פּאָגראָמען!

בלייבט איין זאַך — אסעקוראַציע!

אַלע, הייסט עס, זיינען גלייכע מיוחסים. אַלע אומות העולם צאָלן אַ געוויסע סומע אַנטי־פּאָגראָם פאַרזיכערונג יעדער יאָר, און ווען די שעה קומט, — איז באַלד דאָ מזומן צו צאָלן פאַר די היזקות . . .

נו, וויסן מיר, — פאַר פּאָגראָמען דאַרפן מיר זיך, ברוך־השם, ניט זאָרגן. דערפאַר זאָרגן זיך שוין די אַנטיסעמיטן פון אַלע לענדער און פעלקער. אָבער די אַסעקוראַציע איז פאַר אונדז דאָך ניט מער ווי דער שור־הבר מיטן לויתן, וואָס קומען נאָך 120 יאָר . . .

* * * * *

פאַרמעסטן מיר זיך איצט גאָר גרויס אויף צו לייזן מיט איין קלאַפּ אַלע יידישע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

"הילף־אַרבעט" איז צוריק געוואָרן דער לאָזונג פון טאָג. און ניט סתם הילף־אַרבעט, נאָר טאַקע בפירוש קאָאָרדינירטע הילף־אַרבעט!

און דערווייל שפּרינגען אויף טאָג־טעגלעך צענדליקער הילף־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע סאָרטן און מינים, — און יעדער איינע פּרעטענדירט צו זיין די איינציקע אמתע אַל־יידישע, צום־גרונט־דערגרייכנדיקע אָרגאַניזאַציע . . . און דער שוואַן שלעפּט צום הימל, דער פיש צום וואַסער און דער ראַק — צוריק (צום באָדן), און דער וואָגן רירט זיך ניט פון אָרט.

און מיר בלייבן אַזוי מיט די "פּלעדזשעס" . . . און עס וואָלט זיך אַזוי געוואָלט דערלעבן צו זען זיך מיט האַרטע מזומנים ! . .

איז עס אָבער דאָך שבועות אויף דער וועלט; צוליב וואָס־זשע זאָלן מיר פאַרשטערן דעם עונג־קרעפּלעך מיט אַזעלכע טרויעריקע געדאַנקען ! . .

מאַי 28טן, 1928.

## תורה איז די בעסטע סחורה

דעם ערשטן טייל פון דער מעשה האָט איר שוין אַ סך מאָל געהערט. עס האָט אַ שייכות צו שבועות, ווייל עס גייט אונטערן נאָמען "תורה איז די בעסטע סחורה".

אָבער כאָטש איר האָט עס געהערט א סך מאָל, בעטן מיר ביי אייך אביסל געדולד אויסצוהערן זי נאָכאמאָל. דאָס וועט אונדז צופירן צום צווייטן טייל, וועלכן איר האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

די מעשה דערציילט זיך אזוי: יידן זיינען געפאָרן אויף א שיף, געלאָדן מיט סחורה, וואָס זיי האָבן געפירט צו פארקויפן אין פרעמדע לענדער. זיצן זיי אויפן שיף און בארימען זיך איינער פאר דעם אנדערן, יעדערער מיט זיין סחורה, — דער מיט די זיידענע שטאָפן, דער מיט די טייערע געוואנטן, דער מיט די דימענטן און בריליאנטן.

איין ייד צווישן זיי זיצט און שווייגט. פרעגט מען אים, וואָס פירט ער. ענטפערט ער, אז זיין סחורה איז די בעסטע. ער האָט זי ארום זיך און קיינער קאָן זי ניט זען. מאכן די סוחרים חוזק פון אים און לאכן זיך אוים פון אים.

קומט א שטורעם און צעשמעטערט די שיף. די יידן ראטעווען זיך קוים מיט די לעבנס אויף אן אינדזל. די מענטשן פונם אינדזל האָבן אויפגענומען די געראטעוועטע, און האָבן אויסגעפונען, אז דער ייד אָן סחורה איז א גרויסער תלמיד־חכם. האָבן זיי אים אויסגעטיילט גרוים כבוד. און די גרויסע סוחרים מיט די פארלוירענע פארמעגנס האָבן דאן פארשטאנען וואָסער סחורה יענער האָט געפירט, און אז תורה איז די בעסטע סחורה.

* * * * *

אָט־דאָס איז די פרעכטיקע מעשה, ווי זי ווערט דערציילט אין יידישן פאָלקלאָר. ס'איז א מעשה מיט א פיינעם מוסר־השכל.

די מעשה דערציילט אָבער ניט, וואָס האָט ווייטער פאסירט מיט יענער פארטיע יידן געראטעוועט אויפן אינדזל. מיר האָבן געמאכט אן אויספאָרשונג וועגן דעם ענין, און דאָס וואָס מיר האָבן אויסגעפונען, ווען מיר אייך דאָ דערציילן:

פאר דעם יידן, דעם תלמיד־חכם, האָט מען געפראוועט באנקעטן און מען האָט אים איינגעלאַדן צו רעדן ביי מיטינגען, — ביז דער ענין איז געוואָרן וואָכעדיק. דאן האָט מען אָנגעהויבן טראכטן וועגן א תכלית: א ייד דארף דאָך האָבן פרנסה . . .

האָט קהל אָפּגעהאלטן א פארזאמלונג, און נאָך א לאנגן ישוב־הדעת, האָט מען באשלאָסן, אז, היות ער איז אן איידעלער ייד, קאָן מען אים ניט געבן קיין פּראָסטע ארבעט, האָט מען צונויפגעקליבן א צאָל קינדער, און מען האָט פאר אים געמאכט א קנעלונג.

און ער איז פארבליבן דער מלמד פון דעם אינדזל עד היום הזה.

און וואָס מכוח די אַנדערע ייִדן, די געוועזענע סוחרים?

ייִדן זיינען רחמנים בני רחמנים, קאָן מען דאָך ניט לאָזן ייִדן אויסגייען פון הונגער, חלילה. קהל האָט דערפאַר געזוכט פאַרזאָרגן זיי אויך מיט פּרנסה, קיין אײדעלע פּרנסה האָט מען פאַר זיי ניט געקאָנט געפינען, ווי פאַר דעם תּלמיד־חכם, ווייל זיי זיינען נעבעך געווען שטומפּיק אויף דער עבֿרי, אַפילו פאַר שמשים אין די שולן האָבן זיי ניט געטויגט.

האָט מען פאַר אייניקע פון זיי געפונען „דזשאָבס" ביי שניידעריי אָדער אַנדערע מלאָכות. פאַר אַנדערע האָט מען צונויפגעשטעלט פּעקלעך מיט גאַלאַנטעריי סחורה, און זאָלן זיי פּעדלען איבער די הייזער.

די ייִדן האָבן זיך נעבעך געמאַטערט ביי זייערע פּרנסות, און האָבן אַלע מקנא געווען דעם ייִדן, דעם תּלמיד־חכם, וואָס האָט אַזאַ לייכטע פּרנסה און גוטע פאַרדינסטן.—זיי האָבן אָפּט זיפצנדיק צוגעגעבן: „תּורה איז די בעסטע סחורה. אַ שאָד וואָס די טאַטעס האָבן אונדז אַזוי פרי אוועקגענומען פון חדר". . .

* * * * *

דאָס איז געווען מיט אַ לאַנגער צייט צוריק.

ווען איר קומט איצט אויפן אינדזל, וועט איר געפינען, ווי אָט־יענע גאַלאַנטעריי־פּעדלערס האָבן איצט ריזיקע גאַלאַנטעריי געשעפטן; און די געוועזענע אָפּערייטאָרס ביי הויזן האָבן היינט גרויסע קליידונג־פאַבריקן. זיי האָבן זיך שוין לאַנג איבערגעקליבן פון דער „נאָרט־ענד" פונם אינדזל אין דער „סאָוט־ענד". זיי פאַרשטייען שוין ניט אַ וואָרט ייִדיש, און ריידן רק דעם אינדזלשן לשון. זיי וווינען אין רייכע פּאַלאַצן און פאָרן אַרום אויף אויטאָמאָבילן. זייערער אַ צלם אויף אַ טשעק איז ווערט כּמה טויזנטער דאָלאַר, — און אַז גרויסע ייִדישע פירערס קומען ווען פאַר פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע צוועקן, חנפענען זיי זיך צו אָט־די אַרויפגעאַרבעטע ייִדן און טיילן זיי אויס די גרעסטע כּיבודים.

און וואָס הערט זיך מיט אָט־יענעם ייִדן, דעם תּלמיד־חכם, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אויפן אינדזל, און פאַר וועמען מען האָט געפּראַוועט באַנקעטן? ער איז, זאָל גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד, אַ מלמד עד היום הזה.

ווי זאָגט איינער פון יענע אַרויפגעאַרבעטע ייִדן: „אַ דאַנק מיין טאַטן, עליו השלום, וואָס האָט מיך באַצייטנס אַרויסגענומען פון חדר. ווען ניט וואָלט איך דאָך געוואָרן און פאַרבליבן אַ שמש אין שול". . .

יוני 1946, 1914.

# שבועותדיקע געדאנקען

איינ׳ער פון די קאפיטלען פון שלום אשם "דער מאן פון נוצרת", וואס האט אויף מיר געמאכט א באזונדער שטארקן רושם, איז געווען דער קאפיטל פון א רייזע איבער צור.

די גרויסע האנדל־שטאט צור איז געווען בלויז א שפאן פון ארץ־ישראל, אבער ס׳איז געווען א גאר באזונדער וועלט, אפגעטיילט פון יידישן לאנד מיט אן אפגרונט פון צייט און רוים. די וועלט האט דאן געקוקט אויף צור ווי אויף א "מאדערנער", א "ציוויליזירטער" שטאט, בעת ארץ־ישראל איז אין אירע אויגן געווען א בארבאריש לאנד.

אבער ווען א ייד פלעגט אריינקומען קיין צור, פלעגט ער ניט באוואונדערן די רייכע פאלאצן און די פארפוצטע פרויען פון דער גרויסער האנדל־שטאט. ער האט געזען ווי נאקעטע שקלאפן און שקלאפינס ווערן פארפייניקט אויף טויט, אונטער די בייטשן פון די אויפזעער, פון קאטארזשנער ארבעט און הונגער; ער האט געזען די מיאוסע פארמען פון אויסגעלאסנקייט, און די שוידערלעכע סצענעס פון קרבנות פון קינדער פארן בעל.

דער "בארבארישער" ייד פלעגט זיך מיט עקל אפקערן פון צור, און פלעגט דריי מאל אויסשפייען אויף דער שטאט און אירע פאלאצן; און ער פלעגט מאכן א ברכה, דאנקענדיק דעם בורא עולם, "וואס האט אונדז ניט געמאכט ווי די פעלקער פון דער וועלט".

* * * * *

אין דעם זעלבן בוך ווערט אויך איז א סך אנדערע קאפיטלען געשילדערט דער אפגרונט אין די באגריפן פונם יידן, וואס האט געהאט פאר אן אידעאל צו ווערן אן "עם קדוש", א הייליק פאלק, און דער גויישער וועלט, וואס האט געשטרעבט צו מאכט, צו רייכטימער און צו פיזישער פולקאמענהייט.

דער רוימער קאן ניט באגרייפן, ווי אזוי א גאנץ פאלק שטעלט אפ די גאנצע ארבעט אויף איין טאג א וואך, — שבת. ער קאן ניט באנעמען די הייליקייט פונם טאג, — ער טראגט ארויס זיין אורטייל, אז די יידן זיינען בלויז פויל און זוכן אן אויסרייד ניט צו ארבעטן.

דער רוימער קאן ניט פארשטיין די מסירת־נפש מיט וועלכער די יידן קעמפן קעגן ארויפשטעלן דעם רוימישן אדלער איבערן הר־הבית. די מסירת־נפש פון די יידן, וואס רייסן דעם אדלער מיט זייערע הוילע הענט, קעמפנדיק קעגן שטארק באוואפנטע רוימישע לעגיאנערן, זעט אים אויס ווילד און בארבאריש.

אוואדע זיינען די רוימער געווען מוטיקע קעמפער און בראווע סאָלדאטן, און זיי האָבן ניט מורא געהאט פארן טויט. אָבער טויט אויף קידוש־השם — דאָס האָבן זיי ניט געקאָנט פארשטיין און ניט געקאָנט באגרייפן: צווישן זייערע און די יידישע באגריפן איז געווען א טיפער אָפּגרונט.

* * * * *

ווי די געשיכטע דערציילט, האָט ירושלים באזיגט רוים. ירושלים האָט מיט די דונערן און בליצן פונם בארג סיני איינגעוואָרפן די געטער פון צור און האָט אויפגעטרייסלט די גאנצע געצנדינערישע וועלט.

אָבער די דאָזיקע וועלט קעמפט שוין צוויי טויזנט יאָר קעגן א גאָט, וואָס די יידן האָבן אויף איר ארויפגעצוווּנגען. זי האָט מורא פאר אים, ווייל זיינע פייערדיקע ווערטער האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין איר הארצן און לאָזן זי ניט רוען, — אָבער זי וויל זיך באפרייען פון אָט דער מורא און רעוואָלטירט קעגן אים.

אָט־דער צוויי־טויזנט יאָריקער רעוואָלט האָט דערגרייכט זיין העכסטן קלימאקס אינם נאציזם אין דייטשלאנד און אין זיינע אָפּצווייגונגען אין אנדערע לענדער. ער איז אָבער ארויס אין קאמף קעגן דעם גאָט פון בארג סיני און קעגן זיינע עשרת הדברות, און רופט די וועלט צוריק צום בעל.

דייטשלאנד פון היינטיקן טאָג איז א פולשטענדיקע אָפּשפּיגלונג פון צור פון אָט יענער צייט, — ברוטאַלע שקלאפעריי, מערדעריי, אויס־געלאסנקייט און עקלהאפטסטע געצנדינעריי. און ווו די נאציס קומען, ברענגען זיי מיט אָט־דעם גייסט מיט זיך, — דעם גייסט פון א נייעם סדום ועמורה.

* * * * *

דער נייער צור וועט אויך חרוב ווערן, אָבער כ'האָב מורא, אז זיין גייסט וועט נאָך אזוי גיך ניט אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד. די וועלט האָט נאָך ווייט ניט שלום געמאכט מיטן גאָט וואָס ירושלים האָט איר געבראכט פונם בארג סיני.

עס איז נאָך אַלץ דאָ א טיפער אָפּגרונט צווישן דער "ציוויליזיר־טער וועלט" און אָט־יענע "בארבארישע יידן", וואָס האָבן געזוכט צו לעבן אין הייליקייט אויף גאָטס ערד. דער קאמף צווישן חורב און אָלימ־פּוס, צווישן ירושלים און רוים, איז נאָך ווייט ניט פארענדיקט.

אָבער די וועלט וועט זיך שוין קיינמאָל ניט קאָנען באפרייען פון אָט־יענעם דונערנדיקן רוף פונם בארג סיני. ער וועט זי פארפאָלגן אויף

טריט און שריט, וועט פייניקן איר געוויסן און וועט מאכן ציטערן איר הארץ. עס איז נאָך א לאַנגער און פיינלעכער וועג, אָבער איך גלויב, אז סוף־כל־סוף וועט די וועלט אויסגעלייטערט ווערן אינם גייסט פון בארג סיני "און דאָס גאַנצע בייזע וועט ווי א רויך פאַרשווינדן".

מאי 26טן, 1944.

# אין לאַנד פון חם

. . . און עס זיינען דאן אויפגעשטאַנען שווערע צייטן אינם לאַנד פון מצרים. די כסדרדיקע ניט־געלונגענע מלחמות האָבן ארויפגעלייגט שווערע לאַסטן אויף דער באַפעלקערונג, און דאָס פאָלק האָט געזיפצט אונטערן שווערן יאָך. דערצו האָבן די מפּלות אויפן שלאַכטפעלד פאַרוווּנ־דעט די פּאַטריאָטישע געפילן פונם מצרישן פאָלק, וואָס זיינען קינסטלעך אויפגעבלאָזן געוואָרן פון די הערשער צוליב די שטענדיקע מלחמות.

און צו אַלע שלעק און פורעניותן איז נאָך אויסגעבראָכן א הונגער אין לאַנד, און דאָס פאָלק האָט מער ניט געקאָנט טראָגן די דריקנדיקע לאַסט פון שטייערן. האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבן בונטעווען זיך.

האָט פּרעה פאַררופן זיינע קלוגע מענטשן, די חרטומים, און האָט זיי געגעבן דריי טעג און דריי נעכט צו געפינען אן עצה, ווי צו באַרויִקן דאָס פאָלק, עס זאָל ווייטער טראָגן די לאַסט און זאָל פאַר אים בויען די באַפעסטיקטע שטעט און די פּיראַמידן, וואָס זאָל פאַרשטאַרקן זיין מאַכט און פאַראייביקן זיין נאָמען.

האָבן די חרטומים געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט, און זיי האָבן געפונען אן עצה.

* * * * *

און שרייערס און אויסרופערס זיינען צעשיקט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד פון מצרים, וואָס האָבן אויסגערופן: "אין די אומגליקן פון מצרים זיינען שולדיק די האבירי (די עיברים)!" "דאָס זיינען די האבירי וואָס האָבן פאַראורזאַכט דעם הונגער אין לאַנד, ווייל זיי האָבן צעפּלינ־דערט די אוצרות פון מצרים און צערויבט אונדזערע ברויט־רעזערוון. זיי ווערן פעט, בעת אונדזערע מצרישע פאָלקס־מאַסן ווערן געשוואָלן פון הונגער.

"אָבער פּרעה, אין זיין גרויס גענאָד, שטייט אויף דער וואַך פון די אינטערעסן פון זיין פאָלק. און ער איז דערפאַר גוזר, אז די האבירי זאָלן

פארשקלאפט ווערן און זאָלן אונטערדריקט ווערן, כדי דאָס מצרישע פאָלק זאָל באפרייט ווערן פון זייער יאָך, און זיי זאָלן מער ניט פאראייניקן זיך מיט אונדזערע פיינט"...

* * * * *

און די קלוגע חרטומים זיינען געזעסן פערציק טעג און פערציק נעכט, און זיי האָבן אָנגעשריבן גרויסע ביכער וועגן דער גרויסקייט פון דער חמיטישער ראסע פון וועלכער עס שטאמען די מצרים, און פון דער ני־דעריקייט פון דער סעמיטישער ראסע, פון וועלכער עס שטאמען די האבירי.

און שרייבערס און אויסרופערס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרן איבערן גאנצן לאנד, וואָס האָבן דערקלערט פאר די מצרים די גרויסקייט פון זייער טאטן חם, און די נידעריקייט פון דעם טאטן פון די האבירי, שם.

און פרעה האָט ארויסגעשיקט באפעלן איבערן גאנצן לאנד, אז אלע ביכער וווּ עס דערציילט זיך וועגן דעם ווי יוסף, פון די האבירי, האָט געראטעוועט דאָס לאנד פון הונגער, און אלע ביכער פון האבירי חכמים, וואָס פארגיפטן דעם ריינעם גייסט פון חם, זאָלן אין איין טאָג פארברענט ווערן אויף שייטער הויפנס. און דער באפעל איז דערפילט געוואָרן.

* * * * *

און די מצרים האָבן זיך דערפילט שטאָלץ מיט זייער אָפּשטאם, און זייערע פאטריאָטישע וווּנדן זיינען פארהיילט געוואָרן. און זיי האָבן זיך געפילט געהויבן, וואָס זיי שטאמען פון חם און גייען אין זיינע דרכים.

און דאָס מצרישע פאָלק האָט זיין שינאה און צאָרן אויסגעלאָזן צו די האבירי, אין וועלכע זיי האָבן דערזען דעם קוואל פון אלע זייערע צרות, און זיי האָבן לייכטער געטראָגן די דריקנדיקע לאסט פון מלחמות און צינזן, און האָבן לאָיאַל געבויט די באפעסטיקטע שטעט און די פי־ראמידן פאר דער זיכערקייט און גלאָריע פון פרעה און פון זיינע צאָל־רייכע ווייבער און קינדער, מיניסטאָרן און סאטראפּן.

און זיי פלעגן טאָג־איין, טאָג־אויס, מארשירן מיט פאָנען און הורא־געשרייען, און פארגעסן אויף זייער הונגער און שקלאפעריי, אין דער גלאָריע פון חמישן אָפּשטאם.

און א גליקלעכע צייט איז אויפגעשטאנען אין מצרים...

* * * * *

...און אז גאָטס מכות האָבן געטראָפן די מצרים און פרעה האָט פארטריבן די האבירי פון לאנד, האָט גרויס שמחה געהערשט אינם לאנד פון חם. איצט, צום סוף, האָט דאָס לאנד באפרייט זיך פון דער פּלאָג!

איצט וועט דאָס לאַנד מער ניט ליידן קיין מפּלות אויפֿן שלאַכטפֿעלד, און די מענטשן וועלן לעבן זאַט און גליקלעך, ווייל קיינער וועט ניט צערויבן די רייכטימער פֿון לאַנד . . .

און ס'איז דורכגעגאַנגען אַ צייט, און די זון פֿון גליק האָט ניט אויפֿגעשיינט פֿאַר די קינדער פֿון חם. און זיי האָבן מיטאַמאָל דערפֿילט זיך הונגעריק, נאַקעט און פֿאַרשקלאַפֿט . . .

האָט פּרעה אויף דער עצה פֿון זיינע חרטומים, צונויפֿגענומען זיין אַרמיי, און האָט זיך שנעל אַ לאָז געטאָן אין מדבר אַריין, צו ברענגען צוריק די האַבירי אין לאַנד אַריין מיט גוואַלד.

* * * * *

און דאָן האָט פּאַסירט דאָס וואָס אַלע ווייסן. דאָס לאַנד פֿון חם איז דערנאָך ביסלעכווייז פֿאַרטראָגן געוואָרן פֿון די זאַמדן און איז שפּעטער אָפּגעווישט געוואָרן פֿון דער געשיכטע . . .

ערב פּסח, 1933.

## צופּיל פּורים

אויב איר זייט איינער פֿונם אימיגראַנטן־דור, געדענקט איר נאָך מסתּמא דעם טעם גן־עדן פֿון אונדזערע אַמאָליקע פּורימדיקע מאכלים, — די האָמענטאַשן, די מאַנדלעך, די קרעפּלעך, די פֿרישע קוילעטשן, די געבעקסן — און ווען־ניט־ווען אַפֿילו אַן אַראָמאַטנער מאַראַנץ, וואָס האָט עפּעס דורך אַ וווּנדערלעכן צופֿאַל פֿאַרבלאָנדזשעט צו אונדזער טיש. עס ליגט אונדז אייגנטלעך נאָך אין מויל דער מחיהדיקער טעם פֿונם פּראָלעטאַרישן אַרבעס, וואָס איז געווען אַ טראַדיציאָנעלער צוגאָב צו דער פּורים־דיקער סעודה.

איז וואָס הערט זיך עפּעס דאָ ביי אונדז מכּוח די פּורימדיקע מאכלים? יאָ, ניט געזאָרגט: יידן, ברוך השם, האַלטן זיך אָן יידישקייט, — אַמווייניקסטנס אָן קיך־יידישקייט. איך קאָן אייך ניט גאַראַנטירן קיין גרויסן פּראָצענט יידן וואָס וועלן גיין הערן די מגילה אַפֿילו אין אַ פּורים שחל בזונטיק, אָבער איך גאַראַנטיר אייך יאָ, אַז אין דער איבערוועגנדיק־סטער מערהייט יידישע היימען ביי אונדז, וועט איר געפֿינען פּורימדיקע מאכלים.

אָבער ליידער וועלן אָט־די פּורימדיקע מאכלים ניט האָבן אָט יענעם פּורימדיקן טעם, וואָס מיר געדענקען פֿון דער אַלטער היים. דאָ איז

אמעריקע, האָט קיין זאַך ניט דעם זעלבן טעם, — עפּעס ווי עס וואָלט געפעלט זאַלץ דערינען.

* * * * *

איך געדענקט דאָך מסתמא, — ווען איר האָט געבראַכט אייער אַלטע מאַמע אהער פון יענער זייט ים, האָט זי זיך באַקלאָגט, אַז דאָס פלייש האָט דאָ עפּעס ניט דעם געהעריקן טעם. איר האָט עס עפּעס אויך געפילט און איר האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס.

אין דער אַלטער היים פלעגט איר ניט קאָנען זיין קיין אויסקלייבער. פלייש איז, דאַכט זיך, געווען דאָר און ביינערדיק, און דאָך האָט זיך עס געגעסן מיט אזא אַפּעטיט. דאָ איז עס אַ ספּעציעלע אויפגאַבע צו פּראָדוצירן גוטע פלייש, און, איר ווייסט, אַז אויפן וועלט־מאַרק איז קאַנאַדער פלייש פאַררעכנט פון די סאַמע בעסטע — אָבער אייך בענקט זיך גאָר נאָך יענעם דאַרן שטיקל פלייש פון דער אַלטער היים . . .

אייער מאַמע און איר אַליין האָט זיך איינגיכן איבערצייגט, אַז קיין זאַך האָט דאָ ניט דעם זעלבן טעם. ווי קומט, למשל, אַ קאַנאַדער עפּל צו אונדזער "אַנטאָנאָווקע" אָדער "אַוטיטאָווקע"! די פּוטער, די קעז האָט דאָ אַ חלשותדיקן טעם, און די קאַווע קומט אפילו ניט נאָענט צום גלעזעלע ציקאָריע מיט געבריטע מילך, וואָס מיר פלעגן טרינקען שבועות מיט די מילכיקע געבעקס.

וויפל אימיגראַנטן האָבן זיך עס פאַרבענקט נאָך אַט־יענע היימישע מאכלים, האָבן אוועקגעוואָרפן אַלע אַמעריקאַנער גליקן און זיינען צוריקגעלאָפן אין דער אַלטער היים . . .

איך צווייפל זייער, צי זיי האָבן דערנאָך געפונען אין דער היים די זעלבע מחיהדיקע מאכלים. איך האָב מורא, אַז פאַר דער צייט, וואָס זיי זיינען געווען אין אַמעריקע זיינען די מאכלים דאָרטן "עפּעס קאַליע געוואָרן", פאַרלאָרן זייער טעם . . .

* * * * *

איר פאַרשטייט דאָך איצט דעם סוד דערפון: אַלץ איז אָנגעקומען שווער אין דער אַלטער היים, פון אַלץ האָט מען געהאַט ווייניק, און עס האָט געהאַט דערפאַר אזא וווּנדערבאַרן טעם.

ס'איז דאָ בעסערע ווייץ. ס'איז דאָ בעסערע פלייש. עס זיינען דאָ בעסערע עפּל. אָבער מיר האָבן דאָ פון דעם אַלעמען געגנוג, אָפט איבערגענוג, האָט עס פאַרלאָרן דעם טעם.

אַ שטיקעלע פלייש איין מאָל אַ וואָך, לכבוד שבת, האָט זיכער

א בעסערן טעם, ווי מאַגער עס זאָל ניט זיין, ווי די בעסטע פלייש וואָס איר עסט יעדער טאָג ווימל איר ווילט. און אז איר קאָנט עסן מאראנצן יעדער טאָג, האָבן זיי ניט דעם טעם פון יענער וווּנדערבארער פרי, פון וועלכער איר פלעגט קאָנען טועם זיין נאָר איין מאָל אין א פורים.

און אזוי מיט די פורימדיקע מאכלים בכלל. זיי זיינען דאָ רייכער, שפּעדיקער, אָבער מיר קאָנען דאָ עסן קרעפּלעך און מאַנדלעך יעדער טאָג פון יאָר, — און מען עסט טאקע וואָכן פאר פורים און וואָכן נאָך פורים, איז וואָס פאר א טעם קאָן שוין האָבן דער פורים!

* * * * *

איך צווייפל זייער אָפּט, צי מאַטעריעלע שפע, נאָך וועלכער די גאנצע מאָדערנע ציוויליזאציע יאָגט זיך אזוי, איז אזא גרויסע ברכה פאר דער מענטשהייט. דורך איר זוכט מען צו דערגרייכן א וואָך פון זיבן טעג פון גאָלע יום־טובים, אָבער וואָס מען דערגרייכט, איז צו פארוואנדלען דעם יום־טוב און דעם שבת אויך אין וואָך.

איך בין ניט זיכער, אז דאָ, אין אונדזער פארהעלטנסמעסיקער מאַטעריעלער שפע זיינען מיר גליקלעכער ווי מיר זיינען געווען דאָרטן, אויף יענער זייט ים, אין אונדזער מאַטעריעלער אָרימקייט. א שבת, א פורים, א פסח דאָרטן האָט אונדז מער ווי באלוינט פאר דער שווערער וואָכעדיקייט פון אלע טעג פון א גאַנץ יאָר.

דאָס זיינען, נאַטירלעך, געווען ניט נאָר די מאכלים אליין. די מאכלים זיינען אייגנטלעך געווען נאָר דער גוף, און זיי האָבן חוץ דעם געהאט א נשמה.

אין אונדזער מאָדערנעם, מאַטעריאליסטישן לעבן פעלט די נשמה־דיקייט, דער גייסט. ס'איז דאָ די זאַטקייט, אָבער עס פעלט די פרייד.

און אָן פייערלעכקייט און פרייד איז דאָ א פוסטקייט, וועלכע איר קאָנט ניט פארפילן מיט די פיינסטע פורימדיקע מאכלים, בפרט ווען זיי זיינען פאר זיך אליין אויך א וואָכעדיקער ענין.

מארט 15טן, 1946.

# נס פון יציאת מצרים

די ברייטע יידישע פאָלקס־מאסן אין מצרים פון יענער צייט, האָבן זיך ווייניק וואָס אינטערעסירט מיט פּאָליטיק. זיי זיינען געווען צופרידן צו האָבן דעם טאָפּ פלייש, דאָס שטיקל הערינג מיט ציבעלע און דאָס ביסל

פּעטיא מיט קנאָבל, וואָס זיי האָבן געקראָגן פאַר זייער שווערער ארבעט אונטער דער בייטש פון די נוגשים, — און צו וואָס טויג זיי פרייהייט אויף א לײדיקן מאָגן?

אָבער יידישע קאָד־לעפּל און מתעסקים זיינען דאָן אויך געווען, ווי אַלעמאָל, אין אַלע צייטן. זיי האָבן זיך געקאָכט, געריסן און געשלאָגן זיך פאַר דער יידישער פירערשאַפט; האָבן אָנגעפירט קאַמפּיינען, האָבן געמאַכט פּראָפּאַגאַנדע פאַר זייערע אידייען און האָבן געזוכט צו געווינען די אָנהענגערשאַפט פון וואָס מער פאָלקס־מאַסן.

און אז משה רבנו איז געקומען מיטן רוף צו די יידן זיי זאָלן זיך באַפרייען פונם מצרישן יאָך, האָט עס ארויסגערופן א גאַנצן געריודער אויף דער יידישער גאַס פון פיתום און רעמסס. די פירערס האָבן דערזען אין דעם רוף א גרויסע געפאַר, און האָבן אויפגעהויבן א געשריי: מי שמך? וואָס קומסטו אונדז דרייען א ספּאָדיק מיט פרייהייט־שמייהייט? דער איינציקער וועג צו פרייהייט איז . . .

און יעדערער האָט ארויסגעלייגט זיין פּראָגראַם פון פרייהייט, וואָס האָט געדאַרפט זיין דער איינציקער וועג צו דערלייזונג.

* * * * *

עס זיינען דאָן געווען די תקיפים פונם שבט יהודה, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג פאַרשריבן פאַר "מצרים פון אברהמס גלויבן". זיי זיינען געווען לאָיאַל צו פּרעהן, און זיי האָבן זיך באַמיט צו דערווייזן די מצריים, אז יידן זיינען פיינע מענטשן, אז זיי האָבן דער וועלט געגעבן אברהמען און יוספן, וואָס האָט געראַטעוועט די וועלט פון הונגער.

עס זיינען געווען די "כנעניסטן", וואָס האָבן געזוכט איבערצו־ציייגן די בני־ישראל, אז זייער איינציקער וועג צו דערלייזונג איז צו זאַמלען פּרוטות אין די פּושקעס און אויסקויפן ביסלעכווייז דעם באָדן אינם לאַנד כנען. עס זיינען אָבער אויך געווען כנעניסטן, וואָס האָבן ניט גע־גלויבט אין קיין פּושקעס, נאָר אינם שווערד. נאָך אַנדערע כנעניסטן האָבן מער ווי אַלץ געגלויבט אין דאַוונען דריי מאָל א טאָג—און גאָט וועט העלפן.

עס זיינען אויך געווען מדבריסטן. זיי האָבן ניט געגלויבט, אז מען מוז דווקא גיין אינם לאַנד כנען, — נאָר אז יידן קאָנען וואַנדערן אין מדבר און לערנען תורה, וועט שוין זייער קיום זיין געזיכערט. אַלצ־איינס, האָבן זיי געטענהט, קאָן דאָס קליינע לאַנד כנען ניט ארייננעמען אַלע יידן.

* * * * *

היינט זיינען ביי די בני־ישראל גאָר געווען דאָן כושיסטן, — אָנ־

הענגער פונם לאנד כוש. היות הייסט עס, ווי אינם לאנד כוש זיינען דא גוטע פריצים, וואס שמייסן ניט די יידן און באהאנדלען זיי כמעט ווי גלייכע, און היות ווי ברזילי, דער דיקטאטאר פונם לאנד כוש, איז דער קליגסטער פון אלע מענטשן, — לכן דארפן די בני־ישראל ארבעטן פארן לאנד כוש, מיט דער האפענונג, אז דאס ליכט פונם לאנד כוש וועט זיך מיט דער צייט אויסשפרייטן איבער גאר דער וועלט, און די יידן וועלן דער־לייזט ווערן בכלל מענטשהייט.

היינט זיינען געווען יידן "אחרית־הימימניקעס", וואס האבן גראד ניט געהאלטן פונם לאנד כוש, ווייל זיי זיינען געווען קעגן דיקטאטור. זיי האבן אבער געטענהט, אז די יידן זיינען בירגער פון מצרים ניט ווייניקער ווי די מצריים גופא, און אז די יידן דארפן אויסקעמפן זייער פרייהייט מיט די מצריים, און אין מצרים גופא. זיי זיינען געווען גרויסע אפטי־מיסטן, און האבן געגלויבט, אז די מיצרישע פרייהייט און מיט איר אויך די יידישע, וועט קומען איידער די יידן וועלן אויסגעראטן ווערן . . .

* * * * *

אט־די און צענדליקער אנדערע פארטייעלעך און ריכטונגען האבן דאן געארבעט אויף דער יידישער גאס. יעדערע פון זיי האט זיך ארויס־געשטעלט ווי דער איינציקער משיח פונם פאלק. — און מען האט געדרייט דעם פאלק זיין קאפ, וואס איז אייגנטלעך געלעגן גאר אינם סיר הבשר . . .

און אז משה איז געקומען מיט אזא מין רוף, ווי פשוט אויפהויבן זיך און באפרייען זיך פונם יאך, האט ער זיך באגעגנט מיט דער ביטער־סטער קעגנערשאפט פון אלע זייטן. און אים איז א סך לייכטער אנגעקו־מען צו פועלן ביי פרעהן צו באפרייען די בני־ישראל, ווי ביי די בני־ישראל גופא צו באפרייען זיך.

אבער דאן האט עס פאסירט דער נס פון יציאת מצרים. דער נס איז געווען, וואס פרעה האט ניט געפרעגט די מיינונגען פון די יידישע פירערס, נאר ער האט פשוט געהייסן אלע יידן, אן אונטערשייד, גלייך ארויספעקלען זיך פון פיתום ורעמסס, און פון היינט אן זיך ניט פארלאזן אויף קיין באלעבאטים, נאר אליין מאכן א לעבן פאר זיך . . .

ואילו לא, — ווען ניט אט־דער נס, — הרי אנו, וואלטן מיר, און אונדזערע קינדער און קינדס קינדער, נאך געדארפט דינען ביי פרעהן. ווען משה וואלט געווארט ביז ער וועט פאראייניקן די יידן און פועלן ביי זיי אלעמען באפרייט צו ווערן, וואלטן די יידן נאך היינט געדינט פרעהן אין מצרים, אויב עס וואלטן נאך בכלל געבליבן יידן . . .

אפריל 1943, ט"ו.

# די מצווה פון לעבן

אין דער מאָס וואָס חנוכה איז דערהויבן געוואָרן אין די לעצטע פּאָר דורות, אַזוי איז פּורים געפאַלן אין פּרעסטיזש. עס זיינען געווען אַזעלכע "מאָדערנע" יידן, וואָס האָבן בכלל געמאַכט א תל פון פּורים און האָבן געפּריידיקט, אַז יידן זאָלן אים אויפגעבן.

עס האָט, פאַרשטייט איר מיך, צו טאָן מיט עפּעס א יידישער קור־טיזאַנקע אינם קעניגלעכן הויף, און מיט א ייד א שתדלן, וואָס קלאַפּט אין קעניגלעכע הינטער־טירן און זוכט פּראָטעקציעס, — און שתדלנים און שתדלנות פּאָליטיק זיינען ביי אונדז, כידוע, געוואָרן זידל־ווערטער.

די צוויי־טויזנט יאָריקע יידישע טראַדיציע האָט אָבער פון פּורים געהאַלטן א סך מער ווי פון חנוכה. עס זיינען דאָ א סך מער פּורים־דינים, ווי חנוכה־דינים, און פּורים איז געפייערט געוואָרן תמיד מיט מער פּאַראַד, ווי חנוכה.

א באַזונדערס מערקווירדיקער פאַקט איז דאָס, וואָס דער פרומער ספר החשמונאים איז ניט אריינגענומען געוואָרן אין די הייליקע שריפטן. אָבער די מגילת אסתר איז יאָ קאַנאָניזירט געוואָרן, כאָטש אין איר ווערט קיין איין מאָל ניט דערמאָנט דער נאָמען פון גאָט.

* * * * *

אין די ערשט פאַרגאַנגענע פינצטערע יאָרן פון היטלערס הער־שאַפט, האָבן דייטשע יידן ארויסגעוויזן א סך וויניקער פעיקייט ווידערצו־שטיין די נאַצישע רציחות, ווי די פּוילישע. נאָר מיט קוילן און גאַז קאַ־מערן האָט מען געקענט באַזיגן די לעצטע, בעת די דייטשע יידן פלעגן פשוט ניט קאָנען אויסהאַלטן די דערנידעריקונגען און די פּייניקונגען און פלעגן אויסגיין, אָפט דורך זעלבסטמאָרד.

קיינער קאָן ניט זאָגן, אַז די דייטשע יידן זיינען געווען שמאָל־צערע יידן, ווי די פּוילישע יידן זיינען דאָס געווען, — די וואָס האָבן גע־טראָגן מיט שטאָלץ זייער יידישקייט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי האָבן דערפאַר געמוזט ברענגען שווערע קרבנות, און האָבן זי ניט געזוכט צו באַהאַלטן אונטער א פרעמדן לשון, פרעמדע נעמען אָדער פרעמדע קליידער.

אָבער ווען עס פלעגט קומען צו דער פראַגע פון לעבן, פון קיום, האָבן זיי, ווי יידן, געשעצט דאָס לעבן העכער ווי זייער שטאָלץ. זיי האָבן זיך געבויגן אָנשטאָט צו ווערן געבראָכן.

ביי שלום אש, אין "קידוש השם", איז דאָ א מערקווירדיק בילד פון א יידן, וואָס טאַנצט דעם בערן־טאַנץ אונטער שמיץ, צו אַמוזירן זיין

פריץ, — צו געווינען פון אים דאָס רעכט צו בויען א שול פאַר דעם ישוב. אונטער דער בערן־פעל איז געווען באמת א שטאָלצער ייד, וואָס האָט געקוקט מיט דער גרעסטער פאראכטונג אויף זיינע פייניקער, די אויסער־לער שטאָלצע פּחדנים.

די פּוילישע יידן אונטער היטלערן האָבן איבערגעטראָגן מיט שטאָלץ די שווידערלעכסטע פייניקונגען און באַליידיקונגען, כדי מקיים צו זיין די מצווה פון לעבן. דאָס האָט געפאָדערט א סך מער מאָראַלישן מוט, ווי ארויסצוגיין אין קאמף, וועלכן מען האָט געמוזט פארלירן. די גראַנ־דיעזע געטאָ־אויפשטאנדן זיינען אויסגעבראָכן ערשט דאן, ווען אומקום האָט שוין במילא אויסגעזען צו זיין אומפארמיידלעך.

* * * * *

אונדזער פריינד, מ. דזש. פינקלשטיין, האָט אויף אן אנומלטדיקן טור איבער מערב קאנאדע געהאלטן א לעקציע וועגן יידן, ווי א פאָלק וואָס פארהייליקט דאָס לעבן. ער האָט, גלויב איך, אָנגעכאפּט איינעם פון די הויפּט־שטריכן פון דער יידישער עטיק, וואָס איז געווען דער באוועגונג־גייסט פון דער יידישער געשיכטע.

די מצווה פון לעבן איז די ערשטע פון אלע תרי״ג מצוות. זי דריקט זיך אויס אינם ״פּרו ורבו״ — ״פרוכפּערט זיך און מערט זיך״, פארן אויפהאלט פון דעם מין.

יידן זיינען תמיד געווען א שטאָלץ פאָלק, און זיי האָבן ניט מורא געהאט פאַר קיין קאמף. ווען מיר זיינען אָבער דערפירט געווארן צו א מדרגה, אין וועלכער פיזישער קאמף האָט געמיינט חורבן, האָבן מיר געמוזט אָננעמען אנדערע מיטלען, צו מקיים זיין די מצווה פון לעבן.

עס איז ניט געווען אוממאָראליש צו באנוצן זיך מיט שתדלנות ביי אחשורושן צו ראטעווען דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאנג. עס איז געווען דער געבאָט פון דער שעה צו פארהיטן דאָס פאָלק מיט די איינציקע מיטלען וואָס די השגחה האָט צוגעגרייט.

מרדכי איז געווען גראָד א שטאָלצער ייד, — ער האָט זיך ניט גע־בויגן פאַר המנען, אָבער חוץ שתדלנות האָט ער ניט געהאט קיין געווער צו באַקעמפן אים.

* * * * *

יידן האָבן געהאט גענוג צרות און חורבנות פון די פאַלשע משי־חים, וואָס האָבן געפרוּווט ״דוחק זיין דעם קץ״, אראָפּברענגען משיחן פאַר דער צייט. אייניקע פון זיי האָבן ארויסגעוויזן גרויסע גבורות, אָבער די יידישע טראדיציע האָט זיי ניט געקאָנט פארגעבן די צרות, וואָס זיי האָבן

געבראכט און וואָס זיי האָבן שיר ניט דערפירט צום אונטערגאַנג פונם פאָלק.

דר. ווייצמאן איז איינער פון די ציוניסטישע פירערס, וואָס פילט דעם פולס פון דער יידישער געשיכטע. ער האָט דערפאַר מיט אַזעלכע גליענדיקע ווערטער געוואָרנט דאָס פאָלק צו היטן זיך פון די נייע, פאַלשע משיחים, וואָס זוכן צו פירן אונדז צו "גלאָררייכן חורבן".

א סך מער העלדישקייט איז נויטיק צו קאָנען בייקומען די אייגענע באַרעכטיקטע ליידנשאַפטן און צו לעבן, ניט געקוקט אויף אַלע פּראָוואָ־קאַציעס, אפשר געצילט אויפצורייצן אונדז צו זעלבסטמאָרד. היטלער האָט דאָס לעצטע דערגרייכט מיט די שוואַכע דייטשע יידן, אָבער ניט מיט די שטאָלע פּוילישע יידן . . .

ערב פורים, 1947.

## א שמועס מיט מר. פעסאָווער

איך האָב אים געקאָנט, ר' פּסחן, פון דער אַלטער היים, טאַקע גוט געקענט. ס'איז געווען א בכבודיקער פאַטריאַרכאַלער ייד, מיט א שבת־יום־טובדיקן הדרת פּנים.

אין אַלע יידישע הייזער פלעגט מען אים אויפנעמען מיט כבוד און מיט ליבע, מיט געשייערטע און געכשרטע כלים, מיט ווייסע טישטיכער און מיטן פיינסטן יין־צימוקים.

און ער איז געווען א טייערער גאַסט, אָבער א שטרענגער: ערגעץ א שטויבעלע חמץ, פלעגט ער ווערן בייז, אַז מען פלעגט זיך פון אים ניט קאָנען אויסקויפן.

און איצט באַגעגן איך אים דאָ, — עלטער געוואָרן, אויפן פּנים צייכנס פון שווערע איבערלעבונגען.

און שוין גאָר ניט יענער ר' פּסח: די באָרד אביסל "צוגעפיקסט"; אַנשטאָט דער זיידענער יאַרמעלקע, א צילינדער, און אַנשטאָט דער זיידע־נער זשופּיצע, א פראַק.

איך האָב אים אָבער פאָרט דערקענט נאָך דעם באַגאַזש, וואָס ער האָט געבראַכט: פלעשער וויין, פעקלעך מצה און אַנדערע פּסחדיקע מאכלים.

— שלום־עליכם, דאַכט זיך ר' פּסח, — זאָג איך.

— האו דו יו דו, — ענטפערט ער מיר, און איך בלייב שטיין אַז איבערראַשטער, — מיין נאָמען איז מר. פעסאָווער, איף יו פּליז.

— סטיטש, — מאך איך אזוי שנעל ווי איך האָב אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, — וואָס הייסט? איך קאָן דאָך אייך פון מיינע קינדערשע יאָרן אָן. ווי־זשע קומט עס צו אייך אזא 'ענדערונג?

— אָ, איך זע אז איר זייט אַן "אָלד קאַנטרישער" ייד, וועל איך מיט איין ריידן אָפּנהארציק: מען קאָן זיך ניט העלפן, מען מוז זיך צופּאַסן צו די אומשטענדן אויב מען וויל לעבן אויף דער וועלט . . .

— ס'איז ברוך־השם א נייע וועלט, מיט נייע מענטשן. דאָ איז אמעריקע, ווייס איך, וואָלט איך ניט געקאָנט מאכן קיין לעבן מיט מיין אַלטן הילוך.

— איך געדענקט די ערשטע צייטן. איך בין געקומען אהער מיט מיין אַלטער ברייטקייט, האָבן אייִרישע "באָמס" געצופּט מיר די באָרד און געשריִען "שיני", און יידן אַליין האָבן מיך געהאַלטן פאַר א גרינהאָרן און ווייטער ווי די קיך האָט מען מיך ניט אריינגעלאָזן.

— נו, האָב איך געמוזט צופּאַסן זיך, ארומשערן די באָרד, אויס־פּוצן זיך ווי א רעוורענד־מוהל־ומסדר־קדושין . . . און איך בין אַלרייט אין אמעריקע.

— איך האָב אויפגעהערט מקפּיד זיין. איך פאַרמאַך מיינע אויגן ניט נאָר אויף אביסל חמץ, נאָר אַפילו אויך א גאַנץ ברויטל וואָס ליגט זייט־ביי־זייט מיט מיין מצה. און די הגדה בין איך מוחל, אבי מען עסט מיינע קניידלעך.

— און וואָס אמת, איז אמת: קניידלעך היט מען דאָ אין אמעריקע אָפּ. איי קנאַקט מען 'עס זיי אריין, אַז אַפּעטיט אביסל!

— וועל, איך טרייע צו פּליזן מיינע קאַסטאָמערס, — האָט ער צוגעגעבן מיט א שמייכל, האַלב יידיש, העף ענגליש, איך זאָל זען, אז ער איז שוין מער גאָר קיין גרינהאָרן ניט . . .

* * * * *

עפּעס קומט ער דאָך פון ווייטע מדינות, טו איך ביי אים א פרעג א גרוס פון אונדזערע ברידער פון יענער זייט ים.

— וואָס איז שייך אַפּעטיט, קאָן איך אייך פאַרזיכערן, — מאַכט מר. פּעסאָווער, — אז די מזרח אייראָפּעישע יידן האָבן ניט וואָס צו באַ־קלאָגן זיך. דער חסרון איז נאָר, וואָס זיי האָבן רעגירונגען, וועלכע גיבן אכטונג זיי זאָלן זיך ניט איבערעסן.

זעט איך דאָך טאַקע: די מאכלים און די משקאות האָב איך גע־

בראַכט אַהער, און זיי דאָרטן האָב איך איבערגעלאָזן די הגדות. זאָלן יידן כאָטש הנאה האָבן פון זייער יום־טוב זאָגנדיק הגדה, אויב זיי האָבן ניט קיין קניידלעך.

— עס קומט אַזוי אויס א מין ערלעכע חלוקה: זיי די הגדה, און איך די קניידלעך.

— אגב בין איך אַמווייניקסטנס מיט די פּוילישע יידן זיכער, אַז זיי וועלן ניט עובר זיין אויף חמץ בפּסח: די רעגירונג איז ביי זיי מבער חמץ א גאַנץ יאָר אויף א גרינדלעכן אופן.

— איר ווילט וויסן וועגן סאָוועט רוסלאַנד?

— דאָרטן, זעט איר, איז צרות. דאָרטן קאָן איך מיין פּנים ניט באַווייזן, מען זאָל מיך ניט אַרעסטירן ווי א קאָנטער־רעוואָלוציאָנער.

— און מער פעלט מיר ניט, אַז איך זאָל אויף מיינע עלטערע יאָרן אַריינכאַפּן זיך אין די הענט פון דער גע. פּע. או. איר ווייסט וואָס גע. פּע. או. מיינט? — דצ״ך, עד״ש, באח״ב, — א סך מכות צונויפגעפּרעסט צוזאַמען עס זאָל זיין באַקוועמער אַרומטראָגן זיך מיט זיי.

— מילא, א ייד געפינט זיך שוין אַן עצה: מען באַהאַלט זיך אויף די בוידעמס, אין די קעלערן. א סך יידישע הייזער מוז מען איבערהיפּן, — און, וואָס ס׳איז ערגער פון אַלץ, איך האָב מורא, אַז זיי אַרט עס גאָר ניט . . .

— נו, א וועלטעלע געוואָרן! — האָט מר. פּעסאָווער אָפּגעזיפצט זיך, — א שאָד אַמאָליקע גוטע צייטן . . .

* * * * *

איך האָב שטאַרק מיטגעפילט מיט דעם אַלטן ר׳ פּסח, וואָס איז אויף די עלטערע יאָרן געוואָרן א מר. פּעסאָווער, און וואָס דאַרף זיך אָנטאָן אין אַזאַ קלאָונישן קאָסטיום, כדי נושא־חן זיין ביי די אַמעריקאַנער גאַנצע און האַלבע יאַהודים און רעפאָרמירטע ראַביים.

איך האָב אים געדריקט די האַנט, ווינטשנדיק אים א פריילעכן יום־טוב.

— עט! — האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — גוד באי!

מאַרץ 1931, 1931.

# חנוכה רעיונות

פון דער צייט פון נחמיה, ביז דער גריכישער עפּאָכע, א געשיכטע פון א פּאָר הונדערט יאָר, איז א דאָ א בלויז, א ליידיקער פּלאַץ אין דער יידישער געשיכטע. פון אָט־דער צייט זיינען אפילו קיין לעגענדעס ניט פארבליבן (עס זיינען דאָ בלויז די אנטדעקטע תל־על־אמרנא שריפטן, וואָס ווארפן זייער א שוואכן ליכט אויף יענער צייט).

די יידן, א קליין און שוואך פאָלק — איינס פון א סך פעלקער באהערשט פון די פּערסיער, — האָבן פארנומען א קליין ווינקל פון ארץ־ישראל (און ניט דעם פּרוכטבארסטן), און האָבן געלעבט אָרים אונטערן פרעמדן יאָך, צאָלנדיק צינזן צו די הערשער. קיין קעניג און קיין פּרינצן האָבן זיי ניט געהאַט, קיין אייגענע מלחמות האָבן זיי ניט געפירט, — איז ניט געווען וואָס צו פארשרייבן אין דער געשיכטע.

אָט־דער "בלויז" איז אָבער באמת געווען אָנגעפילט מיט אינהאַלט. דאָס זיינען אפשר געווען די פּרוכטבארסטע יאָרן אין דער יידישער געשיכטע.

אין אָט־דער עפּאָכע איז געלייגט געוואָרן און איז באפעסטיקט געוואָרן דער גרונדשטיין פונם גייסטיקן קיום פונם יידישן פאָלק. אין אָט־דער אויסערלעך "ליידיקער" צייט איז אויסגעבויט געוואָרן די פעסטונג, וואָס האָט דערנאָך אָפּגעשלאָגן די שטורעמדיקע כוואַליעס פון דער גריכישער וועלט מיט איר גלאַנץ, און האָט דאָס יידישע פאָלק, און די ווערטער פונם גרויסן נביא, פארהיט פאר אַן "אור לגויים" (אַ ליכט פאר די פעלקער).

* * * * *

אין אָט־יענער עפּאָכע האָבן עס יידן געזאַמלט זייערע אַלטע גייסטיקע אוצרות און האָבן געשאַפן די נייע. דאַן האָבן זיי עס געשטודירט די נביאים און געזונגען די פּרעכטיקע קאַפּיטלען פונם תהילים, פול מיט גייסטיקער דערהויבונג און פּיעטעט.

זייערע פּערסישע הערשער האָבן זיי געלאָזט צורו אין זייער אינערלעכן לעבן, — אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען געווען אונטערטעניק און האָבן זיי געצאָלט זייערע צינזן. זיי האָבן ניט געוווּסט פון קיין מאַטעריעלע רייכטימער און האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט א גע־יִיגג נאָך גייסטיקע פאַרמעגנס. עס האָט געלאָזן טיפע וואָרצלען א יידיש פאָלקס לעבן, באַזירט אויף יידישער קולטור. ס'איז געוואָרן א "ממלכת כוהנים ועם קדוש", א גייסטיקע געמיינשאַפט, וואָס האָט הויך געשעצט איר גייסטיקן פאַרמעגן, ביז מסירת־נפש.

און אז דער גריכישער שטורעם איז אנגעקומען, האט ער אט־די פארעקשנטע געמיינשאפט ניט געקאנט אויסוואָרצלען. די גריכישע קולטור האט פארכאפט מיט איר גלאנץ אלע צענדליקער פעלקער פונם נאענטן מזרח, אָבער די קליינע יידישע געמיינדע האט זיך ניט אונטערגעגעבן. זי איז געוואָרן אזא כוח, אז די גאנצע מאכט פון א וועלט־אימפעריע האט זיך אנגעשלאָגן אָן איר און איז צעשמעטערט געוואָרן פונם שטוים.

* * * * *

עס זיינען ביי יידן דאן אויך געווען "קוויזלינגס" און פאררעטערס. די גריכן האבן אריינגעבראכט אינם אָרימען יידישן לאנד עשירות, און די "ארויפגעארבעטע אלרייטניקעס" (ווי מען וואָלט זיך היינט אויסגעדריקט), די כוהנים און די אריסטאָקראטן, פארכאפט פונם גלאנץ פון די מאטע־ריעלע רייכטימער און פון די פארגעניגנס וואָס די העלענישע קולטור האט זיי אנגעבאָטן, האבן זיך געחנפעט צום הערשער, וואָס האט זיי דאָס אלץ געגעבן און האבן פארראטן די אידעאלן פון זייער אייגענעם פאָלק.

דאָס האט נאָך קלענער געמאכט די רייען פון די פארטיידיקער פון די יידישע פאָלקס אידעאלן און נאָך מער אפגעשוואכט זייערע כוחות. אָבער זייער גייסט איז געווען שטארק, און זייער גלויבן פעסט. דאָס קליינע הייפעלע גיבורים האט זיך ספראוועט סיי מיט דער גוואלדיקער מאכט פונם דרויסנדיקן שונא, און סיי מיט די אייגענע פאררעטער.

דער נס־חנוכה האט זיך אנגעהויבן פון די צייטן פון עזרא און נחמיה.

* * * * *

עס וואָלט אָבער ניט געווען אינגאנצן ריכטיק צו באהויפטן, אז דאָס הייפעלע יידישע העלדן אונטער די מאקאביייער, האט עס געבראָכן די מאכט פון דער גרויסער סירישער אימפעריע. א סך אנדערע היסטאָרישע פאקטאָרן האבן געווירקט צו ברעכן די דאָזיקע מאכט.

דער וויכטיקסטער איז געווען, די צעפוילטקייט פון דער דאָזיקער מאכט, — ווי יעדער פיזישע מאכט, וואָס ווערט צעפאלן פון זיך אליין. דאָרטן וווּ עס איז דאָ פיזישע מאכט, אָן א שטארקן גייסטיקן באָדן, דאָרטן מוז זיך אנטוויקלען קאמף פאר מאכט, וואָס צעטרייסלט דעם גאנצן בנין.

שפּעטער האבן די יידן אליין פארזוכט דעם דאָזיקן טעם. די חשמו־נאים האבן באפרייט דאָס יידישע פאָלק, און אין זייערע הענט איז אריינ־געפאלן מאכט, וועלכע זיי האבן מיסברויכט. אין דעם קאמף פאר דער מאכט האבן זייערע שפּעטערדיקע דורות חרוב געמאכט דאָס, וואָס זייערע

עלטערן האָבן אויפגעבויט. זיי האָבן אליין געבראַכט דעם שונא אויף זייער לאַנד און זיי אליין האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין "קווּיזלינגס".

אָבער דאָן האָט ווידער פּאַסירט א נס, — דער נס פון יבנה. עס האָבן זיך געפונען יידן וואָס זיינען אנטלאָפן פונם חורבן, וואָס מאַכט־גייציקייט האָט געבראַכט אויפן לאַנד, און האָבן ווייטער געבויט דעם גייסטיקן בנין, אין וועלכן דאָס יידישע פאָלק געפינט שוץ און זיכערקייט דורך אלע דורות, — א פעסטונג, וואָס קאָן מיט קיין געווער ניט איינגעבראָכן ווערן.

דעצעמבער 4טן, 1942.

## תשעה באָב

געדענקט איר ווי אינטערעסאַנט מיר האָבן "געפייערט" תשעה באָב אין אונדזערע שטעטלעך אין דער אלטער היים?

תשעה־באָב האָט ניט געהאַט קיין טראַדיציאָנעלע יידישע מאכלים, — ס'איז דאָך געווען א תענית. דאָס פאַרפאַסטן זיך מיט לאָקשן מיט מילך און בייגל מיט אש איז אפילו אין אונדזערע פאַרהונגערטע שטעטלעך ניט געווען אזא יום־טוב.

אויב עס זיינען אָבער ניט געווען קיין קניידלעך, קיין האָמענטאַשן און קיין מילכיקע קרעפּלעך, זיינען אָבער דערפאַר געווען — "בערעלעך". און "בערעלעך", ווי זיי האָבן ביי אונדז געהייסן אין ווייס־רוסלאַנד (אין אנדערע געגנטן האָבן זיי געטראָגן אנדערע נעמען), האָט מען טאַקע ניט געקאָנט עסן, אָבער דערפאַר פלעגן זיי אזוי קונציק איינפלעכטן זיך מיט זייערע העקלדיקע שטעכלקעס אין מיידלשע צעפּ, און קאַלטענעוואַטע מלמדישע בערד און אין פאַרקעמטע באַלעבאַטישע בערד, אַז אונטערשייד, — אז מען פלעגט אָפט ניט קאָנען פּטור ווערן פון זיי, סיידן מיט די האָר צוזאַמען.

האָט דער עולם ווייסע־חברהניקעס געהאַט זיין "עונג יום־טוב" פון תשעה־באָב פון אָט־די בערעלעך. ס'איז געווען, ווי ביי אונדז אין אמעריקע וואָלט מען געזאָגט: "לאָטס אָף פאַן". און ס'איז דאָך געווען ריינער יידישער "פאַן" — א ריין יידישער מנהג: איך האָב ביי די גויים קיינמאָל ניט געזען א מנהג, וואָס זאָל מיט עטוואָס דערמאָנען די תשעה־באָב "בערעלעך".

עד היום זעט מיר נאָך אויס, אז אָט־די "בערעלעך", וואָס טויגן אזוי אויף גאָרנישט, זיינען ספּעציעל באַשאַפן געוואָרן יידן זאָלן האָבן מיט וואָס צו וואַרפן זיך אום תשעה־באָב.

אין אמעריקע האב איך נאך ערגעץ ניט באגעגנט אט־דעם סארט "בערעלעך". אבער אין אמעריקע פעלט דאך טאקע א פולבלוטיק יידיש לעבן.

* * * * *

רבי אשר זילבערשטיין האט אמאל אין אן ארטיקל אין "דאס יידישע ווארט", זייער שיין באשריבן דעם אופן ווי תשעה־באב פלעגט "געפייערט" ווערן אינם אלטן היימישן שטעטל. ער האט דערמאנט דארטן א ווערטל פון א געוויסן רבין, וואס האט אמאל דערקלערט (מסתמא מיט פארדראס און שארפער איראניע), אז "מי שלא ראה שמחת תשעה־באב ב . . . (אין א שטעטל, דעם נאמען פון וועלכן איך געדענק ניט) לא ראה שמחה מעולם" — דער וואס האט ניט געזען פייערן תשעה־באב אינם שטעטל, האט קיינמאל ניט געזען קיין עכטע שמחה, — א פאראדיע אויף א באשרייבונג אין דער גמרא מכח דער פייערונג פון שמחת בית השואבה אין ירושלים.

רבי זילבערשטיין איז אין יענעם ארטיקל געשטאנען פארוווּנדערט פון דעם דאזיקן פאראדאקס: ווי קומט עס, וואס דער טאג פון גרעסטן נאציאנאלן טרויער ביי יידן, פלעגט פארוואנדלט ווערן אינם פרומען שטעטל אין א טאג פון פרייליכער שקאצעריי, וואס האט זיך געגרעניצט מיט הפקרות.

און אז מיר קוקן דעם אמת אין די אויגן, איז דאך תשעה־באב טאקע בכלל געווען א פרייליכער טאג אינם שטעטל. די סאלידע באלעבא־טים האבן טאקע געגאסן טרערן איבער די קינות, אבער דאס פראסטע פאלק, דער המון, צוזאמען מיט די קינדער, האט גאר געשטיפט און געפראוועט שקאצעריי.

* * * * *

איך געדענק ניט געגוי דעם אויספיר צו וועלכן רבי זילבערשטיין איז דאן געקומען. אבער פון יענעם ארטיקל אן דערמאן איך זיך יעדער תשעה־באב אויף אט־דעם פאראדאקס און איך פארטראכט זיך אויף אים.

אפשר איז דאס געווען אזוי: אינם יידישן לעבן זיינען תמיד געווען די שטרענגע "בעלי דין", וואס פלעגן פאדערן אן אסקעטישן שטרענגען לעבנס־שטייגער פונם יידישן עולם. אבער דער יידישער עולם האט געוואלט לעבן און ארויסשעפן דאס ביסל פרייד, וואס ער האט נאר געקאנט, פון זיין ארימען לעבן.

איז דער קאמף געגאנגען איבער דער גאנצער ליניע. פון איין זייט שטרענגע איסורים, סיגים און פארבאטן, וואס האבן געצוימט דאס לעבן פון די יידישע מאסן; און פון דער אנדערער זייט, א ברוך פון די צוימען, א רעוואלט קעגן דעם שטרענגען לעבנס־שטייגער.

תשעה־באָב איז אפשר נאָר איין ביישפּיל פון אַט־דעם כסדרדיקן קאַמף. מיר האָבן אים געזען אויך אויף א סך אנדערע געביטן. פּורים־שפּילן, למשל, זיינען אויך געווען א ברוך פון שטרענגע׳ן לעבנס־שטייגער, און פון זיי איז אַגב אויסגעוואַקסן מיט דער צייט דאָס יידישע טעאַטער.

* * * * *

איך אליין בין קיינמאָל ניט געווען קיין באַזונדערס גרויסער שטי־פער. איך סימפּאַטיזיר אָבער מיט די "בערעלעך" ניט ווייניקער ווי מיט די קינות — זאָל מיך גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד.

אין א פּולבלוטיק יידיש לעבן איז דאָ פּלאַץ פאַר ביידע "ריכ־טונגען" — סיי פאַר די בעלי־דין ,און סיי פאַר די וואָס ברעכן די צוימען. ביידע זאַכן זיינען אינטערעסאַנט, ווי פאַר וועמען . . . און ביידע זאַכן גיבן א געוויסן פאַלקסטימלעכן אינהאַלט צום פאָלקס־לעבן.

אָבער יענע אַלטע צוימען זיינען, אַמווייניקסטנס אין אונדזער היגן אַמעריקאַנער יידיש לעבן, מער קיין צוימען ניט, און ס׳איז ניטאָ ווער עס זאָל זיי וועלן ברעכן. ניט די קינות שפּילן איצט א גרויסע ראָל אינם יידישן לעבן ,און פון די "בערעלעך" ווייס אונדזער יונגער דור, דאַכט זיך, שוין גאָרנישט, — באַלד א פאַרגעסענער מנהג.

און איך טראַכט זיך ,אז עס וואָלט געווען גוט, ווען א. גאָלאָמבס קרייצצוג פאַר "פּולער יידישקייט" זאָל אים כאָטש טיילווייז געלינגען. דאַן וואָלט די פּוסטקייט אפשר אָנגעפילט געוואָרן:

אדרבא, זאָל ער איינפירן דאָ און דאָרטן דעם שטרענגען יידישן לעבנס־שטייגער. אז עס וועלן זיין קינות, וועלן זיין אויך "בערעלעך" — און עס וועט זיין יידישער לעבנס־שטייגער פאַר אַלעמען . . .

## אביסל חשבון הנפש

אָט קומען אָן די טעג, ווען די שולן און בתי־מדרשים, וואָס פּוס־טעווען א גאַנץ יאָר, ווערן איבערגעפּאַקט מיט יידן, קיין עין־הרע. די יידישקייט שפּאַרט ארויס פון די שולן און בתי־מדרשים, און געפינט א צייטווייליקן מקום־מנוחה אין זאַלן, טעאַטערס, ליידיקע קראָמען, און אין אייניקע אַמעריקאַנער שטעט אפילו אין קירכן, וואָס ווערן אָפּגעדונגען פאַר ימים־נוראימדיקע מנינים.

ווו זיינען אָט־די יידן א גאַנץ יאָר? ווו דריקן זיין אויס זייערע רעליגיעזע געפילן? זיי דריקן זיי ניט אויס. ביי די מייסטע ימים־נוראים־דיקע יידן ליגן זייערע טליתים א גאַנץ יאָר אין קאַמאָד.

מען זאָגט, אַז, ווען עס קומט צו די ימים־נוראים, הויבן די ייִדן אָן אונטערצוציטערן, — מאַלע וואָס עס מאַכט זיך . . . די הנחה זעט מיר אויס צו זיין ניט ריכטיק. איך קאָן אַ סך פון זיי, און איך ווייס, אַז זיי זיינען גאָר ניט קיין שרעקעדיקע. זיי גייען אין שול, ווייל "אַלע גייען", און אַלע גייען דערפאַר, ווייל זיי ווילן בציבור דעמאָנסטרירן זייער יידישקייט.

* * * * *

די פירערס פון דער השכלה באַוועגונג האָבן אַמאָל אַרויסגעלאָזט דעם לאָזונג: "זיי אַ ייד אינדערהיים און אַ מענטש אין גאַס". דאָן איז געווען די יידישקייט אַ פּערזענלעכער חוב פון יעדער יידישן יחיד. יעדער איינער האָט ניט געצווייפלט אין זיין פליכט צו טראָגן די לאַסט, צי זי איז אים געפעלן געווען, צי ניט.

היינט איז דער דאָזיקער לאָזונג איבערגעקערט געוואָרן. היינט לויטעט ער: "זיי אַ מענטש אין דער היים, און אַ ייד אין גאַס".

אונדזער יידישקייט איז געוואָרן אַ דעמאָנסטראַטיווע יידישקייט. אין דער היים זיינען מיר "מענטשן", פריי פון וועלכע ס'איז יידישע פאַר־פליכטונגען. אונדזער רעליגיעזע יידישקייט ליגט אַרויף גאָר ווייניק פליכטן אויף דער היים. דאַווענט דאַווענט מען נאָר בציבור, — ביחידות קיינמאָל ניט. קדיש, מפטיר און בר־מצווה "ספּיטש" זיינען געוואָרן שיר ניט די סאַמע עיקרים פון דער אמונה, ווייל זיי האָבן דאָ קיין שייכות ניט צום יחיד, נאָר זיינען קהלשע, דעמאָנסטראַטיווע אויסדרוקן פון יידישקייט. און די ימים־נוראימדיקע יידישקייט, ווייל זי איז דעמאָנסטראַטיוו, איז געוואָרן די שטאַרקסטע פעסטונג פון דער רעליגיעזער יידישקייט.

* * * * *

איך מיין אָבער ניט צו זאָגן, אַז די רעליגיעזע יידישקייט שיידט זיך אין דער הינזיכט אונטער פון אונדזערע אַלע אַנדערע פאָרמען פון יידישקייט, אָדער פון וועלכע ס'איז אַנדערע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. ווי עס יידלט זיך, אַזוי "איסטלט" זיך ביי אונדז איבער דער גאַנצער ליניע.

אַזוי דעמאָנסטראַטיוו, און בלויז דעמאָנסטראַטיוו, געפינען זייער אויסדרוק ביי אונדז אַלע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. דער יחיד, אין זיין פּערזענלעכן לעבן, געפינט זיך ניט פאַרפליכטעט און גע־בונדן מיט די אידעאַלן וואָס ער פּריידיקט אין דער עפנטלעכקייט. זיינע אידעאַלן לעבט יעדער איינער אויס (נאַטירלעך, מיט אויסנאַמען, אָבער זייער זעלטענע), נאָר בציבור. אין זיין פּערזענלעכן לעבן באַרירן זיי אים ניט אפילו אַזוי טיף ווי זיין הויט.

ביי זיך אין דער היים איז יעדער איינער בלויז א "מענטש", אויב א מענטש מיינט צו זיין פריי פון וועלכע ס'איז התחייבותן. ערשט פאר דער עפנטלעכקייט וועט מען א דאוונער, א ציוניסט, א סאציאליסט, א יידישיסט, א העברעיסט אדער גאר א קאמוניסט. דער אויסוואל איז דא א גוטער, און יעדער איינער קלייבט זיך אוים לויט זיין געשמאק.

* * * * *

און, נאכאלעמען, ווערט דאס אינגאנצן רעדוצירט צו א פראגע פון אנערקענען און באצאלן דעם פרייז, מיט וואס מען איז שוין יוצא . . .

אט האט איר א שטיקל חשבון: א ציוניסט איז איינער וואס אנערקענט ,אז יידן דארפן דערלאנגען ארץ־ישראל (א פועלי־ציוניסט גיט נאך צו: אויף סאציאליסטישע יסודות), ער אליין דארף פאר זיך ניט ארץ־ישראל און קאן פערזענלעך אויסלעבן זיך ווי א אסימילאטאר, אבי ער טראגט צו זיין חלק צו די ציוניסטישע פאנדן און רעדט ציוניסטיש.

סאציאליסטן אדער אנארכיסטן דארפן אנערקענען זייערע באטרעפנדיקע טעאריעס און ביישטייערן געלט פאר זייערע באטרעפנדיקע פאנדן. אליין מעגן זיי האבן פאבריקן (אויב זיי קאנען זיך גאר ארויפארבעטן) און עקספלואטירן ארבעטער וויפל עס לאזט זיך נאר.

א קאמוניסט, דיטא.

א יידישיסט דארף ניט ריידן קיין יידיש ביי זיך אין דער היים, נאר בלויז אויף פארזאמלונגען. און א העברעיסט דארף בכלל קיין העבעיש ניט קאנען, נאר דארף בלויז קעמפן ביז בלוט פאר דעם פרינציפ פון העברעיזם, און ביישטייערן א קוואדער פארן "השבוע העברי".

און אזוי כסדר: אלץ פארן כלל, גארניט ניט פאר זיך.

מיר זיינען די אמתע צדיקים!

סעפטעמבער 22טן, 1930.

## חנוכה

ס'איז דאן געווען אזוי ווי אלעמאל: די יידישע אריסטאקראטן, דער העכערער שיכט פון די כוהנים, די רייכע סוחרים און פריצים האבן זיך לייכט צוגעפאסט צו דער פרעמדער הערשאפט. זיי האבן גערן אנגענומען גריכישע נעמען, האבן גערעדט די גריכישע שפראך (מסתמא מיט א שטארקן יידישן אקצענט), האבן איבערגענומען די גריכישע מנהגים און אפילו דעם גריכישן גאט.

זיי פלעגן באזוכן די גריכישע ספּאָרט שפּילן, און אליין באַטייליקן זיך אין זיי. זיי האָבן זיך געמוזט חברן מיט די סירישע הערשער, אויף וויפל יענע פלעגן זיך נאַר "אַראָפּלאָזן" צו זיי, און זיי האָבן מסתמא מיט אַלע כוחות געפּרוּווט דערווייזן יענע, אַז יידן זיינען אויך מענטשן, און נאָך פיינע מענטשן דערצו.

און, ווי אַלעמאָל, זיינען די יידישע מאַסן זיי געשטאַנען ווי א ביין אין האַלדז: זיי האָבן בשום־אופן ניט געוואָלט "אויסמענטשלען זיך". זיי האָבן גערעדט די באַרבאַרישע יידישע שפּראַך, האָבן געדינט דעם אַלטמאָדישן גאָט און האָבן ניט געלאָזט "ציוויליזירן" זיך, צום האַרצווייטיק פון אַלע אָנשטענדיקע, לייטישע מענטשן.

און וואָס מער יענע זיינען געווען פאַרעקשנט, אַלץ מער האָבן די ערשטע באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז זיי זיינען ניט ווי יענע "אַסט יודען" (ווי דאָס וואָלט געהייסן אין היינטיקער שפּראַך), אַז זיי זיינען "ווייסע" יידן, מיט וועלכע די סירישע הערשער מעגן חברן זיך און וועלכע זיי דאַרפן באַהאַנדלען ווי גלייכע.

* * * * *

וויפל די כוהנים און די אַריסטאָקראַטן, מיט זייערע געדונגענע פּראָפּאַגאַנדיסטן, האָבן זיך ניט באַמיט, זיינען די "שקצים" געבליבן פאַרעקשנט, רעוואָלוציאָנער. זיי האָבן ניט געפאָלגט דעם קעניג און די האַרן, און האָבן זיך געקלאַמערט אָן זייער יידישקייט.

און ווען דער קעניג האָט באַשלאָסן צו מאַכן א סוף צו זייער עקשנות ביד חזקה — און די יידישע האַרן האָבן אים אונטערטעניק געשטיצט — איז אויסגעבראָכן א רעוואָלוציע.

יע, טאַקע א רעוואָלוציע. און אַזוי ווי דאָס איז א רעוואָלוציע, וואָס איז שוין קאַרגע 21 הונדערט יאָר אַלט, קאָנען מיר אָנרופן זי מיטן ריכטיקן נאָמען, ניט באַליידיקנדיק דערמיט אונדזער יום־טוב חנוכה: ניט לייטיש זיינען יונגע רעוואָלוציעס; אָבער אַלטע, וואָס ליגן שוין הונדערטער יאָרן אין קבר, זיינען אָנשטענדיק, און די פיינסטע מענטשן מעגן זיי פייערן . . .

דעמאָקראַטיע, למשל, איז אויך דערוואָרבן געוואָרן דורך רעוואָלוציעס, אָבער דאָס שטערט ניט דעמאָקראַטיע איינצושטיין אפילו אין די פיינסטע סאַלאָנען.

* * * * *

דאָס איז געווען א רעוואָלוציע, — אַן אויפשטאַנד פון דער יידישער אָרימקייט סיי קעגן די אויסלענדישע הערשערס, און סיי קעגן די

אייגענע בלוטזויגערס, וואָס האָבן יענע אַרויסגעהאָלפן צו עקספּלואַטירן דאָס פאָלק.

נאָר רעליגיע איז נאָך דאַן ניט געווען אָפּיום פאַרן פאָלק. גראָד די יידישע אַריסטאָקראַטיע האָט אָפּגעוואָרפן זיך פון דער יידישער רעליגיע, וואָס איז איר געשטאַנען אין וועג, און גראָד די יידישע אָרימקייט האָט זיך מיט איר באַנוצט ווי מיט אַ גרויסן רעוואָלוציאָנערן כוח.

און מיט דער הילף פון די הויכע הומאַניטאַרע לאָזונגען פון דער רעליגיע, האָבן די מאַקאַבייער אַרומגענומען אַרום זיך די ברייטע יידישע מאַסן אין אַ קאַמף אויף לעבן און אויף טויט.

און אַ דאַנק דער ליידנשאַפטלעכער שטרעבונג צו דער פאַרווירקלעכונג פון די גרויסע לאָזונגען פון צדק און יושר אין די מענטשלעכע הערצער, האָט אַ קליין פעלקל באַזיגט די ריזיקע אַרמייען פון אַ וועלטמאַכט, צוזאַמען מיט די אייגענע פאַררעטערס. פאַרשיידענע היסטאָרישע פּאַסירונגען פון יענער צייט האָבן געהאָלפן דעם יידישן פאָלק צו באַפרייען זיך אַביסל שפּעטער אינגאַנצן פון אויסלענדישער הערשאַפט.

* * * * *

דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציע. אָבער ווי אַלע דערפאָלגרייכע רעוואָלוציעס, האָט זי בלויז איבערגעקערט די געזעלשאַפט, ניט אָפּשאַפנדיק אירע הויפּט־איבלען.

די וואָס זיינען פריער געווען אונטן, זיינען איצט געוואָרן אויבן. אָבער ווען זיי האָבן זיך געפונען אין דער הויך, האָבן זיי איבערגעחזרט די אַלטע פּראָצעדורע, טרעטנדיק איבער די וואָס זיינען אונטן . . .

די נעכטיקע פּירערס זיינען געוואָרן די היינטיקע הערשערס. עס זיינען געוואָרן נייע כוהנים, נייע אַריסטאָקראַטן, נייע פּריצים און — פאַראָרימטע און אונטערדריקטע פאָלקס־מאַסן.

די נייע הערשערס האָבן פריער פון אַלץ געהאַט אין זינען זייערע הערשערישע אַמביציעס. צוליב זיי האָבן זיי אַליין געבראַכט אין לאַנד אַ נייעם און נאָך מער גרויזאַמען אויסלענדישן הערשער.

און די געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט. די הערשערס און אַריסטאָקראַטן האָבן זיך פאַראייניקט מיטן אויסלענדישן זיגער קעגן דעם אייגענעם פאָלק.

אַ נייע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן, — אַן אומגליקלעכע, אַ דורכגעפאַלענע. אָבער גראָד די רעוואָלוציע איז געווען דער אמתער נס: זי האָט פאַראייביקט דאָס יידישע פאָלק.

דעצעמבער 16טן, 1938.

# עבדים היינו

די יידן הויבן אָן זייער געשיכטע מיט ״עבדים היינו״. אַנדערע פעלקער שעמען זיך מיט די פּעריאָדן פון זייער שקלאַפעריי און זוכן צו פאַרדעקן זיי. אָבער יידן, פאַרקערט, מאַכן עס פאַרן סאַמע יסוד פון זייער געשיכטע.

אונדזערע אָפּאָלאָגעטן זוכן פאַר אונדז תירוצים, פאַרוואָס מיר שעמען זיך ניט מיט אַזאַ מיאוסער זאַך, ווי שקלאַפעריי. אָבער עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו פאַרענטפערן זיך.

וואָס פאַר אַ חרפּה איז דאָס, אַז אַ באַוואָפנטע באַנדע צווינגט אייך, אומבאַוואָפנט און פיזיש שוואַך, צו שקלאַפן? למאַי בייזע הינט פאַלן אייך אָן, אָדער וועלף אין וואַלד, איז דאָ מיט וואָס צו שעמען זיך?

זאָלן זיך שעמען די צוויי־פיסיקע, וואָס פאַלן אייך אָן, ווי חיות אין וואַלד, און ווי בייזע הינט!

אַ חרפּה איז שקלאַפעריי בלויז דאַן, ווען מען נעמט דאָס אָן פרייוויליק; ווען מען זאָגט ״איך האָב ליב מיין באַלעבאָס — איך וויל ניט אַרויס פריי״.

אַ חרפּה איז עס, ווען מען פאַרקויפט זיך אַליין פאַרן טאָפּ פליייש און פאַרן ביסל ציבעלע מיט קנאָבל; ווען מען פאַרקויפט די נשמה פאַר אַ זאַטן שטיקל ברויט, כאָטש ער איז באַגלייט מיט שמיץ.

פאַר אַזעלכע האָבן אָבער די יידן תמיד געהאַט די טיפסטע פאַראַכטונג. זיי זיינען עס געווען דער ״ערב רב״, און קנעכט, וואָס האָבן ניט געוואָלט באַפרייען זיך האָבן געמוזט דורכמאַכן אַ שענדלעכע צערעמאָניע פון האָבן דעם אויער צוגעבויערט מיט אַן אָל צום קאָסיאַק פונם באַלעבאָס טיר.

* * * * *

איך האָב מיינע קינדער־יאָרן דורכגעמאַכט אין אַ ווייס־רוסישן דאָרף, ווו מיר האָבן תמיד געשפּירט דעם ביטערן טעם פון גלות. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר אַ סך זאַכן, — פאַר הינט, פאַר באַאַמטע, פאַר שקצים.

געדענק איך, אַז דער רבי האָט אונדז פאַרטייטשט דעם פּסוק ״יפת אלהים ליפת״, אָט אַזוי: ״גאָט מאַכט ברייט דעם גוי, — ער זיצט זיך מיט ברייטקייט פאַר זיין גרויסן שטיק ברויט און פעטן שטיק חזיר״. פאַר אונדז, יידן, איז ״וישכון באהלי שם״, מיר זיצן און לערנען תורה אין די אָרימע געצעלטן פון שם . . .

איך ווייס ע'ד היום ניט פונוואנען דער רבי האט עס גענומען, אז א פעט שטיקל חזיר איז אזוי גוט. איך האב עס קיינמאל ניט געקאנט פארטראגן. פאר מיר זיינען אונדזערע קניידלעך געווען א סך בעסער.

איך האב ניט מקנא געווען מיינע "גאס חברים", די שקצים, זייער "יפת". מיט אלע שרעקן און גלות־ליידן, וואס מיר האבן דורכגעמאכט, האב איך נאך אלץ געגלויבט, אז מיר האבן ניט נאר יענע וועלט, נאר אויך די וועלט.

אמת, מיר זיינען קנעכט אין גלות, אבער דערפאר זיינען מיר געהויבענע מענטשן, אויסגעקליבן אפצוהיטן גאטס מצוות . . . מיר רודפן קיינעם ניט, מיר טוען קיינעם ניט קיין שלעכטס, און זיינען באַשטימט צו זיין א הייליק פאלק . . .

ניין, איך האב ניט מקנא געווען די שקצים מיט זייער זאטקייט און זיכערקייט. איך האב זיך געפילט שטאלץ מיט מיין יידישקייט, און איך וואלט מיט זיי ניט געביטן זיך פאר קיין פרייז אין דער וועלט.

* * * * *

אין די שפעטערדיקע יארן, אז מיר זיינען ארויס אין דער ברייטער וועלט, האבן מיר אנגעהויבן באפרייען זיך פון די מוראס פון די קינדער־יארן, און מיר זיינען ווייט פארפארן אין דער הינזיכט. מער האבן אבער דערווארבן נייע מוראס, נייע שרעקן . . .

מיר האבן די ציצית פון ארבע־כנפות צוערשט באהאלטן אין די הויזן, און דערנאך אינגאנצן פארווארפן. מיר האבן אנגעהויבן טראגן די זעלביקע העמדלעך און היטלען מיט גלאנציקע דאשיקעס, וואס די שקצים און מיר האבן פאלירט אונדזער רוסישע שפראך, זי זאל קלינגען ווי די שקציש.

מיר האבן אנגעהויבן באהאלטן אונדזערע יידישע נעזער אין זאמד, מען זאל אונדז ניט דערקענען, און אין דער עפנטלעכקייט פלעגן מיר ניט ריידן קיין יידיש, נאר א קלינגענדיקן רוסיש, — ווייל אזוי, האט אונדז אויסגעדאכט, זען מיר אויס חשובער . . .

אזוי, האט זיך אונדז אויסגעדאכט, וועלן די שקצים, מיט וועלכע מיר האבן ניט געוואלט שפילן זיך אמאל, ווייל מיר האבן זיך געפילט א סך העכער פון זיי, אז אזוי וועלן זיי אונדז אריינגעמען אין זייער חברותא, ווי גלייכע . . .

איז זאגט אליין: ווען זיינען מיר געווען גרעסערע שקלאפן, צי ווען מיר האבן מורא געהאט פאר די שקצים, צי ווען מיר זיינען געשפרונגען פון דער הויט צו זיין גלייך צו זיי?

איך דערוואַרט ניט פון ייִדן זיי זאָלן מיט זייער אייגענעם פרייען ווילן אויסטיילן זיך פון זייער סביבה ניט נאָר אין שטייגער לעבן און אי־דעאַלן, נאָר אויך מיט זייערע מלבושים און דרויסנדיקן אויסזען. ווען אונדזערע שכנים באַהאַנדלען אונדז מענטשלעך, ניט ווי בייזע הינט און ווי חיות אין וואַלד, דאַן וועלן מיר ניט אָפּזונדערן זיך פון זיי.

ווען אָבער מיר קריכן פון הויט צו זיין ענלעך צו זיי אין אַלע הינ־זיכטן, ווייל מיר פילן זיך געפאַלן ביי זיך אַליין; ווען מיר באַהאַלטן אונד־זער ייִדישקייט, ווייל אונדז דאַכט זיך, אַז מיט גוישקייט קריגן מיר אַ גרעסערן חלק פון סיר־הבשר; ווען מיר ווילן אין אַלץ אויסגלייכן זיך מיט אונדזערע שכנים, ווייל אונדז דאַכט זיך, אַז דערמיט ווערן מיר חשובער — דאַן פאַרדינען מיר, אַז מען זאָל אונדז "צובויערן דעם אויער צום קאָסיאַק פון טיר", און פאַרקלאַמירן אונדז פאַר שקלאַפן, — פריי־וויליקע קנעכט, די נידעריקסטע פאָרמע פון קנעכטשאַפט.

"עבדים היינו", — הלוואי זאָלן מיר מיט שטאָלץ קאָנען זאָגן, אַז מיר זיינען געווען קנעכט, ווייל מען האָט אונדז באַצוווּנגען, אָבער באמת זיינען מיר גרעסערע בני חורין ווי אונדזערע באַצווינגער.

מאַרט 31טן, 1942.

## "נעשה ונשמע"

דערציילט אַ לעגענדע, אַז דער רבונו־של־עולם האָט אָנגעבויגן דעם באַרג סיני איבער די קעפּ פונם צונויפגעזאַמלטן ייִדישן פאָלק ווי אַ דאַך און האָט אויסגערופן: "נעמט איר אָן מיין תורה, איז ר'עכט, — אַז ניט לאָז איך אַראָפּ דעם באַרג אויף אייך!"

איז וואָס־זשע האָבן זיי נעבעך געקאָנט טאָן? זיי האָבן דערזען די דונערן מיט די בליצן און האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז ניט קיין קאַטאַ־וועס, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען: "נעשה ונשמע!" דאָס הייסט, מיר וועלן טאָן (וואָס דו וועסט הייסן) און מיר וועלן הערן!

לאַגיש ,הייסט עס, דאַרף מען דאָך זאָגן: "מיר וועלן הערן און מיר וועלן טאָן". די ייִדן זיינען אָבער געווען אַזוי מטושטש פון דער געפאַר, אַז זיי האָבן געוואָלט פאַרזיכערן דעם רבונו־של־עולם, אַז זיי זיינען גרייט צו טאָן וואָס נאָר ער וועט הייסן, נאָך איידער זיי הערן וואָס ער וועט זיי באַפעלן, — אַבי ער זאָל צונעמען דעם באַרג פון איבער זייערע קעפּ.

די דאָזיקע לעגענדע האָט מסתמא געהאַט אירע באַרעכטיקונגען אין די וויטערדיקע אַנטוויקלונגען פון דער ייִדישער געשיכטע. די ייִדן

האָבן אזוי אָפּט ארויסגעוויזן נויגונגען אָפּצוּווענדן זיך פון זייער תורה, אז עס האָט געמוזט אויסזען ווי א גוואַלד־שידוך, ווי די תורה וואָלט מיט גוואַלד ארויפגעצוואונגען געוואָרן אויף דעם יידישן פאָלק.

* * * * *

איז דער אמתן אָבער איז "נעשה ונשמה" זייער לאָגיש. אַלע תורות הויבן זיך אָן פון מעשים, און דערנאָך ווערן זיי ערשט פורמירט אין ווערטער און אין מצוות.

עס שאפן זיך צוערשט באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען. עס שטעלן זיך איין מנהגים, עס אַנטוויקלען זיך געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן. זיי ווערן דערנאָך אַן עיקר פונם לעבן פון דער געמיינשאַפט און פאַר־וואַנדלען זיך אין מצוות, בעת אַלץ וואָס ברעכט די איינגעפונדעוועטע מנהגים און אידעאַלן פון געמיינשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, ווערט פאַר־וואַנדלט אין עבירות.

און דערפאַר האָבן די יידן טאַקע באמת געהאַט דאָס רעכט צו שטאָלצירן מיט זייער תורה און צו באַצייכענען זיך ווי אַן "אתה בחרתנו" פאָלק. עס וואָלט דאָך ניט געווען קיין קונץ צו קריגן א תורה בלויז צוליב יחוס אָבות, — דאָס יידישע פאָלק איז אויסגעקליבן געוואָרן פון אַלע אומות העולם פאַר דער תורה צוליב זיין אייגענעם יחוס, ווייל די יידן האָבן אָנגעהויבן אָפּהיטן די תורה נאָך איידער זי איז זיי געגעבן געוואָרן פון בארג סיני.

דער "נעשה ונשמע" איז דערפאַר געווען א לאָגישער ענטפער אויפן אָנבאָט פון דער תורה. דאָס איז דער איינציקער ענטפער אויף יעדער תורה, וועלכע האָט וואָרצלען אין לעבן און וואָס האָט דערפאַר א קיום אין לעבן.

* * * * *

די זעלבע יידישע תורה איז מיט אַנדערהאַלבן טויזנט יאָר שפּעטער אָנגענומען געוואָרן פון א האַלבער וועלט. זי איז אָבער געבליבן אָפּגעטיילט פונם לעבן פון די מענטשן וואָס האָבן זי אָנגענומען.

די אַלטע יידישע חכמים האָבן די זאַך זייער גוט פאַרשטאַנען. איינער פון די סאַמע עיקרים פון יידישן וועלט־באַנעם, אין אונטערשייד פונם קריסטלעכן, זעט מיר אויס, איז דער אויסדרוק "לא המדרש עיקר, אלא המעשה" (ניט דאָס לערנען, די תורה, איז דער עיקר, נאָר די האַנד־לונג), בעת דער עיקר פונם קריסטנטום איז די אמונה, דאָס גלויבן.

איז וואָס־זשע? האָט פוילן, למשל, געהאַט איינע פון די פיינסטע און איידעלסטע קאָנסטיטוציעס אין דער וועלט, — מיט ווערטערלעכע גאַ־

ראַנטיעס פון פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע בירגער פון אַלע גלויבנס. רומעניע האָט אויך געהאַט אַן ענלעכע קאָנסטיטוציע. ווייסט איר דאָך וואָס פאַר אַ פרייהייט און גלייכהייט ס'האָט עקזיסטירט אין די דאָזיקע מדינות!

די שיינע תורות האָבן ווייניק וואָס געהאָלפן צו מאַכן די מענטשן לייטישער.

און ענגלאַנד האָט גאָרניט קיין געשריבענע קאָנסטיטוציע. און מיט אַלע אירע פעלערן, האָט זי אַ גרויסע מאָס פון פרייהייט און גלייכהייט (אונטער מאָדערנע תנאים). ווייל דאָס שטאַמט פון לעבן, און ניט פון פסוקים.

* * * * *

אָבער וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן, — אונדזערע אייגענע יידישע תורות זיינען שוין איצט אויך מערסטנס "נשמעס" און ניט "נעשהס". אויף אַלע געביטן פונם יידישן לעבן הערשט פראַזעאָלאָגיע, אַן אָפּקום מיט ווערטער, מיט פסוקים, אַנשטאָט מעשים.

פון די אָרטאָדאָקסן ביז די ראַדיקאַלן, פון איין עקסטרעם ביז דעם צווייטן, קלאַמערט מען זיך ביי אונדז אַן פראַזן. מיר קריגן זיך און רייסן זיך פאַר פראַזן.

אָבער אינם עצם לעבנס־שטייגער איז דאָ זייער אַ קליינער חילוק צווישן איין ריכטונג און אַן אַנדערער, — קיינער לעבט זיך אַליין ניט אויס אינם גייסט פון זיין אויסטייטשונג פון דער תורה.

מיר רייסן זיך פאַר גאָרנישט. תורות האָבן קיין ווערט ניט, אויב זיי זיינען ניט באַזירט אויף מעשים.

מאי 22טן, 1942.

# דער אמתער נס

די מכות וואָס פרעה האָט געקראָגן זיינען אַוודאי געווען אַ נס. אַ ראיה, אַז היינטיקע צייטן, ווען נסים פּאַסירן ניט, קריגט נאָך היטלער קיין מכות ניט, כאָטש ער פאַרדינט זיי ניט ווייניקער ווי פרעה. אַנשטאָט מכות, קריגט ער גאָר עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, מעמעל.

אמת, מיר זיינען זיכער, אַז היטלער וועט נאָך קריגן זיין פּאַרציע מכות, נאָך אפשר מיט אַ סמיטשיק; ער וועט זיי אָבער קריגן על פּי דרך הטבע, אָן נסים, — און די נאַטור אַרבעט זייער לאַנגזאַם, אַז עס פּלאַצט די גאַל.

נו, און קריעת ים־סוף איז דאָך אוואדע געווען א גרויסער נס. "קשה כקריעת ים־סוף", שווער ווי שפּאַלטן דעם ים, איז דאָך געוואָרן א פאָלקס־ווערטל (למשל: שווער אָפּצוגעוויינען פרעמיער טשעמבערלען פון נאָכגעבן די פּאַשיסטישע מלוכות, ווי שפּאַלטן דעם ים).

אָבער דאָך זיינען מיר יוצא די מכות מיט אָפּגיסן זיי פון כוס, און פאַרטיק. קריעת ים־סוף דערמאָנט מען אזוי פאַרבייגייענדיק, דאָ און דאָרטן אין דער הגדה, און ס'איז בלויז איינס פון די אַלע אַנדערע דיינוס.

און דער הויפּט יום־טוב צענטרירט זיך ארום דעם סדר. ווייל דער גרעסטער נס פון אַלע נסים איז געווען דער סדר.

* * * * *

סדר, — ביי יידן און נאָך אין א קריטישן מאָמענט! דאָס טרעפט זיך נאָר איין מאָל אין דריי מיט א האַלבן טויזנט יאָר. און אפשר טרעפט ער גאָרניט מער ווי איין מאָל. ניט אומזיסט איז טאַקע פסח דער גרעסטער יידישער יום־טוב!

יידן זיינען דאָך, ברוך־השם, אַלעמאָל און אומעטום יידן, און זיי פירן זיך אויפן יידישן שטייגער. האָבן דאַן די יידן אין מצרים מסתמא אויך געהאַט פּאַרטייען און פראַקציעס, גרופּן און גרופּעלעך, — ציוניסטן (אָדער ווי זיי האָבן דאַן געהייסן כנעניסטן), טעריטאָריאַליסטן, גלותיסטן, אסימילאַטאָרן, נאַציאָנאַליסטן, קולטוריסטן, פּאַראייניקטע פּראָגרעסיוו אא"וו. און יעדער פּאַרטיי איז, פון איר זייט, געווען צעטיילט און צעפּיצלט אויף א סך פראַקציעלעך און גרופּקעלעך.

און צווישן זיי איז תמיד אָנגעגאַנגען א ביטערער קאַמף, נאַטיר־לעך, מיט כסדרדיקע "פאַראייניקטע פראָנטן", וואָס האָבן געשאַפן נייע פאַרטייעלעך און גרופּירונגען, מאַכנדיק די שפּאַלטונגען נאָך טיפער, און דעם קאַמף נאָך ביטערער.

און אַז משה איז געקומען צו די יידן און האָט זיי אָנגעבאָטן דערלייזונג פון שקלאַפעריי, האָט זיך אויפגעהויבן דער אמתער טומל. מען האָט אים פאַרשריען — ווער פאַר א שאָוועניסט, ווער פאַר א רע־אַקציאָנער, ווער פאַר א ראַדיקאַל, ווער פאַר א קאָמוניסט און ווער האָט אים גאָר דערקלערט פאַר א פאַררעטער, וואָס האָט זיך געלאָזט אונטער־קויפן פון די אַנטיסעמיטן, כדי צו געבן די מצרים אַן אויסרייד נאָך מער צו רודפן די יידן, צו הייסן זיי מאַכן ציגל, ניט פאַרזאָרגנדיק זיי אפילו מיט שטרוי . . .

און דאָ, אַז עס האָט געשלאָגן 12 אזייגער פסח ביינאַכט, האָבן 600 טויזנט אידן, אויסער דעם ערב־רב, ארויסגעלאָזט זיך פון די הייזער,

מיט זייערע פעקלעך אויף די פּלייצעס, — און טאקע פּונקט 8.30 נ"מ, — איך מיין צוועלף אזייגער ביינאכט, — צו דער מינוט (נס נומער איינס).

* * * * *

און אלע יידן, ווי איינער, אומאָפּהענגיק פון פּאַרטיי און ריכטונג, האָבן זיך אויסגעשטעלט אין בעסטער אָרדענונג, יעדערער אויף זיין באַשטימטן אָרט, ניט פאַרכאַפּנדיק קיין פּלעצער און ניט קריגנדיק זיך פאַרן אויבנאָן, און אלע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו פרייהייט און דערלייזונג, און דווקא אונטער משה פירערשאַפט, — אנערקענענדיק אויטאָריטעט!

און אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן אין פיינסטן סדר, אין דער בעסטער אָרדענונג. איין דגל איז ניט געלאָפן פאַרן אנדערן, איין שבט האָט ניט געשטופּט דעם צווייטן, און איין פּאַרטיי אָדער ריכטונג האָט ניט געזוכט צו ריידן דווקא אינם נאָמען פונם גאנצן פאָלק, נאָר אלע האָבן נאָכגעפאָלגט די אנערקענטע פירערשאַפט.

* * * * *

אילו, וואָלט דער נס פונם סדר ניט געטראָפן. הרי אָנו, ובנינו, ובני בנינו משובדים היינו לפרעה, — וואָלטן נאָך מיר, און אונדזערע קינדער און אונדזערע קינדס־קינדער געווען פאַרשקלאַפט צו פרעהן.

אפּיקורסים זאָגן, אז ס'איז דאָ אויך ניט געווען קיין נס, — אַלץ איז געווען על פּי דרך הטבע. באמת, זאָגן זיי, האָט דאָך פרעה ארויסגע־טריבן די יידן פון מצרים, און ס'איז געווען אַן ארויפגעצוווּנגענער סדר.

מיר זיינען דאָך אָבער ניט די אפּיקורסים. מיר גלויבן יאָ אין דעם נס. ס'איז ניט אמת, אז וועלכער ס'איז פרעה אין דער וועלט קאָן ארויפ־צווינגען אַ סדר אויף יידן.

והראיה, וווּ האָט איר נאָך געהאַט אַן ערגערן פרעה, ווי היטלער, ימח שמו, — האָט ער ארויפגעצוווּנגען אַ סדר אויף אונדז? קאָנען מיר היינט, אונטער דער היטלעריסטישער טויט־גּעפאַר, צונויפריידן זיך כאָטש אויף איין־איינציקער זאַך, ווי אָפּצוּווענדן די געפאַר? אנערקענען מיר כאָטש איין אויטאָריטעט איבער וועלכער ס'איז פראַגע?

ניין, דער סדר איז געווען דער גרעסטער נס אין דער יידישער געשיכטע און היינט פּאַסירן מער קיין נסים ניט, און די נאַטור מוט איר ארבעט לאַנגזאַם, אז די גאָל קאָן צעפּלאַצט ווערן.

אפּריל 1939, 1טן.

## ניטל

פון וואַנען דער יום־טוב ניטל נעמט זיך צו אונדז ווייס איך ניט גענוי, — פּונקט ווי דאָס ווייסן ניט גרעסערע פון מיר ייִדישע געלערנטע און פאָרשערס. איך וואָלט געזאָגט, ווען איך וואָלט געוואַגט, אַז דאָס פייערן מיר פּראָסט און פּשוט דעם געבורט פונם נוצרי.

וועט איר דאָך זאָגן: סטייטש, היתכן! איז ווערט ניט נתפּעל! נאָך אין מײַנע פריסטע קינדער־יאָרן האָב איך געהערט אַ לעגענדע, אַז דער נוצרי איז גאָרניט געווען אַזאַ פּושע־ישׂראל, ווי מען מיינט. עס האָט דאָך, אין זײַנע צײַטן, געהאַלטן דערבײַ, אַז די גויים זאָלן אָננעמען די ייִדישע אמונה. איז עס געווען אַ גרויסע סכּנה פאַר ייִדן. דהיינו: וואָס וועלן ייִדן טאָן אָן שבת־גויים, חלילה? ווער וועט האַקן האָלץ אָדער טראָגן וואַסער? ווער וועט זייען די פעלדער? ווער וועט גראָבן די "סוערס"? און ווער וועט קויפן בײַ ייִדן אַז אַלע וועלן זײַן ייִדן און אַליין מאַכן קרעמלעך? די ייִדן וואָלטן דאָך בדיל הדל געוואָרן, און וואָלטן אפשר גאָר אַליין זיך דאַרפן נעמען פאַרן אַקער־אײַזן!

האָט זיך דער נוצרי מיישב געווען, אַז ער וועט זיך מוסר־נפש זײַן פאַרן ייִדישן פאָלק, — באַדאַי, ער וועט פאַרפוילט ווערן דערנאָך אין גיהנום און וועט דאָרטן געקאָכט ווערן אין זודיקער סמאָלע (אָדער נאָך ערגער) פאַר אייביקע יאָרן, אָבער ער וועט ראַטעווען דאָס ייִדישע פאָלק פונם אומגליק. האָט ער אַזוי די גויים דערלאַנגט אַ נײַע אמונה, וואָס ער האָט אָנגענעבן פאַר דער ייִדישער (וואָס פאַרשטייט אַ גוי אין אַזעלכע זאַכן?) — און די גויים, אַליין ניט באַמערקנדיק דאָס, זײַנען פאַרבליבן גויים ביז היינטיקן טאָג.

* * * * *

נו, און באַלד ווי ס'איז שוין אַזוי, איז ער דאָך טאַקע געווען אין דער אמתן אַ ייִדישער נאַציאָנאַלער העלד, און גערעכט איז דאָך טאַקע דר. זשיטלאָווסקי, וואָס פאַרלאַנגט מיר זאָלן רעווידירן אונדזער משפּט איבער אים און אַרײַננעמען אים צוריק אין כּלל־ישׂראל. איין קלייניקייט, וואָס ער האָט פאַר אונדז אויפגעטאָן!

אמת, מען קאָן ניט אָוועקגיין פונם פאַקט, אַז זײַנע תּלמידים און אָנהענגער האָבן אונדז פאַרשאַפן אַביסל אומאַנגענעמלעכקייטן, — אָבער וועלכער ייִד איז זיך ניט מוסר־נפש צוליב פּרנסה? אַבי ער האָט אונדז

פארזארגט מיט קונים פאר אונדזערע קרעמלעך, מיט שבת־גויים, מיט פויערים וואס וואקסן ברויט פאר אונדז און — מיט ממשותדיקע קריסט־לעכע פרנסות טאקע.

און דאס לעצטע קאן מען אויך ניט אוועקמאכן מיטן האנט. וויפל יידן מאכן א פיינע פאר גראשן פון דעם "קריסמעס טרייד", פון פארקויפן "קריסמעס מתנות", "קריסמעס ביימער" (שיר ניט א ריין־יידישע ביזנעס אין די גרעסערע יידישע צענטערן, — פונקט ווי סכך פאר יידישע סוכות איז א גוישע ביזנעס, להבדיל) — אא"וו.

און אט איז אין מעקסיקע דער גאנצער עקאנאמישער יסוד פון דער יידישער אימיגראציע — דער מסחר מיט געטשקעס אויף אויסצאלן.

ס'א טייער גלויבן, דאס קריסטנטום!..

* * * * *

און אויב אזוי, איז עס ניט אומזיסט ביי אונדז געווארן ניטל אזא טייערער יום־טוב.

פון די פריע קינדער־יארן האט זיך מיר אין זכרון איינגעקריצט דער דאזיקער איינציקער יידישער יום־טוב, וואס פאלט ניט אויס לויט דעם יידישן לוח. פון חדר, האבן מיר געוווסט, זיינען מיר דעם אוונט פריי, און דאס, פארשטייט איר דאך, איז שוין געווען ניט פון די קליי־ניקייטן. און דערנאך, — ווי נאר מען צינדט אן דאס לעמפל אין הויז, — שוין געכאפט זיך פאר די טריף־פסולע קארטן, און געשפילט א זעקס־און־זעכציק, צי א "נארעלע", — זאכן פאר וועלכע מען וואלט אין א וואכעדיקן טאג געכאפט מייערדיקע פעטש מצד "די געהעריקע אויטארי־טעטן", — און היינט זאגט אונדז קיינער קיין ווארט ניט!

אין די שפעטערדיקע יארן איז זיך מיר אויסגעקומען וווינען אין טיף ראסיי, ווו בלויז משפחות פון ניקאלייעווסקע סאלדאטן און ערשטע גילדיע סוחרים האבן געהאט "פראווא־זשיטעלסטווע". איז דאן אויסגע־פאלן ניטל אום עשרה בטבת. האט די יידישע קהילה דארטן געמאכט דעם טאג א הוליאנקע און מען האט געשיכורט, ביז מען האט ניט געוווסט צווישן ארור המן ביז ברוך מרדכי, — וואס זיי האבן ניכטערהייט אויך ניט זייער גוט געוווסט. און איך האב דאן געלערנט, אז ניטל איז דוחה אפילו עשרה בטבת.

* * * * *

נו, היינט, מיט דער אנטוויקלונג פון דעם נאציאנאלן באוווסט־זיין, איז ביי אונדז קריסמעס באלד א גרעסערער יום־טוב ווי ביי די גויים.

ס׳איז א סברא, אז די אנטיסעמיטן האבן אויף זייער לעצטן קאנגרעס באַ־שלאָסן צו פאסטן אום קריסמעס, כדי אַזוי אויסדריקן זייער פארדאמונג פונם יידישן יום־טוב. אויף זייער בלייבעניש!

דעצעמבער 25טן, 1929.

## ניי־יאָר, כשר סטייל

איך האָב אמאָל געוווינט אין א טיף רוסישער שטאָט. די יידן אין יענע מקומות זיינען געווען שטארק רוסיפיצירט, פונקט ווי דער יינגע־רער דור ביי אונדז אין די מער פארוואָרפענע מקומות ווערט אמעריקאני־זירט. מיטן אונטערשייד, וואָס יענע רוסישע יידן זיינען געווען שטארק פרום, און זיי פלעגן זייער פארזיכטיק אָפּהיטן די יידישע דינים, אויף וויפל זיי זיינען געווען באקאנט מיט זיי.

זייער פרומקייט פלעגט זיי אָבער ניט שטערן אָפּצוהיטן א סך רוסישע מנהגים בכלל, און די רוסישע יום־טובים בפרט. די ארומיקע סביבה האָט די קליינע הייפעלעד יידן אין דעם גרויסן רוסישן ים געמוזט באווירקן. און אַז עס פלעגט קומען קריסמעס, פלעגן אין יידישע הייזער אויך ניט פעלן קיין "קריסמעסביימער". און קריסמעס נאָכמיטאָג פלעגן פארמעגלעכע יידן, לויט דעם רוסישן מנהג, ארויספאָרן איבער די פּראָס־טיקע גאסן אויף די באַפּוצטע שליטלעך, מיט פערד געשפּאַנט נאשפּיץ, פאר שפּאצירן און גוט ברודערישע געיעגן. און די יידן האָבן אין יענע מקומות אויסגעלערנט זיך מאכן אויך א פיינעם "לחיים", און די פּראָס־טערע יידן, פונקט ווי די פּראָסטערע רוסן, וואָס קיין אנדערע פארגעניגנס האָבן זיי ניט געהאט, האָבן פשוט אָנגעשיכורט זיך לכבוד קריסמעס.

אין איין פאל איז אָבער קריסמעס אויסגעפאלן אום עשרה־בטבת. די דאָרטיקע יידן פלעגן גראד שטרענג אָפּהיטן אלע יידישע תעניתים, און פלעגן אין זיי פאסטן, אָן קונצן. אין דעם פאל אָבער, זאָל גאָט ניט שטראָפן פאר די רייד, האָט קריסמעס דוחה געווען עשרה־בטבת, להבדיל, און מיר געדענקט זיך באַזונדערס דאָס בילד פון א פּראָסטן, אָבער פרו־מען, יידישן שניידער, וואָס איז געווען טויט־שיכור און שיכורערהייט איז ער געווען געפּלאָגט פון זיין געוויסן, און ער האָט געהאלטן אין איין דערמאָנען, אַז ער האָט, ברוך השם, אַזוי פארנאַכלעסיקט דעם הייליקן תענית, לעבנדיק צווישן גויים . . .

* * * * *

היינט, על אחת כמה וכמה, אז ביי אונדז זיינען דאָ יידן וואָס היטן ניט באַזונדערס שטרענג אָפּ אלע תרי״ג מצוות, און אַז ניי־יאָר פאלט

ניט אויס אום עשרה־בטבת — איז עס א וואונדער וואס יידן פייערן דעם ניט־יידישן ניי־יאר, אויף, להבדיל, דעם גוייִשן שטייגער, מיט די אמתע הוליאנקעס? וואס רעד איך: אז יידן נעמען זיך צו עפּעס, טוען זיי עס א סך גרינדלעכער ווי די גויים. זיי גיבן דעריִן אריין דעם יידישן טעמפּעראַ־מענט, דעם יידישן ברען.

אגב איז קריסמעס אין רוסלאַנד געווען א געדיכטער קירכלעכער יום־טוב. דאָ איז קריסמעס מער געצנדינעריש ווי קריסטלעך, און אויף ניי־יאַר האָט די קירך כמעט גאָר קיין שום פּרעטענזיעס ניט — ס'איז כמעט א ריין בירגערלעכער יום־טוב. אזא בירגערלעכער ניי־יאַר ווערט נאָך דער־מאָנט אין דער גמרא — "ראש השנה לשטרות", וואָס מיינט, ניי־יאַר (אָדער צייטרעכענונג) פאַר אָפיציעלע דאָקומענטן. אין אזא סאָרט ראש־השנה האָבן מיר דאָך, אייגנטלעך, א גלייכן חלק מיט אונדזערע שכנים, ווי מיט־בירגער פון לאַנד. מיט דער צייט וועלן אפשר די נאַציס, זעענדיק ווי יידן פייערן דעם ניי־יאַר, איינגאַנצן פאַרבאָטן אריער צו פייערן דעם יום־טוב, מחמת "בחוקותיהם לא תלכו" (אין זייערע געזעצן זאָלט איר ניט גיין). זיי וועלן עס, הייסט עס, אנערקענען פאַר א יידישן יום־טוב, וואָס ריין־בלוטיקע אריער טאָרן ניט דערנידעריקן זיך צו פייערן . . . וועלן מיר דאַן הוליען ניי־יאַר, און די נאַציס וועלן טרויערן און אפשר גאָר פאַסטן, — ביז דאַן וועט זיי היטלער מסתמא במילא גוט אויסלערנען צו־פאַסטן . . .

* * * * *

אגב האָבן דאָך יידן טאַקע א טבע צו פאַריידישן אַלץ וואָס זיי נעמען אריין צו זיך אין די הענט, — מעג עס זיין די גויישסטע זאַך אין דער וועלט. אז יידן גייען, חלילה, אראָפּ איינגאַנצן פון וועג און מען עסט שוין אפילו חזיר, — וועט איר זען אויף די מעניוס פון אזעלכע רעס־טאָראַנען "העם — כשר סטייל" — מען כשרט, הייסט עס, ניט פאַר גאָט אויסגערעדט, דעם דבר־אחר . . .

און אז יידן פייערן דעם ניט־יידישן ניי־יאַר, טוט מען עס אויך "כשר סטייל". מען נעמט צו קאַפּעטשקעס, און נאָך צו קאַפּעטשקעס, מען מאַכט "לחיים", מען ווינטשט זיך צו ישועות ונחמות אויף יידן, און מפּלות אויף אַלע היטלערס, מען פּוצט זיך אויס און מען הוליעט אויף דעם יידישן שטייגער — מיט א ריקודל, מיט א שערעלע. — און מען זינגט "וטהר לבנו" און "ישמח משה".

איך האַלט דערפאַר דורכויס פון ניי־יאַר פייערונגען, — די איינ־ציקע געלעגנהייט פאַר א יידן צו האָבן א שמחה, און ניט דאַרפן דערפאַר אַנדאַווענען זיך און אָנזאָגן זיך מיט פּיוט, אָדער אַנלייענען זיך מיט מגי־לה, ווי א פּויק. נישקשה, מיר דאַרפן אפשר אזעלכע פריילעכע, זאָרגלאָזע

און פּליכטלאַזע ימים־טובים א סך נויטיקער, ווי אונדזערע ניט־יידישע שכנים. בפרט אז מיר פייערן עס "כשר סטייל", אז דערמיט זיינען מיר יוצא אונדזער פליכט צום יידישן פאָלק . . .

יאנואר 4טן, 1938.

# וועגן יידן און בערן

אין דער צערודערטער וועלט פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען זיך צעוואקסן פארשיידענע "משיח'יש"־דערלייזעריש באוועגונגען, ווי קראָפּיווע אין הויפנס מיסט. די פון זיי וואָס האָבן אמבעסטן אפּעלירט צו פאראורטיילן און זעלבסטזיכטיקע אינטערעסן פונם עולם, — די וואָס האָבן צוגעזאָגט מער "בולקע מיט פּוטער" — יענע זיינען געווען די דער־פאָלגרייכסטע.

צווישן די דערפאָלגרייכע באוועגונגען האָט געדארפט זיין טעכנאָ־קראטיע. זי האָט איינגנטלעך צוגעזאָגט גאנצע וואגאָנעס מיט "בולקע מיט פּוטער". און פאר אירע בולקעס האָט איר אייגנטלעך אפילו ניט געדארפט ארבעטן, — זיי האָבן געדארפט וואקסן פארטיקע אויף דיביימער.

אין פארגלייך מיט סאָציאלן קרעדיט, למשל, איז טעכנאָקראטיע געווען ממש א פּרינץ. וואָס פאר א באטרעף האָט מר. אבערהארטס קליינער באגריף פון א פינף־און־צוואנציקער א חודש, אין פארגלייך מיט די צוואנציק טויזנט "טולער" א יאָר וואָס די כוהנים פון טעכנאָקראטיע האָבן צוגעזאָגט?

יאָ, אנטשולדיקט. עס רעדט זיך אזוי, "טולער", — טעכנאָקראטיע האָט געזאָלט איינגאנצן אָפּשאפן דעם "פּרייז סיסטעם", אזוי אז יידן זאָלן מער קיינמאָל ניט דארפן זוכן קיין דרייערלעך אויף שבת. מיר ריידן בלויז בלשון בני אָדם: יעדער איינער, אונטער טעכנאָקראטיע, וואָלט געקראָגן א לעבנס־שטייגער ענלעך צו אזא וואָס איר קריגט היינט פאר צוואנציק טויזנט דאָלאר א יאָר. און דאָס אויך בלויז פאר אן אָנפאנג.

* * * * *

און די שיינקייט פון טעכנאָקראטיע ליגט נאָך אין דעם, וואָס פאר אלע אנדערע משיחים דארפט איר עפּעס טאָן צו דערגרייכן עס. קעמפן, — פּאָליטיש אָדער סאָציאל, ארגאניזירן מאסן, דערוויילן פארטרעטער אא"וו.

טעכנאָקראטיע האָט געזאָלט אריינפאלן צו אונדז ווי א רייפע פלוים גלייך אין מויל אריין. 1941, דאכט זיך, האָט געזאָלט זיין דאָס גאולה־יאָר

(אמוויניקסטנס פאר אמעריקע) לויט די סאמע וויסנשאפטלעכסטע אויס־רעכענונגען פון די חכמי טעכנאָקראַטיע. דאָן האָט דער "פרייז סיסטעם" געזאָלט פּלאַצן אויף אלע נאָטן, די טעכנאָקראַטן האָבן געזאָלט איבער־נעמען די באלעבאטישקייט אַן ווידערשטאנד (ווייל עס וואָלט ניט געווען ווער עס זאָל ארויסווייזן ווידערשטאנד), און דאָן אריינפּאַמפּען יעדער איינעם, צי ער וויל, צי ער וויל ניט, א הכנסה עקוויוואלענט צו צוואנציק טויזנט דאָלאר א יאָר.

און אז דער עולם וועט זיין זאט, און יעדערער וועט האָבן א היים מיט אלע "אימפּרוּוומענטס", א "פרידזש" און א "קאר", וועט עס ווערן אמתע משיח־צייטן. קיין רעגירונג וועט מען שוין ניט דארפן, — בלויז אפשר ווי "פּארקער פּאָליציאנטן", וואָס זאָלן אכטונג געבן אויפן "טרעפיק".

די טעכנאָקראַטן האָבן בכלל ניט געהאלטן פון קיין רעגירונג, — ס'איז א מין אנארכאָ־סינדיקאליסטישער משיח, וואָס זיי האָבן אָנצובאָטן. און רעגירונג, זאָגן זיי, דארף ניט האָבן מער ווי דריי פּראָצענט פון אירע איצטיקע פונקציעס.

* * * * *

דער טעכנאָקראַטישער משיח איז אין 1941 ניט געקומען, — אפנים אז ער האָט זיך דערשראָקן פאר דער מלחמה. אָבער די טעכנאָקראַטן האָבן זייער אמונה ניט פארלאָרן, — מער ניט, וואָס זיי האָבן קאַנטיק באַשלאָסן, אז אפילו זייער משיח קאָן ניט קומען אליין און מען מוז אים אביסל אונטערשטופּן.

און ווי שטופּט מען אונטער א משיח? דאָס, זעט איר, קאָנען מיר שוין לערנען פון מוסאָליניץ און פון היטלערן, — זיי האָבן ניט גע־וואַרט אז זייערע משיחים זאָלן אראָפּפאַלן פון הימל...

נו, קאָנט איר שוין איצט ניט דערשטוינט ווערן, ווען איר לייענט די נייעס ווי די טעכנאָקראַטן אין אמעריקע (אין קאנאדע האָט מען זיי פארבאָטן באלד נאָך דער מלחמה), ווי זיי פירן איין העמדלעך, אוניפאָר־מען, סאַליוטן און אלע אנדערע שאָר־ירקות... און במילא דארפט איר שוין אויך ניט דערשטוינט ווערן, אז די טעכנאָקראַטן פארלאַנגען שוין אז אמעריקע זאָל פארבאָטן אלע פרעמדשפּראַכיקע צייטונגען אין לאנד און זאָל פארטרייבן די פרעמדע שפּראַכן בכלל ניט נאָר פון דער עפנטלעכ־קייט נאָר אפילו פון פּריוואַטע היימען!

* * * * *

איז וואָס פאר א באַזונדער שייכות האָט עס צו אונדז, יידן? אוואַדע האָט עס!

אַלעמאָל אין אַזעלכע פאַלן דערמאָן איך זיך אויף דער מעשה מיטן בער, וואָס איז אַנטלאָפן פון אַ רוסישן צירק, און פּאָליציסטן מיט ביקסן האָבן זיך אָנגעהויבן יאָגן נאָך אים איבער די גאַסן. האָבן יידן אָנגעהויבן באַהאַלטן זיך: אַ פּאָליציסט קאָן דאָך דיך שיסן, און גיי דערווייז אים נאָכדעם, אַז דו ביסט ניט קיין בער . . .

באַלד ווי עס האַנדלט זיך וועגן העמדלעך, סאַליוטן, פּראָפּאַגאַנדע קעגן "פרעמדע" אאַ"וו, קומט עס סוף־כל־סוף צו אונדז. "כל המיצר לישראל נעשה ראש" — די היינטיקע "וועלט דערלייזערס" ווייסן זייער גוט, אַז דער קירצסטער וועג צו פירערשאַפט איז דורך אַנטיסעמיטיזם.

עס גייט אַוועק אַ סדרה "אינטערנאַציאָנאַלע באַנקירן", — און דערמיט מיינט מען עס אייך און מיך. און גייט דערווייזט, אַז איר, דער אינטערנאַציאָנאַלער באַנקיר, קאָנט אין אייער "אייגענער" באַנק ניט באַקומען קיין גמילת־חסדל . . .

אָט אַזוי זיינען, הייסט עס, היינטיקע "דערלייזערישע" באַוועגונגען, — פון טעכנאָקראַטיע און ווייטער, ביז קאָגלינס "סאָשל דזשאַסטיס" און ביזן סאמע נאַציזם. און אַמאָל (1882) זיינען דאָך געווען אפילו סאָציאַליסטן, אפילו יידישע, רחמנא לצלן, וואָס האָבן גוטגעהייסן די פּאָגראָמען אויף יידן, ווי אַ קפיצת־הדרך צו סאָציאַליזם!

מיט איין וואָרט, רבותי, — אַז איר זעט אַז מען לויפט נאָך אַ בער, באַהאַלט זיך. פריער פון אַלץ קאָן זיך עס אויסלאָזן צו יידישע קעפּ.

מאַרט 27טן, 1942.

## דאָס רעכט צו זיין אַנדערש

(דער דאָזיקער אַרטיקל איז דערשינען אין דער "וויניפּעגער טריביון" אין דער סעריע "איינקייט אין פאַרשידנקייט").

איך קאָן זיך קוים צוריקהאַלטן פון דעם ניסיון צו געבן דאָ אַ צעטל פון דעם וואָס מיין גרופּע, די יידישע, האָט ביי־געטראָגן פאַרן אויפבוי און וווילזיין פון קאַנאַדע, — אָט, ווי דאָס האָבן געטאָן די מערסטע פאַרשטייערס פון די אַנדערע עטנישע גרופּן, וואָס האָבן ביז איצט זיך באַטייליקט אין דעם דאָזיקן סימפּאָזיום אויף די גאַסטפריינדלעכע קאָלומס פון דער "טריביון". עס זעט מיר אויס, אַז איך וואָלט אויך געקאָנט צושטעלן אַן אימפּאָזאַנטן צעטל פון שווייס, טרערן און בלוט, וואָס מיר האָבן צוגעטראָגן פאַר אָט־דעם לאַנד וואָס האָט אונדז געגעבן אַ היים.

איך וועל אָבער דאָס ניט טאָן, ווייל אייגנטלעך פירט עס צו נאַר־

נישט. דער פאקט אליין, וואָס מיר, די אזוי גערופענע "נייע קאנאדער", מוזן שטענדיק דעמאָנסטרירן אונדזערע בייטראָגן און אונדזער לאָיאַלי־טעט, איז שוין א סימן אז עטוואָס איז ניט־רעכט מיט אונדזער "אייני־קייט" און מיט אונדזער גלייכהייט.

ווייל איך זיין אָפנהארציק. מיר פילן זיך אָפט ווי בירגער פון צווייטן קלאַס. ניט נאָר מיר, די איינגעוואנדערטע, נאָר אויך אונדזערע היי־געבוירענע קינדער. מיר ווייסן, אז אויב מיר טראָגן נעמען וואָס ענדיקן זיך אויף "סקי", "אָף" אָדער "סטיין", זיינען אונדזערע מעגלעכקייטן באַשרענקט . . . פּרובירן אייניקע פון אונדז אראָפּנעמען די "סקיס", אָפּ־שניידן די "אָפס" און פארוואנדלען דעם "סטיין" אין א "סטאָון", אָבער דאָס העלפט אויך ווייניק, עס זיינען שוין דאָ גענוג מיטלען אויסצושפּירן אונדזער יחוס, — אפילו ווען מיר נעמען אָן עכט־ענגלישע נעמען און לערנען זיך אויס צו ריידן ענגליש מיט א פּעלערלאָזן אקצענט . . .

* * * * *

מיר האָבן ליב קאנאדע, ליידנשאפטלעך ליב, ווייל, מער ווי די איינגעבאָרענע און די אריבערגעקומענע פון גרויס־בריטאניע, קאָנען מיר אָפּשאצן די פרייהייט און די געלעגנהייטן וואָס זי האָט אונדז געגעבן, אפילו נאָך אלע באַשרענקונגען. מיר זיינען דערפאר צווישן די ערשטע צו שיקן אונדזערע קינדער צו פארגיסן זייער בלוט פאר קאנאדע.

אָבער עס זיינען דאָ רייבונגען אין קאנאדע, צווישן די "עטנישע גרופּן", צווישן זיי און דער אנגלאָ־סאקסישער מערהייט, צווישן דער לעצ־טער און דער קאנאדיש־פראנצויזישער באַפעלקערונג, וועלכע שטרעבט צו ווערן די מערהייט. אפילו צווישן די אנגלאָ־סאקסישע גרופּן אליין זיינען דאָ א היבש ביסל רייבונגען. למשל, צווישן "אָרענדזש" און "גרין" ביי די אירישע.

צוליב דער מלחמה איז נאַציאָנאלע איינהייט געוואָרן ביי אונדז א דרינגענדיקע פראגע, און אלע פאראנטוואָרטלעכע קאנאדער האָבן אָנגעהויבן זוכן דעם וועג צו אָט־דער איינהייט. אָבער באמת איז עס ניט בלויז א מלחמה פראגע, — קאנאדעס גאנצע צוקונפט הענגט אָפּ אָן שטענדיקער איינהייט. און איינהייט, בין איך איבערצייגט, קאָן זיין א רעזולטאט נאָר פון אבסאָלוטער גלייכהייט, — איינשליסנדיק דאָס רעכט צו זיין אנדערש. פונקט ווי דעמאָקראטיע אנערקענט דאָס רעכט צו זיין פּאָליטיש און רעליגיעז אנדערש, אזוי דארף זי אָנהויבן אנערקענען דאָס רעכט צו זיין קולטורעל און שפּראכלעך אנדערש, פאר יעדער גרופּע, ווי פאר יעדער יחיד.

מיינט עס ניט באַלקאַניזירן קאַנאַדע? אדרבא, די באַלקאַנען אַליין זיינען באַלקאַניזירט ניט דערפאַר, ווייל זיי זיינען באַזעצט פון אַ גרויסער צאָל פאַרשיידענע פעלקער, נאָר ווייל אַט די פעלקער ווערן אויסגענוצט פון דרויסנדיקע כוחות פאַר זייער פּאָליטישן שפּיל. אָן דרויסנדיקע אינ־טריגעס און אונטער אומשטענדן פון אַבסאָלוטער גלייכהייט און גלייכער וויכטיקייט, פאַר קליין און גרויס, לעבן זיך פעלקער ליכטיק צוזאַמען אין פרידן און האַרמאָניע. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז אַ שלאַגנדיקער ביישפּיל (כאָטש דאָרטן פעלט פּאָליטישע פרייהייט). מיינט עס אפשר ניט, אַז ראַסן־גלייכהייט איז וויכטיקער ווי "פּאָליטישע פרייהייט"?

אַ סך פון אונדז, ווייסן מיר, קלייבן אויס צו גיין אויף דער ליניע פון לייכטסטן ווידערשטאַנד — צו אַסימילירן זיך מיט דער הערשנדיקער גרופּע. זיי האָבן דאָס פולע רעכט דאָס צו טאָן.

אָבער די פון אונדז, וואָס ווילן פאַרהיטן זייערע אייגענע שפּראַכן, מנהגים, אינדיווידואַליטעט, נעמען אָא״וו, און וואָס ווילן ביישטײַערן צום ווילזיין פון לאַנד אויף זייער אייגענעם שטייגער, דאַרפן האָבן דאָס פולע רעכט דאָס צו טאָן. די וואָס ווילן קולטיווירן זייערע אייגענע שפּראַכן, חוץ ענגליש (וואָס זיי מוזן ווייסן, ווי די געמיינשאַפטלעכע שפּראַך פון לאַנד, אָדער פראַנצויזיש אין קוועבעק), דאַרפן האָבן די פולע פרייהייט דאָס צו טאָן. צוליב זייער קאַמף צו פאַרהיטן זייער אייגענע שפּראַך טאָרן זיי ניט פאַררעכנט ווערן פאַר מינדערוואַרטיקע בירגער.

קולטורעל קאָן קאַנאַדע אויך נאָר געווינען דערפון. נאָכאַלעמען איז דאָך קולטור ניט אַ זאַך וואָס מען קלייבט אויף אין גאַס. ס'איז אַ ירושה פון דורות, און מוטער־שפּראַך איז איר בעסטער "קאָנוועיאָר".

* * * * *

די פראַגע פון אימיגראַציע, — און פאַר איר צוקונפט מוז קאַ־נאַדע האָבן אַ גרויסע אימיגראַציע, — האָט אויך אַ נאָענטע שייכות צו דעם דאָזיקן ענין פון קאַנאַדעס אייניקייט. אַז אימיגראַציע פּאָליסי, באַזירט אויף ראַסן־פּרינציפּן (ווי אונדזערע איז) מוז פירן צו אַ מינדער־ווערטיקייט געפיל ביי די גרופּן, קעגן וועלכע די דיסקרימינאַציעס ווערן פּראַקטיצירט.

דער באַגריף פון אַ "בריטישן לאַנד" איז אַ סך ברייטער ווי "ענגליש" אָדער אפילו "אַנגלאָ־סאַקסיש". דאָס איז אַוואַדע ריכטיק בנוגע קאַנאַדע, וואָס איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן ווי אַ בי־נאַציאָנאַ־לער שטאַט.

אָבער די אַנגלאָ־סאַקסן האָבן גאָר ניט וואָס מורא צו האָבן, אַז

אין פאל פון גליכע אימיגראציע־געלעגנהייטן פאר אלע אייראָפּעישע פעל־קער, וועלן זיי דאָ פארפליצט ווערן. דאָס האָט ניט פּאסירט אין די יאָרן פון פריער אימיגראציע, ווען קאנאדע איז נאָך געפירט געוואָרן פון מענטשן מיט גרויסן קוראזש און ברייטער וויזיע.

א צופלוס פון איצט דיסקרימינירטע מזרח און דרום אייראָפּייער וועט אויך ברענגען א גרויסן צופלוס פון אנגלאָ־סאקסישע אימיגראנטן. אָן אזא פלוס קומען די לעצטע אויך ניט, ניט געקוקט אויף אלע הנחות וואָס מיר באַטן זיי אָן.

די אייראָפּעישע קאָנטינענטאלע אימיגראציע גיט די קאנאדער ארבעטער נייע געלעגנהייטן צו שטייגן אויפן עקאָנאָמישן לייטער (כאָטש, אומגליקלעכערווייז די ארבעטער זען דאָס ניט איין, אפילו ווען דאָס זעט אוים צו זיין אזוי אויגנשיינלעך). א גרויסער שטראָם פון אימיגראנטן פון אָט־דעם סאָרט וועט אויך שאפן מער צוטרויענדיקע געלעגנהייטן פאר בריטישע אימיגראנטן, וועלכע זיינען, אגב, מערסטנס פון א שטאָטיקן כאראקטער.

נאָוועמבער 30טן, 1943.

## אויפן אנטיסעמיטישן פראָנט

דער אנטיסעמיטיזם איז געגליכן צו פרעהס זעקסטער מכה (שחין — קרעץ). אונדזער מאָדערנע ציוויליזירטע געזעלשאפט איז קיינמאָל ניט פריי פון אָט־דער מכה אָבער זי זעט זיך ניט אלעמאָל אָן אין דער זעלבער מאָס. צייטנווייז פארדעקט זי דעם גאנצן קערפער און שטעלט אים אין טויט־געפאר, ווי ס'איז געווען דער פאל אין היטלערס דייטשלאנד. מערסטנס באהאלט זי זיך אָבער אונטער די קליידער, זי זאָל זיך ניט צו שטארק אָנזען און זי פארכאפט א גרעסערן אָדער א קלענערן טייל פונם קערפער.

דעם אמת זאָגנדיק, האלט איך ניט, אז די קאלטע פּריפּארקעס און זאלבן פון אונדזערע אייגענע פארשיידענע "אנטי־דעפעמיישאָן" און "פּאב־ליק רילייישאָן" קאָמיטעטן זיינען א ווירקזאמע רפואה קעגן אָט־דער מכה. מער ניט, וואָס בלית ברירה, זיינען זיי בעסער ווי גארנישט.

מער ווי אלץ הענגט אָפּ די מכה אָן דעם געזונט צושטאנד פון דעם קערפער. וואָס קרענקלעכער עס איז דער מצב פון אונדזער געזעל־שאפט, אלץ מער שפּארט ארוים די אנטיסעמיטישע מכה. און וואָס געזינ־טער ער איז, אלץ מער באפרייט ער זיך פון איר.

די מלחמה, כאָטש זי איז געפירט געוואָרן "קעגן נאַציזם", האָט ניט אָפּגעשוואַכט דעם אַנטיסעמיטיזם ביי אונדז. אדרבא, דער אַנטיסע־מיטיזם האָט זיך ביי אונדז פאַרשטאַרקט א דאַנק דעם, וואָס די מלחמה האָט צערודערט אונדזער געזעלשאַפט און אָפּגעשוואַכט איר ווידערשטאַנד־קראַפט.

* * * * *

דאָס צווייטע יאָר זינט פרידן איז "אויסגעבראָכן" האָט אָבער אָפּנים אַביסל געווירקט באַרויִקנדיק אויף דער געזעלשאַפט ביי אונדז. באַריכטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווייזן, אַז די אַנטיסעמיטישע כוואַ־ליע איז בכלל אָפּגעפאַלן אין משך פונם יאָר.

פאַר אונדז אין קאַנאַדע איז אָבער פון באַזונדער אינטערעס דער פאַקט, וואָס די פירערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירך אין קוועבעק, האָט אויפגעגעבן איר "נייטראַליטעט" (און צייטנווייז אַקטיווע שטיצע) צום אַנטיסעמיטיזם, און די עלעמענטן איז איר, וואָס זיינען קעגנעריש צום אַנטיסעמיטיזם, האָבן געוואונען די אויבערהאַנט. דאָס האָט זיך אַרויס־געוויזן ביי א רייע געלעגנהייטן אין די לעצטע חדשים, און בפרט אין דער אָפּשטעלונג פונם נאַציסטישן בלעטל "לע גאַגלו".

די קאַטוילישע קירך איז אַן אַנטשיידנדיקע אויטאָריטעט אינם לעבן פון אונדזערע פראַנצויזיש־קאַנאַדער מיטבירגער, און דער אַרויס־טריט פון אירע אָנפירנדיקע פערזאָנען און גרופּן קעגן אַנטיסעמיטיזם איז דערפאַר א וויכטיקע דערשיינונג. אגב האָט די קאַטוילישע קירך בכלל א זייער געזונטן פּאָליטישן חוש, און ווען אירע פירערס טרעטן אַרויס קעגן א וועלכער עס איז פּאָליטישער אָדער געזעלשאַפטלעכער דערשיינונג, איז עס א סימן, אַז עס האַלט ניט זייער גוט מיט יענער דערשיינונג.

* * * * *

אמת איז, אַז די באַוועגונג קעגן אַנטיסעמיטיזם אין קוועבעק ווערט אין דער קירך אָנגעפירט הויפּטזאַכלעך פון דער סט. פּאָל געזעל־שאַפט, און אַט־די געזעלשאַפט איז באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין שמדן יידן. די כוונות פון אַט־דער געזעלשאַפט אין איר קאַמף קעגן אַנטי־סעמיטיזם זיינען אַזוי אפשר ניט אַזעלכע דירעקטע . . . דערוויל אָבער איז איר אַרבעט, זעט אויס, גאַנץ ווירקזאַם, און, וואָס ס'איז שייך אירע שמד כוונות, דאַרפן זיי אונדז שטאַרק ניט באַאומרויִקן.

איך האַלט, אַז כאָטש אינדיווידועלע משומדים האָבן געבראַכט א סך אומגליקן אויף יידן, איז אָבער שמד בכלל ביי אונדז געווען א געזונטער עלימינירונג פּראָצעס. א דאַנק דעם וואָס די שוואַכערע יידן

זיינען אוועק פון אונדז, זיינען די פאַרבליבענע פאַרשטאַרקט געוואָרן אין זייערע רייען.

ס'איז ווי אַן אָפּעראַציע, דורך וועלכער מען באַזייטיקט אַן אָנגע־גריפענעם גליד, וואָס מאַכט דעם גאַנצן קערפּער געזינטער.

אגב האָבן מיר דאָ אַ מעשה, וואָס איר האָט מסתמא שוין געהערט, אָבער, וואָס פּאַסן זיך צו צו דעם ענין (די מעשה קאָנט איר געפינען אין שלום מילערס "פון יידישן קוואַל"):

אַ גרופּע יידישע פאַרבייפאָרערס איז געזעסן ביים טיש אין אַ קרעטשמע. צווישן זיי האָט זיך געפונען אַ גלח, און אָט־דער גלח האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף די יידן, לֹמאַי זיי נעמען ניט אָן "די ריכ־טיקע אמונה". צום סוף רופט ער אַרויס די יידן: "זאָל מיט מיר איינער פון אייך אַריין אינם צווייטן צימער אויף צען מינוט צייט, וועל איך אים איבערצייגן, אַז ער וועט זיך שמדן".

די יידן זיצן אין שרעק און האָבן מורא ענטפערן. איין ייד, אַן אַפּיקורס (אינשורענס) אַגענט, נעמט אָבער אָן דעם אַרויסרוף און גייט מיטן גלח אין צווייטן צימער.

די יידן ביים טיש הערן זיך צו — עס גייט דאָרטן אָן אַ שטורעמ־דיקער אַרגומענט. עס לויפן די מינוטן, די יידן זיצן אין שרעק. עס גייט דורך אַ האַלבע שעה, און עס ווערט שטיל. די יידן, נעבעך, זיינען זיכער, אַז דער גלח האָט געוווּנען אַ יידישע נשמה.

צום סוף קומען זיי אַרויס פון צימער. דער גלח ווישט דעם שווייס פון פּנים. די יידן פרעגן ביים אַגענט — נו, שוין אַן אָפּגעקאָכטער? — משוגע, מיינע שונאים! — ענטפערט דער ייד. — ניין, ער האָט מיך ניט איבערצייגט. איך האָב אָבער אים פאַרקויפט אַן אינשורענס פּאָליסי . . .

## מיין אני מאמין ווי אַ קאַנאַדער *)

די געשיכטע פון די יידן אין קאַנאַדע פאַנגט זיך אָן לאַנג פאַר דער בריטישער אָקופּאַציע. עס גייט צוריק אויף וואָסערע 300 יאָר. אַ יידישער סוחר האָט אַנטדעקט לאַבראַדאָר פאַר דער בריטישער קרוין, און

*) דאָס איז די איבערזעצונג פון אַן אַרטיקל פון דעם שרייבער, וואָס איז דערשינען אין ווינניפּעג "פרי פּרעס", אין אַ סעריע פון פינף אַר־טיקלען פון רעדאַקטאָרן פון ניט־ענגלישע צייטונגען, אונטערן קעפּל: "בירגערשאַפט פאָרום", לכבוד קאַנאַדעס בירגערשאַפט־וואָך, דאָנערשטיק, יאַנואַר 9טן, 1947.

שפּעטער (1697) האָט וויליאַם דער 3טער אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס שענקט אוועק אַט־די טעריטאָריע צום אַנטדעקער לאַ פּענהאַ. אויף אייביק (ב. ג. זאַק: געשיכטע פון יידן אין קאַנאַדע, אַרויסגעגעבן פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס).

די ערשטע יידן וואָס זיינען געקומען און באַזעצט זיך אין קאַנאַדע, זיינען געווען, ווי די ערשטע פראַנצויזישע און בריטישע קאָלאָניסטן, סוחרים, אַוואַנטיוריסטן און סאָלדאַטן (עס זיינען בלויז ניט געווען קיין מיסיאָנערן צווישן די יידישע קאָלאָניסטן). זיי האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע קאַנאַדער פּאָליטישע און מיליטערישע קאַמפן ביז קאָנפעדעראַציע.

קיין יידישע מאַסן איינוואַנדערונג קיין קאַנאַדע איז אָבער ניט געווען ביזן סוף פונם לעצטן און דעם אָנהויב פונם איצטיקן יאָרהונדערט. די יידישע אימיגראַנטן פון אַט דעם פּעריאָד האָבן צוגעטראָגן זייער פולן חלק צום אויפבוי פון קאַנאַדע ווי אַרבעטער, פּאַרמערס, אינדוסטריאַליסטן און סוחרים.

יידן האָבן צוגעטראָגן זייער פולן חלק צו קאַנאַדעס מלחמה אָנשטרענגונג אין 1914־18. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן 17,000 יידישע יונגעלייט און פרויען ענליסטעט זיך אין קאַנאַדעס באַוואָפנטע כוחות פון אַ באַפעלקערונג פון 170,000,— עטוואָס מער ווי דער דורכשניט פאַר גאַנץ קאַנאַדע. אַ סך פון זיי זיינען קיינמאָל ניט געקומען צוריק, און אַ סך האָבן פאַרדינט הויכע דעקאָראַציעס און אויסצייכענונגען. אין ציווילן לעבן, האָבן יידן גענומען אַ פּראָמינענטן אָנטייל אין יעדער סאָרט מלחמה־אַרבעט.

* * * * *

איך דערמאָן אַט־דאָס אַלץ נאָר ווי אַ פאַרטרעטער פון דער יידישער גרופּע אין דער דאָזיקער סעריע (אַרטיקלען). איך מאָן אָבער ניט קיין באַזונדער אָנערקענונג פאַר אַט־דער גרופּע. איך גלויב, אַז אַלע "עטנישע גרופּן" דאָ אין לאַנד, האָבן געמאַכט פּונקט אַזעלכע גרויסע ביישטייערונגען צו קאַנאַדעס לעבן אין פרידן און אין מלחמה, יעדערע אין איר איינענעם פעלד, לויט אירע אייגענע נאַציאָנאַלע שטריכן, אַנטוויקלט אויף איר אייגענעם היסטאָרישן הינטערגרונט. איך גלויב דערפאַר, אַז מיר, די אַזוי־גערופענע "עטנישע גרופּן", זיינען פולשטענדיק בארעכטיקט צו אַלע בענעפיטן פון קאַנאַדער בירגערשאַפט און פולער גלייכהייט. מיר פילן זיך ניט נידעריקער ווי וועלכע ס'איז גרופּע וואָס הערשט מיט דער מאַכט פון צאָל, און מיר ווילן ניט ליידן וועלכע ס'איז דיסקרימינאַציעס פּראַקטיצירט קעגן אונדז.

מיר, די יידישע גרופּע, האָבן אַ ציוויליזאַציע 3,500 יאָר אַלט, באַרייכערט פון פיל יאָרהונדערטער פון ליידן און קאַמף פאַר גערעכטי־

קיים און פרייהייט. איך פיל, אז מיר האָבן עטוואָס פון גרויסן ווערט בייצוטראָגן צום קאַנאַדער לעבן, עטוואָס וואָס איז אונדזער אייגנס.

אָבער פּונקט אזוי האָט יעדער עטנישע גרופּע געבראַכט אהער ווערטפולע קולטורעלע בייטראָגן, זייערע אייגענע, צו באַרייכערן קאַנאַדעס לעבן. איך גלויב, אז די פון אונדז וואָס גיבן אויף זייער אייגענע קולטורעלע ירושות טוען דערמיט א שאָדן צו קאַנאַדע.

איך גלויב ניט, אז שפּראַך אייניקייט מוז פירן צו נאַציאָנאַלער אייניקייט. אדרבא, אין קאַנאַדע זיינען די באַמיונגען אין אָט־דער ריכטונג גאָר א צעשטערערישער כוח, וואָס שאַדט זייער פיל קאַנאַדעס אייניקייט. עס וואָלט ניט געווען קיין "קוועבעקער פּראָבלעם", ווען אונדזערע פּראָנצויזיש־קאַנאַדישע מיט־בירגער געניסן אין אַנדערע פּראָווינצן די זעלבע פּריווילעגיעס, וואָס די ענגליש־שפּרעכנדיקע מינדערהייט האָט אין קוועבעק. די כוחות וואָס אַרבעטן פאַר נאַציאָנאַלער אייניקייט זיינען געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן, געמיינשאַפטלעכער גורל און פולסטע גלייכהייט.

צוליב פּראַקטישע טעמים, מער ווי צוליב וועלכע ס'איז אַנדערע אורזאַכן, גלויב איך, אז ענגליש דאַרף זיין די געמיינשאַפטלעכע שפּראַך פון אָט־דעם לאַנד, — ווייל ס'איז די שפּראַך פון דער גרעסטער גרופּע אין לאַנד, די שפּראַך פון דער בריטישער פעלקער־משפחה און די שפּראַך פון אונדזער גרויסער שכנותדיקער רעפּובליק, מיט וועלכער מיר האָבן א סך פאַרבינדונגען. איך גלויב אָבער, אז אַלע שפּראַך־גרופּן אין לאַנד דאַרפן האָבן די געלעגנהייט צו פּאַרהיטן זייערע אייגענע שפּראַכן, און איך בין זיכער, אז דאָס וואָלט פאַרשטאַרקט קאַנאַדער אייניקייט.

* * * * *

עס זיינען דאָ א סך זאַכן אין קאַנאַדער לעבן וואָס זיינען מיר ניט צום הארצן. אָבער די מערסטע פון אונדז פירן ניט אויס אַלץ וואָס זיי ווילן אין אונדזערע אייגענע פאַמיליעס, און דאָך האָבן מיר זיי ליב און זיינען גרייט צו ברענגען קרבנות פאַר זיי, און קיין מענטש מיט שכל־הישר וועט ניט צעברעכן זיין פאַמיליען־לעבן פּרובירנדיק אויסגלייכן מיינונג־פאַרשיידנהייטן דורך גוואַלד.

איך האָב ליב קאַנאַדע אין איר גאַנצער גרויסקייט, און מיט אַלע אירע פעלערן. איך האָב דאָ טייערע קברים און דאָ וועלן מיינע קינדער לעבן און טיילן דעם גורל פון לאַנד, וואָס ער זאָל ניט זיין. איך בין דערפאַר טיף־פאַראינטערעסירט אינם גורל פון קאַנאַדע, און איך האָב בדעה אויסצונוצן די רעכט, וואָס קאַנאַדער בירגערשאַפט גיט מיר, צו קעמפן מיט אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע מיטלען וואָס איך האָב, פאַר א קאַנאַדע פריי פון אומגלייכהייטן און אומטאָלעראַנץ, א קאַנאַדע וואָס איז א גליקלעכער

פלאַץ פאַר אַלעמען צו לעבן, און אַ שײנענדיקער ביישפּיל צו דער וועלט, ווי מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער און פעלקער קאָנען פאַראייניקן זייער גורל און לעבן צוזאַמען אין ברידערלעכער ליבע, און אַרבעטן צו־זאַמען פאַר אַ געמיינשאַפטלעכן וווילזיין.

יאַנואַר 14טן, 1947.

## אַן אַלט־נייער מיטל

ביי דער לעצטער סעסיע פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס האָט איי־נער פון די רעדנערס, אין זיין רעפעראַט וועגן אַנטיסעמיטיזם, דערקלערט, אַז ס'איז ניטאָ קיין אויסגעפּרובירטער, זיכערער מיטל צו באַקעמפן אָט־די פּלאָג. מיטלען וואָס ווערן באַנוצט אינם קאַמף, האָט ער געזאָגט, דאַרפן אימפּראָוויזירט ווערן פון צייט צו צייט, און זייערע רעזולטאַטן זיינען קיינמאָל ניט קיין זיכערע.

דער און אַנדערע רעדנערס האָבן דערפאַר טאַקע באַטאָנט איינעם פון די זיכערסטע מיטלען קעגן אַנטיסעמיטיזם: יידישע דערציונג פאַר יידישע קינדער און יידישער באַוווּסטזיין פאַר דערוואַקסענע.

דאָס הייסט, אַז דער אַנטיסעמיט איז אייגנטלעך אין אָט־דער הינ־זיכט, ווי אין פיל אַנדערע הינזיכטן, געגליכן צום כלב. דער בעסטער מיטל קעגן אַ בייזן הונט, כידוע, איז ניט לויפן פון אים, נאָר גיין שטאָלץ און אָן מורא, — וועט ער האַווקען און האַווקען, און וועט אויפהערן.

* * * * *

אָט־דער מיטל איז ניט קיין נייער. אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן קוים געוווּסט פון אַנדערע מיטלען (חוץ אפשר צוּוואַרפן צייטנווייז אַ שטיקל פלייש, אַ כאַבאַרל, דעם בייזן, אָנפאַלנדיקן הונט).

אַוואַדע האָבן זיי מיט זייער שטאָלצער יידישקייט ניט אָפּגעשאַפן דעם אַנטיסעמיטיזם. זיי האָבן אָבער דערמעגלעכט זיך אַליין צו לעבן, און אָפּט גאַנץ גוט און שיין לעבן, צווישן די בייזע אַנטיסעמיטישע כלבים.

דאָ זיינען מיר געוואָרן "וועיד". זייער סענסיטיוו. אַן אַרטיקל אין עפּעס אַ צייטונג, וואָס זאָגט אַ שלעכט וואָרט אויף יידן, פירט אונדז אַרויס פון די כלים.

אָבער די פון אונדז וואָס קומען פון צאַרישן רוסלאַנד (אָדער פון רומעניע) געדענקען זיכער, ווי אַנטיסעמיטיזם איז געווען דער אָפיציעלער קורס פון דער רעגירונג און פון דער פּרעסע, — און מיר זיינען זיך

געגאנגען אונדזער וועג ווי איינער וואס גייט און איגנאָרירט א בילנדיקן הונט, און מיר האָבן אין צארישן רוסלאנד געלעבט — מאטעריעל אפשר טאקע אָרים (ווי דאָס גאנצע רוסישע פאָלק), אָבער גייסטיק זייער רייך.

* * * * *

ווי האָבן מיר עס באוויזן צו טאָן?

אָט נעמט אזא ביישפיל: די גאסן אין אונדזערע גרעסערע שטעט זיינען פול מיט טויט־געפאַרן. ווען איר קרייצט איבער די גאס אין א צענטראלן טייל פון שטאָט, קאָנט איר פון יעדער אומפאָרזיכטיקן שריט צעריבן ווערן אינם פארקער אויף קרעפּל־פלייש.

יעדער טאָג, ווען מיר גייען ארויס פון הויז, וואָלטן מיר, דאכט זיך, געדאַרפט אָפּזעגענען זיך מיט דער פאמיליע. ווען מיר קומען צוריק גאנצערהייט, וואָלטן מיר געדאַרפט בענטשן גומל.

אָבער באמת טראכטן מיר גאָר אפילו ניט וועגן דעם, און די מער־סטע פון אונדז וועלן זיך גאָר אויסלאכן, ווען מען זאָל זיי זאָגן, אז עס איז געפערלעך צו גיין אין די גאסן. מיר זיינען אזוי געוויינט געוואָרן צו דעם, אז מיר באמערקן עס גאָר ניט, און מיר מיידן אוים די געפאַרן אינסטינקטיוו.

אַן אמעריקאנער געבוירענער ייד קאָן זיך קוים פאָרשטעלן, ווי מיר האָבן געקאָנט לעבן אונטער דעם אנטיסעמיטישן רעזשים פון צארישן רוסלאנד. אָבער פאַר אונדז איז דער אנטיסעמיטיזם געווען ניט מער ווי דער מאָטאָר־פאַרקער אין די היגע גאסן.

דער אמת איז, אז אין אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן האָבן מיר כמעט ווי פאַרגעסן אויפן אנטיסעמיטיזם. מיר פלעגן זיך אויף אים דערמאָנען נאָר אין פאל פון אן "עקסידענט", ווען א קרבן פלעגט פאלן פונם אנ־טיסעמיטיזם.

מיר, קינדער, האָבן, למשל, געוווּסט, אז אין די און די גאסן טאָרן מיר ניט גיין, ווייל דאָרטן זיינען דאָ ווילדע שקצים און בייזע הינט, וואָס זיי רייצן אויף אונדז אָן. נו, איז וואָס אז מען קאָן ניט גיין אין יענע גאסן, שטערט עס אונדז צו זיין גליקלעך אין אונדזער קינדערשן לעבן? ליידט איר דערפון, וואָס איר קאָנט ניט איבערקרייצן פאָרטעדזש עוועניו אין מיטן גאס אין די שווערע פארקער־שעהן?

יידן האָבן געוווּסט ווי צו לאַווירן צווישן די פאַרשיידענע געפאַרן און שטערונגען. אוואדע האָבן מיר געזוכט פּטור צו ווערן פון אָט־די

געפאַרן און שטערונגען, אָבער ביז וואָס־ווען האָבן מיר ניט אָפּגעזאָגט זיך פון לעבן.

* * * * *

מיר זיינען ניט אַזעלכע גוטע לערערס פאַר אַנדערע, ווי מיר מיינען, — און אפשר זיינען זיי גאָר שלעכטע תלמידים? מיר לערנען שוין די גויישע וועלט פאַר צוויי טויזנט יאָר, אָבער זעט איר דאָך וואָס מיר האָבן זיי אויסגעלערנט: מיר האָבן ניט באַוויזן אַריינצוקלאַפּן די יידישע תורה אין זייערע "גויישע קעפּ".

נאָך קאַרגע צוויי טויזנט יאָר קריסטנטום, איז געקומען היטלעריזם. און נאָכן היטלעריזם האָט איר אַטאָמישע באָמבעס און די גרייטקייט צו נוצן זיי.

מיר וועלן ווייניק דערגרייכן מיט לערנען אונדזערע שכנים זיי זאָלן ניט זיין קיין אַנטיסעמיטן. דער בעסטער וועג צו באַקעמפן אַנטיסע־מיטיזם איז נאָך אַלץ צו לערנען זיך אַליין, צו דערציען אונדזערע קינדער אין יידישן באַוווסטזיין און אין יידישער לעבנס־דערפאַרונג.

יולי 18טן, 1947.

# דער קאַמף צווישן דורות

ווען איר גייט ווען צו אַ פּאָליטישער פאַרזאַמלונג, פּרובירט, אויף טשיקאַוועס, באַטראַכטן דעם פאַרזאַמלטן עולם פון אויבן, פון דער גאַלע־רייע. למשל: פאַר אייערע אויגן וועט אויפגלאַנצן אַ ים פון פּליכעס (אויב ס'איז אַ גוט־באַזוכטע פאַרזאַמלונג). אויב דאָס וועלן ניט זיין קיין פּליכעס, וועט עס זיין אַ גרויער קאָפּ, אָדער אַ האַלב גרויער, און זעלטן־ווו וואַרפט זיך דורך אַ יונגער קאָפּ האָר.

טוט אַ קוק אויף די בילדער פון אונדזערע מיניסטאָרן, זעט איר זעלטן אַ שטיקל אַזוים אויפן מדבר פון זייערע קעפּ — עס זיינען גאַלע פּליכעס. דאָס זעלבע אין אַלע צווייגן פון אונדזער פּאָליטישן לעבן, — פּליכעס און פּליכעס. און וואָס איז שייך די דירעקטאָרן פון אונדזערע גרויסע אינדוסטריעס, און פינאַנציעלע אינסטיטוציעס וועלכע זיינען פּאַק־טיש מעכטיקער פון אונדזערע פּאָליטישע אינסטיטוציעס און דיקטירן זייער פּאָליטישן קורס, איז דאָך גאָר ניט שייך צו ריידן, — דאָס זיינען גאַלע פּליכעס. איינער וואָס האָט נאָך אַ סימן פון האָר אויפן קאָפּ איז ניט קוואַליפיצירט פאַר אַזאַ הויכער פּאָזיציע און איז ניט באַרעכטיקט צו זיין אַ מיטגליד פון דער סאָלידער געזעלשאַפט, וועלכע איז פּאַקטיש „די מאַכט הינטערן טראָן".

איז עס אַ וווּנדער, אַז ביי אונדז איז אַלץ אַזוי אַלט און פאַרשימלט, אַזוי אַז אין אַזאַ שטורעמדיקער צייט זיינען ביי אונדז אַ פּאָר סאָציאַלע רעפאָרמען, וואָס זיינען אין אייראָפּע שוין איינגעפירט געוואָרן מיט צענדליקער יאָרן צוריק, אַ פאַסירונג שיר ניט פון אַ רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער!

* * * * *

ס'איז אַנדערש אין אַ צאָל אייראָפּעישע לענדער. דאָרט האָט מען די פּליכעס פאַרזעצט אין די מושב זקנימס, און די פירערשאַפט האָט איבערגענומען די גרינע יוגנט.

איז עס בעסער אין די באַטרעפנדיקע אייראָפּעישע לענדער? לאָמיר טאַקע זען: אין דייטשלאַנד איז דער נאַצישער רעזשים אויסגעבויט געוואָרן אויף אַ יוגנטלעכן יסוד. דאָרטן איז די יוגנט דער פונדאַמענט פון היטלערס מאַכט. דאָס זעלבע אין אַנדערע פאַשיסטישע מדינות. ביי אונדז אין קאַ־נאַדע זוכן די פאַשיסטישע באַוועגונגען אויך הויפּטזאַכלעך די שטיצע

פון דער יוגנט, און זיי רייצן אויף די יוגנט קעגן דער הערשאפט פון די פּליכעס, וואָס האָבן מיט זייער קאָנסערוואַטיזם און סטאַגנאַציע דערפירט דאָס לאַנד צום איצטיקן אומגליקלעכן מצב, — אָבער — צום גליק! — איז אונדזער יוגנט ניט אַזוי לייכט אַרויסצופירן פון איר טראַדיציאָנעלער גלייכגילטיקייט צו פּאָליטישע פּראָבלעמען . . .

אוואַדע באַזאָרגט זיך אויך דער קאָמוניזם אין סאָוועטן פאַרבאַנד אויף דער יוגנט. דאָרטן ליקווידירט מען אויך די פּליכעס, אַפילו די באַל־שעוויסטישע, זייער גרינגלעך. אָבער אויב אַפילו איר זאָלט גלויבן, אַז סאָוועט־רוסלאַנד איז אַ גן־עדן, — און מען דאַרף זיין זייער אַ גלויביקער צו גלויבן עס, — דאַרפט איר גוט האַלטן אין זינען, אַז דאָ, ביי אונדז, ווען די יוגנט זאָל אין איין שיינעם פרימאָרגן ווערן אַקטיוו, וועט זי אָן קיין שום צווייפל אויסקלייבן גיכער די פאַשיסטישע בייטש, ווי די קאָמוניס־טישע . . . בלויז אַ בלינדער קאָן עס ניט איינזען.

* * * * *

עס וואָלט געווען אַן אומגליק, ווען אונדזער יוגנט, דערפירט צו פאַרצווייפלונג פון איר איצטיקער האָפנונגלאָזער לאַגע, זאָל געטריבן ווערן "צו נעמען די זאַכן אין אירע אייגענע הענט". אַט־די יוגנט קאָן טיילווייז אפשר איינזאַפּן אין זיך קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אָבער אַ סך גיכער וועט זי איינזאַפּן די לייכטערע און שיטערערע פאַשיסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

אַט־די יוגנט, מיט איר כאַראַקטעריסטישער היים־בלוטיקייט, אי־דעאַליזם און קרבנות־גרייטקייט, וועט לייכט לאָזן זיך פירן פון דעמאַגאָגן און וועט זיי העלפן פאַראייביקן די פעלערן פון אונדזער סיסטעם אָדער וועט איינפירן נייע אַנשיקעניש, דורך טעראָר און צוואַנג, — אין נאָמען פון אַבסטראַקטע אידעאַלן . . . די יוגנט געטריבן אין אונדזערע "קאָנ־צענטראַציע לאַגערן", — אין די רעליף־קעמפּס — און די וואָס זיצט נאָך אין דער היים אויף די העלדזער פון פאַראָרימטע טאַטעס און מאַמעס אָן האָפענונגען און אָן אויסזיכטן, זיינען דער מאַטעריאַל, וואָס דעמאַגאָגן קאָנען לייכט אויסנוצן. זיי זיינען אַ געפאַר פאַר אונדז און פאַר זיך אַליין.

* * * * *

ווען אונדזערע פּליכעס וואָלטן ניט געהאַט אַזעלכע פאַרהאַר־טעוועטע שאַרבנס, וואָלטן זיי געהערט די וואָרנונג פון אַזעלכע מענטשן ווי ראָבערט קראָמי, רעדאַקטאָר פון "וואַנקאָווער סאַן", וועלכער האָט די טעג אין אַ רעדע, אין מאָנטרעאַל, דערקלערט, אַז קאַנאַדעס פּראָבלעמען קאָנען ניט געלייזט ווערן, ווי די יוגנט וועט ניט צוגעלאָזט ווערן צו דער פירערשאַפט פון אונדזער פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן.

די וועלט דארף געפירט ווערן תמיד פון צוויי דורות: דער אידעאַליסטישער יוגנט, וואָס שטרעבט צו נייעס, און דעם מיושבדיקן עלטער, וואָס צוימט די צו געפערלעכע אימפּולסן פון דער יוגנט און טיילט זיך מיט איר מיט זיינע אייגענע לעבן־דערפאַרונגען. דאָרטן ווו איין דור קלאַמערט זיך אָן דער מאַכט, אָדער ווו דער אינגערער דור רייסט זי ארויס ביי אים — דאָרטן ווו ס׳איז ניטאָ קיין קאָאָפּעראַציע און פאַרשטענדעניש צווישן די דורות — איז צרות.

מאַי 28טן, 1935.

## עלטערן און קינדער

דער יידישער אימיגראַנטן־דור דאָ איז אַ רעוואָלוציאָנערער דור. ער האָט איבערגעבראָכן מיטן פעסט־איינגעפונדעוועטן יידישן לעבן פונם קליינעם שטעטל אויף יענער זייט ים און האָט, אויף דער זייט ים, אין אַ פרעמדן לאַנד, אויסגעבויט זיך אַ ניי לעבן.

אינם קאַמף פאַר אַן אָרט אינם עקאָנאָמישן לעבן אינם פרעמדן לאַנד, איז דער ייד אפשר דאָ געוואָרן מער אינדיווידואַליסטיש, ווי ער איז געווען אין דער אַלטער היים. מיר האָבן דאָך אָבער אויך געבויט אַ געזעלשאַפטלעך, פּאָליטיש און קולטורעל לעבן. און, אונטער די שווערע תנאים אונטער וועלכע מיר האָבן געדאַרפט אַרבעטן אויף אָט־דעם געביט, האָבן מיר פאַרט עפּעס דערגרייכט.

וואָס איז שייך אונדזער עקאָנאָמישער צופּאַסונג, האָבן מיר באמת אויפגעטאָן גרויסע זאַכן. יידישע אימיגראַנטן האָבן אין אַ גרויסער מאָס אויסגעבויט די וואונדער־שטאָט, ניו־יאָרק. זיי האָבן דאָס לאַנד באַרייכערט מיט ריזיקע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע אונטערנעמונגען. אינדיווידועל האָבן זיך אימיגראַנטישע יידן דערשלאָגן צו די העכסטע שטאַפּלען פון עקאָנאָמישן לייטער, פון פּאָליטישן איינפלוס און געזעלשאַפטלעכער באַדייטונג. ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז די מערסטע אימיגראַנטן זיינען געקומען אהער אָן וועלכע ס׳איז מיטלען און אָן אַ שפּראַך; אַז אַ סך פון זיי האָט געפעלט די סאַמע עלעמענטאַרסטע בילדונג; אַז זיי האָבן געמוזט אָנפאַנגען פונם סאַמע נידעריקסטן שטאַפּל פון לייטער; — ווען מיר זען, אַז אייניקע פון זיי קאָנען איצט אונטערשרייבן מיליאָן־דאָלערדיקע טשעקס מיט אַ צלם (ווייל זייער נאָמען קאָנען זיי ניט אונטערשרייבן) — קאָנען מיר ערשט אָפּשאַצן די גוואַלדיקע ענערגיע, וואָס דער אימיגראַנטן־דור האָט אהער געבראַכט און דאָ אויסגעלאָדן.

און וואָס מכוח דעם ניי־געבוירענעם דור?

די אימיגראַנטישע עלטערן האָבן געבויט דאָס נייע לעבן הויפּט־זאַכלעך פאַר זייערע קינדער. זיי האָבן ניט געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן דאַרפן דורכמאַכן די אַלע שטערונגען, וואָס האָבן פאַרביטערט און באַשווערט זייערע לעבנס. זיי האָבן געשטרעבט צו געבן זייערע קינדער אַ גליקלעכע, זאָרגלאָזע קינדהייט און יוגנט, דעם בעסטן באַגאַזש בילדונג און די בעסטע צוגרייטונג צום לעבן. אַ סך עלטערן וואָס האָבן ניט דער־גרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון לייטער (און דאָס זיינען, נאַטירלעך, די מערסטע), האָבן געבלוטיקט פאַר זייערע קינדער. זיי האָבן זיך מוסר־נפש געווען ניט בלויז פאַר זייער אַלגעמיינער בילדונג, נאָר האָבן דאָס לעצטע אוועקגעגעבן אפילו פאַר זייער מוזיקאַלישער אויסבילדונג.

בלויז פאַר יידישער דערציונג זיינען געבראַכט געוואָרן די קלענסטע קרבנות. אפשר האָבן די עלטערן געמיינט, אַז דאָס איז ניט נויטיק פאַרן גליק פון זייערע קינדער (וואָס פאַר אַ פאַטאַלער טעות!). נו, איז וואָס אַרויסגעקומען דערפון? איך וויל קיין שלעכטס, חלילה, ניט ריידן אויף די קינדער. ס'איז ניט זייער שולד.

אָבער זיי זיינען דערצויגן געוואָרן מיט אַ "הויכן לעבנס־שטייגער" און אַז דעם וואָפן פון אייזערנער געדולד און ענערגיע דורכצוברעכן אייזערנע ווענט, ווי זייערע אימיגראַנטישע טאַטעס, צו דערגרייכן עס. זיי האָבן ניט באַוויזן צו בויען די גרויסע זאַכן, וואָס זייערע טאַטעס האָבן געבויט מיט לייַדיקע הענט. און איליטעראַטע טאַטעס שרייבן נאָך היינט אונטער טשעקס מיט צלמים, פאַרן אויפהאַלט פון זייערע דערוואַקסענע קינדער מיט אוניווערסיטעט דיפּלאָמען און מיט מוזיקאַלישער אויסביל־דונג . . . אין בעסטן פאַל, וועט זיך אַ זון איינאָרדענען אינם געשעפט, וואָס זיין אימיגראַנטן־פאָטער האָט אויפגעבויט . . .

* * * * *

עס איז געוויינטלעך נוצלאָז צו אַרגומענטירן מיט עלטערן וועגן אָט־די זאַכן. עלטערן, אפילו ווען זיי אַליין זיינען רעוואָלוציאָנערן, גיבן געוויינטלעך זייערע קינדער אַ קאָנסערוואַטיווע דערציונג, און אַז אינדי־ווידואַליסטישע. אין דער דערציונג פון זייערע קינדער זאָרגן זיי זיך ניט פאַרן כלל, נאָר בלויז פאַרן וווילזיין פון זייער קינד.

די צאָל עלטערן וואָס פאַרשטייען, אַז דער וווילזיין פונם יחיד איז אוממעגלעך אָן דעם וווילזיין פונם כלל, איז ניט גרויס. און אפילו צווישן די וואָס באַגרייפן עס וועלן זיך געפינען אַ היבש ביסל אַזעלכע, וואָס וועלן זוכן אַרומצוגיין אָט־דעם אומאָנגענעמען צושטאַנד, דורך זוכן אַרויס־צוהויבן זייערע קינדער איבערן כלל. געציילטע קאָן דאָס אפשר געלינגען,

אַבער די איבערוועגנדיקסטע מערהייט באַצאָלט אַ הויכן פּרייז פאַר דער צו־גרויסער ליבע פון זייערע עלטערן. דאָס איז בפרט ריכטיק בנוגע יידישע קינדער, וועמעס עלטערן האָבן זיי צופיל ליב געהאַט "צו באַלעסטיקן" זיי אויך מיט יידישע לימודים חוץ אַלע "פּראַקטישע" לימודים, וועלכע זיי האָבן ניט געקאָנט פאַרבויגן.

מיט זייער גאַנצן וויסן קומען זיי ערשט אַריין אין לעבן ניט באַוואָפנט, און ניט פעיק צו ענדערן די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, און איינברעכן די שטערונגען מיט וועלכע זיי באַגעגענען זיך, ווי זייערע אימיגראַנטן־עלטערן האָבן געטאָן.

* * * * *

אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, דאַרף דערפאַר דערציונג זיין אַ געזעלשאַפטלעכער ענין. פאַר דער צוקונפט און וואוילזיין פון די קינדער אַליין איז בעסער, אַז די עלטערן זאָלן ניט האָבן די איינציקע השגחה אויף זייער דערציונג. מלוכה נעמט טאַקע אַוועק די דערציונג פונם איינציקן רשות פון די עלטערן. מיר, יידן, אָבער, אויף וויפל ס'איז שייך דעם יידישן טייל פון דער דערציונג, קאָנען האָבן געזעלשאַפטלעכן אויפזיכט אויף דער דערציונג, נאָר מיטן הסכם פון די עלטערן און מיט זייער מיטהילף. מיר מוזן דערפאַר געבן צו פאַרשטיין די עלטערן, אַז אַ דערציונג פון ריין־אינדיווידואַליסטישן כאַראַקטער איז שעדלעך פאַר זייערע קינדער; אַז עס ברענגט זיי ניט אינדיווידועלן גליק, ווי זיי מיינען, נאָר צרות.

סעפּטעמבער 17טן, 1940.

## אונדזערע באָבעס און מיר

— "מיין באָבע האָט אַזוי געזאָגט!"

נו, איר ווייסט שוין מסתמא וואָס דאָס מיינט: דאָס וויל מען אימעצן מבטל זיין, מאַכן צו נישט, — די באָבע סימבאָליזירט דאָ אַלץ וואָס איז אַלטמאָדיש, אָפּגעלעבט און נאַריש.

ווייס איך גראָד ניט ווי איר האַלט מיט אייער באָבען, עס איז אייער פּריווילעגיע ניט צו האַלטן פון איר, גלויבנדיק, אַז איר האָט אייער חכמה צוגעגרייט פאַר אייך ספּעציעל פון ששת ימי בראשית אָן.

מיין באָבען אָבער לאָזט צורו. איך האָב זי אַליין ניט זוכה געווען צו קענען פּערזענלעך, אָבער איך פיל, אַז אויב איך אַליין בין אַזאַ גרויסער חכם איז דאָס דערפאַר, ווייל איך האָב געהאַט פון וועמען צו ירשענען

חכמה. און אויב מיין באָבע וואָלט געוועזן דאָס וואָס איר גיט אָנצוהערן וועגן אייער באָבען, ווען איר זאָגט סאַרקאַסטיש "מיין באָבע האָט אויך אַזוי געזאָגט", — ווען זי וואָלט טאַקע געווען אַזאַ נאַרישע יידענע, וואָלט איך פון איר זייער ווייט ניט געקאָנט פאַרפאָרן.

* * * * *

עס זיינען דאָ באַקאַנטע אַפּיקורסישע לידלעך, אין וועלכע מען מאַכט חוזק פון די זיידעס און באָבעס. אָט, למשל, דאָס לידל וואָס לאַכט אָפּ פון אונדזערע דאַמף־שיפן: דער רבי, הייסט עס, האָט געקאָנט אויס־שפּרייטן זיין טיכל און אויף דעם איבערשווימען דעם ים.

נו, בין איך אויך אַזאַ אַפּיקורס, ווי איר. איך גלויב ניט, אַז דער רבי זאָל קאָנען האָבן געפאָרן מיט זיין שנעלסטן קפיצת־הדרך שנעלער ווי אונדזערע אויטאָמאָבילן און עראָפּלאַנען, און איך וועל בפירוש בעסער פאָרן פּאַמעלעך אויף אַ מאָדערנער דאַמף־שיף, ווי שנעל אויף דעם רבינס טיכל.

די פראַגע איז אָבער, צי אין די דאַמף־שיפן, אייזנבאַנען, אויטאָ־מאָבילן. מאָדערנע מאַשינען און ריזיקע הימל־קראַצערס שטעקט עס דעם מענטשנס גאַנצע חכמה.

אָט, וועלן מיר זאָגן, האָט איינשטיין ניט דערפונדן קיין מאַשין. נו, וועט איר זאָגן, אַז פערד, וואָס האָט פאַרפולקאָמט דעם אויטאָמאָביל, איז אַ גרעסערער חכם פון איינשטיינען?

* * * * *

און, צוריקקערנדיק זיך צו אונדזערע באָבעס און זיידעס:

אַז איך וועל אייך זאָגן, למשל, אַז אַפילו אין די גאָר אַלטע יידישע ספרים, ווי אין תלמוד, זיינען דאָ אַ סך חכמות און לעבנס־דערפאַ־רונגען, וואָס זיינען נאָך פריש און צאַפּלדיק ביז היינטיקן טאָג, וועט איר דאָך מסתמא דערקלערן מיך פאַר אַ רעאַקציאָנער און אַ פינצטערלינג, און דערמיט וועט איר אָפּפּטרן דעם גאַנצן ענין.

וועלן מיר דערפאַר נעמען אַלטע גוישע חכמים, — פון אַמאָליקע גוישע פילאָזאָפן און דענקערס מעג דאָך האַלטן אויך אַ פּראָגרעסיווער מענטש!

וועלן מיר נעמען, למשל, דעם גריכישן פילאָזאָף, סאָקראַטעס, אַן אור־זיידע פון אונדזערע עלטער־באָבעס. נו, איז ער געווען אַ קלענערער חכם ווי דער דורכשניטלעכער פון אונדז?

אָדער איז אפשר קאנט געווען נאַרישער פון אונדז, ווייל ער האָט ניט געוווּסט פונם שכל פון אַ קוועטש טאָן אַ קנעפּל עס זאָל ליכטיק ווערן אין הויז, — און אפילו ניט פון מארקס טעאָריע און סטאַלינס אויס־טייטשונג, — און ער האָט קיינמאָל ניט געלייענט ליפּערטס קולטור־געשיכטע, און האָט נאָך ניט געוווּסט, אַז "ס'איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט?"...

* * * * *

און לאָמיר טאַקע אַ טראַכט טאָן צוריק: וואָס איז פון אונדזער גאַנצער חכמה, ווען זי גיט אונדז מער אומגליק, ווי גליק?

אונדזער באָבע, ווען זי האָט געדאַרפט דורכפאָרן זיך פאַר 50 ווערסט צו זען זיך מיט אַ שוועסטער, וועלכע זי האָט ניט געזען "פון דער חתונה אָן", האָט געדאַרפט אָפּזאָגן תפילת־הדרך און אָפּזעגענען זיך מיט דער משפּחה. זי האָט ניט געוווּסט פון צאַפּן וואַסער פון דער וואַנט, פון אַ וואַש־מאַשין און פון אַ ראַדיאָ.

און ברויט צו דער זאַט האָט זי ניט אַלעמאָל געהאַט.

האָט זי אָבער ניט פאַרשטאַנען אויסצולעבן זיך מענטשלעך, און, אויף וויפל מעגלעך, גליקלעך, אין די אייגענע גרעניצן פון איר קליין ווינקל? האָט זי, אויף איר אייגענעם שטייגער, ניט געפונען גליקזעליקייט און טרייסט אין דער תורה (קולטור, אויב איר וועט מיר דערלויבן), צדקה און מעשים טובים?

און וואָס דערגרייכן מיר מיט אונדזער חכמה? מער גליק? מער קולטור? מער מענטשלעכקייט?

ניין, וויינִיקער. מיר, די חכמים, האָבן איצט דערפירט די וועלט צו אַזאַ מצב, אַז זי קערט זיך באַלד אום ניט צו די באָבעס, נאָר צו די אור־באָבעס פון אונדזערע באָבעס!

* * * * *

איך האָב די טעג געהערט אין אַ שמועס, ווי מען האָט דערמאָנט אונדזערע באָבעס לגנאי, און איך האָב באַשלאָסן אָנצונעמען זיך די קריוודע פון מיין באָבען, — די קריוודע פון אונדזער געשיכטע, וואָס מען פאַרלייקנט ביי אונדז אַלץ מער און מער.

איך וויל אייך, חלילה, ניט רופן צוריק צום "קפיצת הדרך" פורל, און צום רבינס טיכל. איך גלויב אָבער, אַז צו אונדזערע שיפן, באַנען, עראָפּלאַנען און ידיעות אין די עקאָנאָמישע טעאָריעס פון קאַרל מאַרקס, מיט אָדער אָן לעניִנס אויסטייטשונג, האָבן מיר געמעגט לערנען פון אונדזערע באָבעס פון זייערע באַשיידענע לעבן־דערפאַרונגען.

און אויב מיר הופן איבער אונדזערע באָעס, דערנענטערן מיר זיך אויף אַזויפיל צו די מאַלפּעס . . .

נאָוועמבער 14טן, 1933.

# אָפּגעזוכט די יוגנט

אין משך פון די לעצטע 5־6 חדשים האָב איך אָפט באַמערקט אויפן טראַמוויי ווי אַ יונגערמאַן, אָפט נאָך טײלווײז אין מיליטערישע קליידער, פאַרנעמט דעם אָרט פונם קאָנדוקטאָר. אַרום אים שטייט אַן אַלטער קאָנדוקטאָר (טאָקע אַן אַלטער אין יאָרן) און לערנט אים די קאָנ־דוקטאָרשע תורה.

ביסלעכווייז האָבן יונגעלייט אָנגעהויבן ווייזן זיך אויף די טראַמ־ווייען, ווי קאָנדוקטאָרן און ווי מאָטאָר־לייט. דאָס איז נײַ: פאַר יאָרן און יאָרן האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז קאָנדוקטאָרן און מאָטאָר־לייט דאַרפן האָבן גרויע קעפּ, — אָדער, ווי אין די לעצטע מלחמה־יאָרן, דאַרפן עס זיין גאָר מיידלעך און יונגע ווייבלעך.

אַזוי האָט זיך ביי אונדז געשאַפן דער איינדרוק, אַז הינטערן "קאַונטער" פון אַ "גראָסערי" סטאָר, אָדער אַ דעליקאַטעסען סטאָר, דאַרף שטיין אַ ייד באַלאָדן מיט יאָרן, פונם אימיגראַנטן דור. און ס'איז עפּעס מאָדנע צו זען דאָרטן גאָר היגע געבוירענע יונגעלייטלעך, וואָס טראָגן ווייסע רעקלעך, האַלטן ציכטיק די קרעמלעך און וואַשן אַפילו די פענצטער.

אומעטום האָבן זיך באַוויזן די יונגע. זיי הויבן אָן פאַרנעמען זייער אָרט אויף אַלע געביטן פון אונדזער עקאָנאָמישן לעבן.

* * * * *

פאַר כמעט אַנדערהאַלבן צענדליק יאָרן האָט איר די יוגנט אין די אויגן ניט אָנגעזען, — ווי זי וואָלט זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן . . . — אַ גאַנצער דור וואָלט ווי פאַרלאָרן געגאַנגען.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין 1929, — אַגב פּונקט אין אַ צייט, ווען די קינדער פון אונדזער אימיגראַנטן דור פון דער מאַסן־אימיגראַציע האָבן אָנגעהויבן אויסטערוואַקסן, — אין 1929 האָבן מיר אָנגעהויבן פאַר־מאַכן דעם וועג פאַר דער יוגנט צו אַלע עקאָנאָמישע געלעגנהייטן. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די דעפּרעסיע, האָט דער עלטערער דור אָנגעהויבן קלאַ־מערן זיך אָן די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וואָס ער האָט פאַרכאַפּט, און אייַ־פערזיכטיק צוריקטרייבן די יוגנט פון זיי.

האָט זיך טאַקע די יוגנט אָנגעהויבן אַרומבלאָנקען אָן אַ ציל און אָן אַ צוועק. זי האָט זיך אַרומגעדרייט אַ הילפלאָזע און אַן אַנטוישטע, וואַרטנדיק אויפן טאַטנס חסד פאַר אַ פּעקל סיגאַרעטן אָדער אַ קוואָדער פאַר אַ מאָווי.

פאַר כּמעט 10 יאָר צייט האָט זיך די יוגנט אַזוי "געפּלאָנטערט אונטער די פיס", — ווי אַן איבעריקער דור, אַ פאַרלאָרענער דור. קיינער האָט זיי ניט געדאַרפט, און זיי האָבן אונדז פאַרשאַפן נאָר קאָפּווייטיק . . .

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן כּמעט דורכוים ביז 1939. און דאַן, ביים סוף זומער פון אָט־דעם היסטאָרישן יאָר, איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה.

ערשט דאַן האָבן מיר זיך געכאַפּט, אַז מיר דאַרפן האָבן די יוגנט. די מלחמה האָבן מיר אָן איר ניט געקאָנט פירן . . .

דער רוף איז געקומען צו דער יוגנט און זי האָט זיך אָפּגערופן. הונדערטער טויזנטער יונגעלייט ביי אונדז אין לאַנד האָבן אפשר ערשט דאַן געקראָגן זייער ערשטע געלעגנהייט צו פאַרדינען אַליין אַ פּאָר דאָלאַר, צו קויפן סיגאַרעטן פאַר אייגענעם געלט, אַרויסצונעמען אַ מיידל אין אַ מאָווי און באַצאָלן פון זייערע אייגענע פאַרדינסטן . . .

מיר האָבן פּלוצים דערפילט, ווי נויטיק די יוגנט איז פאַר אונדז. אָבער איצט האָבן מיר זי נאָך אַלץ ניט געקאָנט אויסנוצן פאַר אונדזער עקאָנאָמישן לעבן, — דאָ זיינען נאָך אַלץ גוט געווען די עלטערע, די שוואַ־כערע, די פרויען. די יונגע האָבן מיר געדאַרפט פאַר דער זייער ערנסטער אַרבעט אויף די פראָנטן . . .

און נאָך זעקס יאָר איז די יוגנט געהאַלטן געוואָרן פונדערווייטן פון אונדזער עקאָנאָמישן לעבן. איצט איז זי טאַקע געווען פאַרנומען און באַשעפטיקט, אָבער אויפן געביט פון קאַמף און פאַרניכטונג.

* * * * *

ערשט איצט, נאָך אַנדערהאַלבן צענדליק יאָרן, הויבט זיך אָן ווייזן צוריק אָט־דער פאַרלאָרענער דור אין אונדזער עקאָנאָמישן לעבן. פאַר אונדזער היגן יידישן ישוב, וואָס איז איבערוועגנדיק אימיגראַנטיש (אויף וויפל ס'איז שייך עקאָנאָמישער אַקטיוויטעט) איז דאָס אַ באַזונדערס וויכטיקע פּאַסירונג: מיר הויבן ערשט איצט אָן זען אונדזער היי־געבוי־רענעם דור איינגלידערן זיך אינם עקאָנאָמישן לעבן.

און אַז די יוגנט ווערט עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיק, הויבט זי אָן

ווערן געזעלשאפטלעך אקטיוו. און זי הויבט טאקע אן שפּילן אלץ א וויכ־
טיקערע ראָל אין אונדזער היגן געזעלשאפטלעכן לעבן.

די יוגנט האָט דורכגעמאכט א גאנץ אנדער שול אין לעבן, ווי מיר,
דער אימיגראנטן דור. זי איז אויך ניט געבאָרן געוואָרן אין א זיידן
העמדל, און אין פארגלייך מיט די שווערע דערפארונגען, וואָס מיר האָבן
געהאט, האָט זי דורכגעמאכט וואָסערע צען יאָר פון ארבעטלאָזיקייט און
א געפיל פון נוצלאָזיקייט, און דערנאָך פינף־זעקס יאָר פון מלחמה.

אָבער פאָרט זיינען אירע דערפארונגען געווען גאנץ אנדערש ווי
אונדזערע, און איר דערציונג איז געווען אַן אנדערע. מיר דארפן דערפאַר
גרייטן זיך צו וויכטיקע ענדערונגען סיי אינם עקאָנאָמישן און סיי אינם
געזעלשאפטלעכן לעבן פונם יידישן ישוב דאָ.

יוני 21טן, 1946.

# צוריק צו די נביאים

איך האָב ניט מורא פאַר אַ זיג פון היטלערן אין דער דאָזיקער מלחמה. טאָמער וואָלט געקאָנט נאָך זיין אַ וואָלכער ס׳איז צווייפל אין דעם אויסגאַנג, פאַרשווינדט ער, ווען מיר הערן די ראַדיאָ רעדעס פון היטלערן, פון איין זייט, און פון טשוירטשיל, טשעמבערלען אָדער האָור־בעלישאַ, פון דער אַנדערער.

היטלער רעדט היסטעריש. ער שרייט, ער רעוועט, ער קוויטשעט אַזש אין די העכערע טענער. ער סטראַשעט, ער שרעקט מיט געפערלעכע זאַכן.

און טשוירטשיל, דער פייערדיקסטער פון די דערמאָנטע דריי, רעדט קאַלטבלוטיק, רויִק, — אַזוי רויִק, אַז אויב היטלער הערט זיינע רעדעס, דאַרף ער קראַפּירן. ער סטראַשעט ניט, נאָר ער רעדט מיט ציפערן און מיט פאַקטן.

קאָנט איר שוין אורטיילן, ווער פון די צוויי צדדים האָט אַ בעסערן שאַנס צו געווינען די מלחמה, אפילו ווען אַלע אַנדערע פאַקטאָרן וואָלטן געווען גלייך צווישן זיי, און דער איבערוואָג אויף דער זייט פון ענגלאַנד און פראַנקרייך איז דעם גוואַלדיק גרויס אין אַלע הינזיכטן.

האָב איך ניט מורא פאַר אַ נאַצישן זיג, און איך האָב שוין זייער ווייניק מורא פאַר אַ פּריצייטיקן פרידן, וואָס וואָלט במילא געמיינט אונטער די איצטיקע אומשטענדן אַ היטלער זיג און אַ פאַשיסטישע כוואַליע וואָס וואָלט פאַרפלייצט די וועלט. טשוירטשילס לעצטע רעדע, דעם זונטיק, איבערציינגט, אַז די געפאַר פון אַזאַ היטלער־פרידן איז ניט אין אויסזיכט: דזשאָן בול האָט זיך איינגעקלאַמערט מיט די ציין מיט בולדאָג עקשנות, און ער וועט שוין ניט אָפּלאָזן וואו דער שונא וועט ניט ליגן אין אויסגעצויגענער.

* * * * *

וואָס עס דאַרף אונדז יאָ באַאומרויִקן איז דאָס, וואָס עס קאָן פון דער מלחמה און פון אונדזער זיג אַרויסקומען.

אונדזערע אַליִירטע רעגירונגען האָבן נאָך קלאָר ניט פאָרמולירט די צילן פון דער מלחמה. זיי האָבן ווענן זיי דערוויל גערעדט נאָר

אין אלגעמיינע שטריכן, — "צו פארניכטן דעם היטלעריזם און דאס וואס ער שטעלט מיט זיך פאר".

מיר ווייסן אן ערך וואס דאס מיינט. מיר קאנען זיך אויך פאר־שטעלן, אז די אליאירטע דיפלאמאטן מוזן זיין פארזיכטיק מיט זייערע ווערטער און קאנען ניט אויסטייטשן אלץ וואס זיי מיינען דערמיט, ווייל נאצי דייטשלאנד איז ניט דאס איינציקע לאנד וואס פירט אן א היט־לעריסטישע פאליטיק פון אונטערדריקונג, שווינדל, פארראט און כאפ־לאפ, און עס לוינט זיך ניט זיי אויסצושפרייטן זייער מלחמה אויף נייע פראנטן.

אבער ווען אפילו די צילן זאלן זיין קלאר ווי דער טאג, איז נאך אלץ די פראגע, צי וועלן מיר זיי מיט אונדזער זיג טאקע באמת דער־גרייכן. האט דאך פרעזידענט ווילסאן אין דער וועלט־מלחמה זייער קלאר פארמולירט די צילן פון דער מלחמה אין די בארימטע "פונקטן", און דער־גרייכן האט די מלחמה דערגרייכט פונקט דאס פארקערטע. אפילו אין אמעריקע אליין האט זי געפירט צו א שוידערלעכער פינצטערער רעאק־ציע, וועלכע ליגט א סך פון אונדז נאך גוט אין זכרון.

* * * * *

דער שרייבער פון אט די שורות האט תמיד איינגעשטימט מיט די וואס האבן געהאלטן, אז מלחמה איז ניט דער וועג צו לייזן פראבלעמען. היטלער האט אבער ניט גערעכנט זיך מיט אונדזערע מיינונגען און האט אויף דער וועלט ארויפגעצוואונגען די מלחמה. מיר האבן פון איר מער ניט געקענט אפזאגן זיך, סיידן מיר וואלטן אים געלאזן באהערשן די וועלט און צעטרעטן מיט די שטיוול די גאנצע מענטשלעכע ציוויליזאציע.

אויף אזויפיל פאסיפיסטיש זיינען מיר ניט געווען. אונדזער צד האט באשלאסן בעסער אויפנעמען דעם ארויסרוף, און פרובירן אפראטע־ווען די ציוויליזאציע.

דארף מען טאקע זען, אז די טעותן פון דער לעצטער מלחמה זאלן ניט איבערגעחזרט ווערן, און אז די ציוויליזאציע זאל טאקע אפגע־ראטעוועט ווערן. דארף דער גאנצער טאן פון אונדזער מלחמה פירער־שאפט זיין אן אנדערער. און מיר דארפן שטרעבן צו באזייטיקן אלע אורזאכן פאר דער אויפלעבונג פון היטלעריזם אונטער א נייעם נאמען.

* * * * *

לאזונגען אליין זיינען גארנישט ניט ווערט. מען קאן פארשקלאפן א וועלט מיט דערלייזערישע לאזונגען, ווי מיר ווייסן שוין פון ביטערער דערפארונג. אפילו נאציזם איז דאך אנגעפיקעוועט מיט דערלייזערישע

לאָזונגען. אפילו דעמאָקראַטיע קאָן זיין אַ מאַסקע פאַר די ערגסטע סאָרטן דיקטאַטור.

עס זיינען פאַר אונדז דערפאַר ניט אַזוי נויטיק לאָזונגען, ווי מע־שים. עס דאַרפן באַזייטיקט ווערן די אַלע אורזאַכן אין אונדזער אינטער־נאַציאָנאַלן לעבן צווישן פעלקער און די סאָציאַלע אורזאַכן אין די אינער־לעכע גרעניצן פון פעלקער, וואָס פאַרגיפטן דאָס לעבן פון מענטשן און פעלקער און וואָס פירן צו שנאה, קנאה, רייסערייען און כאַפּעניש, — אַ סיסטעם וואָס פירט צו הערשאַפט און גלאָריפיקאַציע פון ברוטאַלער מאַכט. אפשר איז איצט גאָר די פּאַסיקסטע צייט צו ווענדן אונדזערע אויגן צו אונדזערע אַלטע נביאים און צו דער לערע וואָס זיי האָבן געפּריידיקט מיט צוויי מיט אַ האַלבן טויזנט יאָר צוריק, — די לערע פון צדק און יושר.

ערשט ווען די וועלט וואָלט טאַקע באמת צוריקגעקערט זיך צו אָט דער לערע, צו ריינער, מענטשלעכער מאָראַל צווישן פאָלק און פאָלק און צווישן מענטש און מענטש, וואָלט אויך געקענט פאַרווירקלעכט ווערן די גרויסע וויזיע פון די נביאים, ווען מענטשן וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקער אייזנס, אַנשטאָט דעם וואָס זיי טוען עס איצט פאַרקערט.

נאָוועמבער 14טן, 1939.

## "אויף מאָרגן"

דעם שרייבער פון אָט די שורות קאָן מען ניט באַשולדיקן אין פּעסימיזם, אין שוואַרץ־זעעריי. ער ווערט גיכער באַשולדיקט אין צופיל אָפּטימיזם, — און איך קאָן ניט פאַרלייקענען, אַז איך בין אָפּט פאַר־פירט געוואָרן אין מיין גוינונג צו גלויבן אַז "אַלץ וועט זיך נאָך ענדיקן גוט". קיין חסרון זע איך ניט אין אַזאַ גוינונג. מיר זעט אויס, אַז ס'איז נאַריש צו פאַרביטערן זיך דאָס ביסל יאָרן מיט שטענדיקער זאָרג און מורא פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג.

ס'איז אָבער אויך גאָר ניט קיין שכל צו שפּיגן זיך בסדר מיט פאַלשע האָפענונגען. דאָס ווערט שעדלעך, ווען פאַרלאָזנדיק זיך אויף מזל, טוט מען גאָרניט אויף אָפּצווענדן די געפאַר (אַזוי איז געווען קאַטאַסטראָפאַל דער אָפּטימיסטישער גלויבן, אַז "די מאַזשינאָ ליניע וועט אויסהאַלטן").

מיר דאַרפן זיך דערפאַר בעסער ניט פאַרלאָזן אויף נייע "מאַ־

זשינאַ ליניעס" נאָך דער מלחמה. מיר דאַרפן בכלל ניט דערוואַרטן קיין צו גרויסע גליקן אויף מאָרגן נאָך דער מלחמה, — אויף גליקן, וואָס מען וועט אונדז דערלאַנגען פּאַרטיקערהייט, אויף אַ טעלערל.

דער שרייבער פון אַט די שורות האָט דערפאַר געהאַט גערעכנט פאַר זיין חוב צו וואָרענען די יידישע עפנטלעכע מיינונג, אויף וויפל ער קען זי דערגרייכן, אַז אונדזער זיג אין דער מלחמה אליין וועט נאָך ניט שאַפן קיין גן־עדן אויף דער ערד, אַז ס'איז דאָ די געפאַר אַז היטלעריזם זאָל זיגן, כאָטש היטלער וועט געשלאָגן ווערן, און אַז פאַר אַ גן־עדן וועט מען נאָך דאַרפן קעמפן, כאָטש מיט גאַנץ אַנדערע מיטלען, ווי מלחמה. אונד־זער זיג איז וויכטיק בלויז דערפאַר, ווייל ער וועט דערמעגלעכן אָט דעם קאַמף.

* * * * *

איך קען פאַרשטיין די ראַזעווע פאַרבן, מיט וועלכע ה. לאַסקי, אינטעלעקטועלער וואָרט־זאָגער פון דער בריטישער אַרבעטער פּאַר־טיי, מאָלט די מעגלעכע וועלט אויף מאָרגן נאָך היטלערס מפּלה. איך קען פאַרשטיין זיין אויספיר פון אַ מעגלעכן "סאָציאַליזם מיט אַלעמענס הסכם". עס רעדט פון אים אַרויס שכל־הישר און עס רעדט אַרויס טיפער געפיל. ס'איז נאַריש, ווילד, מענטשן זאָלן ווייטער לעבן אַזוי ווי ביז איצט, ווען אין די גרעניצן פון זייער באַלדיקער דערגרייכונג איז אַ בפירושער גן־עדן. מענטשן דאַרפן נאָר באַשליסן איבערצוברעכן מיטן אַלטן, אומ־געלומפּערטן לעבנשטייגער און אָנהויבן גיין אויפן וועג וואָס ער צייכנט אָן.

אַ סך פון אונדז קאָנען עס פאַרשטיין. אָבער דער אומגליק איז, וואָס, ערשטנס, דערגרייכן ניט די לאַסקים אַלע מענטשן; צווייטנס, וואָס די וואָס ער דערגרייכט פילן אָפט ניט אַזוי ווי ער, און, דריטנס, וואָס אַ סך זען דעם גן־עדן גאָר אין אַן אַנדער ליכט, און אָפט אין אַ גאָר פאַרקערטער ריכטונג.

ס'איז די גרעסטע אוטאָפּיע צו גלויבן, אַז די צוויי ביליאָן מענ־טשן וואָס זיינען נאָך דאָ אויף דער וועלט (מי־יודע וויפל וועלן נאָך אויס־געקאָסיעט ווערן ביז סוף פון דער מלחמה), — אַז די צוויי ביליאָן מענטשן זאָלן אין איין שיינעם פרימאָרגן איינשטימען אויף אַן אַלגעמיי־נעם פּראָגראַם פאַר אַלגעמיינעם גליק!

* * * * *

אוודאי מוז די מלחמה גרינדלעך איבערטרייסלען מענטשלעכע באַגריפן, אויסרייסן איינגעוואָרצלטע פאַראורטיילן, אָבער אָט די ענדע־רונגען קאָנען גיין צום ערגערן, פונקט ווי צום בעסערן.

די מלחמה איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט טאַקע, אָבער איר חורבן איז שוין גוואַלדיק גרויס. האָט איר אָבער באַמערקט אַ וועלכע ס'איז גרינדלעכע ענדערונג אין דער מענטשלעכער מאָראַל? האָט איר געזען עפּעס סימנים פון חשבון הנפש, תשובה און חרטה?

פּוילן האָט שוין אויסגעטרונקען דעם ביטערן בעכער ביזן דעק. אָבער די פּאָליאַקן האָבן זיך פּאַקטיש ניט געביטן. זייער אַנטיסעמיטיזם איז געבליבן, און איר וועט געפינען זייער ווייניק פּאָליאַקן וואָס זאָלן אָפּזאָגן זיך פון פּוילנס אַלטע אימפּעריאַליסטישע חלומות. אויב געוויסע פּוילישע שטאַטלייט טרייסלען זיך איצט אָפּ פונעם אַנטיסעמיטיזם, איז עס נאָר דערפאַר ווייל עס לוינט זיך ניט.

אָדער נעמט גריכנלאַנד, — אַ קרבן פון פאַשיסטישן אַנגריף. ווען זיי האָבן אָנגעהויבן שלאָגן די איטאַליענער, האָט זיך ביי אַ סך גריכישע וואָרט־זאָגער צעפּלאַקערט דער אַפּעטיט, — זיי האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן "אַ גרויסן גריכנלאַנד", — "גרויס" ניט אין דער שפּראַך פון גייסט, נאָר אין דער שפּראַך פון אימפּעריאַליסטישער מאַכט!

נו, און וואָס מכוח דער סאָוועטישער פּאָליטיק? זי איז נאָך אַ באַשטעטיקונג פון דער גוואַלדיקער מאָראַלישער ירידה פונעם מין בענטש. און וווּ האָט איר געזען באַזונדער גייסטיקע דערהויבונג, חוץ אין אַ פּאָר געציילטע פאַלן?

* * * * * *

דער סוף פון אַ גרויסער מלחמה געפינט די מענטשן וואָס זיינען געוועזן פאַרוויקלט אין איר אַנטוישט, פאַרביטערט און פּאַסיוו. זיי קוקן אַרויס אויף אימעצן וואָס זאָל זיי פאַרשפּאָרן צו טראַכטן און זאָרגן זיך, — און דעמאַגאָגן, רעאַקציאָנערן און דיקטאַטאָרן נוצן געוויינלעך אויס די געלעגנהייט צו פאַרכאַפּן די מאַכט.

עס איז דערפאַר אַ סך גלייכער פאַר אונדז, מיר זאָלן זיך וואָס ווייניקער פאַרלאָזן אויף דער באַלדיקער ישועה וואָס דער סוף פון דער מלחמה וועט ברענגען. פּונקט ווי מיר דאַרפן איצט אָנשטרענגען יעדער אונץ ענערגיע צו שלאָגן היטלערן, אַזוי וועלן מיר דאַרפן דערנאָך שטיין אויף דער וואַך קעגן אַ מעגלעכן זיג פון היטלעריזם.

מיר, אידן, דאַרפן אַוודאי "ניט לייגן זיך קיין פייגעלעך אין בוזים". אין אונדזערע פּלענער אויף נאָך דער מלחמה דאַרפן מיר ניט רעכענען אויף דער אויסראָטונג פונעם אַנטיסעמיטיזם מיט אַלע זיינע קאָמפּליקאַציעס, אַזוי שנעל ווי היטלער וועט אם ירצה השם אַנלייגן מיטן קאָפּ.

מאי 13טן, 1941.

# וועגן "נאָך דער מלחמה"

מאַרגע: נים געקוקט אויף אלע דראַענדיקע וואָרנונגען פון דער ציים זיינען זיך נאָך דאָ צווישן אונדז מענטשן, וואָס ריידן מיט אייזערנער זיכערקייט וועגן דעם "נאָך דער מלחמה", — גלייך ווי זיי וואָלטן עס געהאַט ביי זיך אין קעשענע, אפילו נים אין דער פאָרם פון א וועקסל, נאָר אין האַרטע מזומנים.

אייניקע פון זיי זיינען אויף אזוי פיל זיכער אין זייער זיכערקיים, אז זיי באַטראַכטן פאַר איבעריק וועלכע ס'איז אידישע צוגרייטונג צו באַגעגענען מעגלעכע שוועריקייטן נאָך דער מלחמה.

זיי גלויבן גאָר נים, אז אזעלכע שוועריקייטן וועלן זיין. זיי האָבן א פשוטן מאַטעמאַטישן חשבון, ווי אזוי נאָכן צוזאַמענברוך פון היטלערן (אין דעם דאָזיקן קומענדיקן צוזאַמענברוך צווייפלען מיר דאָך קיינער נים), וועט די וועלט אויפשטיין א נייע, א פרישע און איבערגעבויטע אויף יסודות פון פרייהיים, ברידערלעכקיים, שפע און אלע אנדערע גוטע זאַכן. אַט דער "לעתיד לבא" מוז קומען נאָך דער מלחמה. זיי צווייפלען נים דערינען. אנדערש וואָלט דאָס געווען "קעגן די געזעצן פון שכל־הישר", פון "צוויי מאָל צוויי איז פיר".

און באַלד ווי עס קומט במילא, טאָ צו וואָס זאָלן מיר, אידן, דרייען זיך א באַזונדער ספּאָדיק? אין אזא "מילעניום" וועלן אידן במילא האָבן א חלק מיט אלע אנדערע פעלקער. מיר וועלן נאָר דאַרפן האָבן הענט צו רייסן די פּאַרטיקע געבראָטענע טייבעלעך וואָס וועלן וואַקסן אויף די ביימער.

* * * * *

מאַרגע איז אָט די געשיכטע דערפאַר, ווייל באמת הויבן מיר נאָך נים אָן צו וויסן וואָס וועט פּאַסירן נאָך דער מלחמה. אפילו אונדזער זיכערקיים אין היטלערס מפּלה איז דאָך מער א גלויבן, ווי א זיכערקייט, און אָט דער גלויבן באַזירט זיך מער ווי אלץ אויף אונדזער ווילן צו זיגן און אויף אונדזער גרייטקייט צו ברענגען די גרעסטע קרבנות צו דערגרייכן דעם זיג, — און מיר ווייסן דערביי, אז אויב מיר זאָלן זיך אויסגלייטשען אין אונדזער גלויבן און קרבנות־גרייטקייט, וועלן מיר פאַר־לירן אפילו די מלחמה.

וואָס ס'איז שייך דעם נאָך־דער־מלחמה, זיינען, פאַרקערט, די אויסזיכטן גאָר נים קיין פריילעכע. אין בעסטן פאַל, וועט עס דאַרפן נעמען ציים צו ברענגען אביסל אָרדענונג אינם שרעקלעכן כאַאָס, צו היילן די בלוטנדיקע ווונדן, צו שטילן דעם נקמה דאַרשט, אויסצוואָרצלען די

שנאה און ברוטאַליטעט און צו באַזייטיקן דעם געפיל פון קעגנזייטיקן אומ־צוטרוי צווישן מענטש און מענטש, און צווישן פאָלק און פאָלק.

דאָס דאַרף, אין בעסטן פאַל, נעמען צייט, ניט געמאָסטן מיט דער צייט פון יחיד, נאָר צייט אין געשיכטלעכן פאַרנעם. עס רעדט זיך וועגן אַ גאַנצן דור, אָדער, גיכער, גאַנצע דורות.

מען דאַרף באמת גלויבן אין־נסים, אויב מען האָפט אַז דאָס אַלץ קאָן דערגרייכט ווערן מיט אַ פיר מיט דער פען, — מיטן אונטער־שריפט פון אַ פרידן טראַקטאַט. אָבער נסים פאַסירן נאָר דאַן, ווען דער דור איז ראוי פאַר דעם.

און ווער קאָן דאָס באַהויפּטן אַז אונדזער דור קאָן אַרויסרופן אַזעלכע נסים?

* * * * *

פאַר אונדז, אידן, איז עס באַזונדער געפערלעך צו לייגן זיך פויי־געלעך אין בוזים. די אויסזיכטן פאַר אונדז זיינען בפירוש ניט קיין גוטע, און אויב מיר וועלן ניט מאָביליזירן באַצייטנס אונדזערע אָרגאַני־זאַציאָנעלע און מאָראַלישע כוחות, האָבן איך זייער מורא, אַז קיין צרות וועלן אונדז ניט פעלן.

מיר דאַרפן דאָ ניט פאַרקריכן אין צו ווייטע דרכים. מיר וועלן דאָ ניט דיסקוטירן די קאָמפּליצירטע טענדענצן פון היינטיקער געשיכטע, וואָס זאָגן אונדז ניט אָן קיין גוטעס. מיר וועלן דאָ בלויז דערמאָנען אַלע אונדזערע זעלבסט־זיכערע אָפּטימיסטן, אַז דער אַנטיסעמיטיזם האַלט אין איין שטייגן, און גראַד אין די פרייהייט־ליבע לענדער, וואָס קעמפן קעגן היטלערן, — אין ענגלאַנד, אין אַמעריקע און טאַקע ביי אונדז אין קאַנאַדע. אַלע וואָס האָבן אויגן, זען עס.

און אַנטיסעמיטישע טענדענצן, כידוע, קאָנען ניט אויסגעוואָרצלט ווערן דורך געזעצן. וויפל מען זאָל זיי ניט שטיקן (אויב מיר וועלן אָננעמען אַז מען וועט זיי שטיקן) געפינען זיי זייער אויסדרוק אינם עפנטלעכן לעבן און מאַכן אָפּט אַ תל פון די ״גלייכע רעכט״ וואָס זיינען אונדז גאַראַנטירט דורך די געזעצן.

* * * * *

אָפּטימיזם איז זייער אַ גוטע זאַך. דעם שרייבער פון אָט די שורות וואַרפט מען אָפּט אויף, אַז ער איז צופיל אָפּטימיסטיש.

אָבער אָפּטימיזם מיינט הויפּטזאַכלעך גלויבן אין אייגענע כוחות, אין דער אייגענער פעיקייט צו קאָנטראָלירן געוויסע לעבנס פּראָצעסן, צו

באזינגן שערלעכע טענדענצן אינם לעבן, און, אין פאל פון א גרופע אדער א פאלק, "דרייען אליין דעם ראד פון דער אייגענער געשיכטע", ווי דאס רעדט זיך.

אבער סתם צו פארלאזן זיך אז אלץ וועט במילא זיין גוט, איז ניט אפטימיזם, נאר פאטאליזם פון דעם ערגסטן סארט. עס איז גלייך ווי גיין אינמיטן גאס און געדיכטסטן פארקער מיטן גלויבן, אז "וואס באשערט איז באשערט", און אויב עס איז ניט באשערט, וועט אייך קיין אויטאמאביל ניט איבערפארן.

זייער ווייניק מענטשן וועלן אין זייער פריוואטן לעבן און אין זייערע פריוואטע געשעפטן פארלאזן זיך אויף נסים. אויפן חשבון פונם כלל איז מען אבער זייער ברייטהארציק . . .

יאנואר 16טן, 1942.

## דער מוסר השכל פון די 750

נאך 750 יידן האבן זיך אט געהאט ארויסגעריסן פונם שוידערלעכן נאצישן גיהנום אין רומעניע און בולגאריע, ס'איז זיכער געווען א שווערע און מסירת נפשדיקע אויפגאבע: א בייזע חיה לאזט ניט ארויס אזוי לייכט א קרבן פון אירע נעגל. און אז שוין דערשלאגן זיך צו א ים ברעג, איז דא א נייער עטאפ אויפן וועג פון פיין: גיי קריג א שיף וואס זאל דיך ארויספירן, און א פלאץ וואוהין צו פארן.

אבער אויך די שוועריקייט באזיגט. געקראגן א קליין שיפל, אין וועלכער אלע פליטים האבן זיך אריינגעפאקט ווי הערינג אין א פעסל. און געלאזן זיך אינם "מולטערל" איבער די שטורעמדיקע כוואליעס פונם שווארצן ים אויף גאטס באראט.

קיין ענטפער אויף דער פראגע "וואוהין"? האבן זיי טאקע ניט געהאט, אבער אז מען רייסט זיך ארויס פון א נעסט פון שלאנגען און עקדישן פרעגט מען ניט "וואוהין", — מען לויפט וואוהין די אויגן טראגן. נאך אלעמען, לויפן זיי דאך פארט פון סדום, און ניט קיין סדום.

אין דרויסן איז דאך א וועלט וואס קעמפט אויף לעבן און אויף טויט קעגן דעם ברוטאלן נאציזם און זיינע סדומישע פירעכצן, און פאר דער שאפונג פון א יושרדיקער, מענטשלעכער, רחמנותדיקער וועלט. איז ווי וועט מען דאס לאזן אונטערגיין 750 נפשות, פאר וועמעס באפרייאונג און מעגלעכקייט צו פירן א מענטשלעך לעבן מען קעמפט עס איצט מיט דער גרעסטער בלוט־פארגיסונג?

אַ, ערגעץ וועט זיך שוין אָפּזוכן אַ פריינדלעך פאָלק וואָס וועט זיי געבן אַ מקום־מנוחה.

ניין, אַזאַ פאָלק האָט זיך ניט געפונען. אַזאַ לאַנד איז ניט געווען אין דער גרויסער דעמאָקראַטישער וועלט. בלויז דער ים איז געווען גרייט זיי אויפצונעמען און האָט פאַר זיי געעפנט — אַן אייביקן קבר . . .

טערקיי האָט זיי גאָר לכתחילה ניט דורכגעלאָזן דורכן באָספאָרוס, — זיי זיינען דאָך געווען מענטשן אָן וויזעס, און פאַר אַזעלכע איז ניטאָ קיין פּלאַץ אויף גאָטס ערד. ארץ ישראל, דאָס "יידישע היימלאַנד" איז פאַר זיי פאַרשפּאַרט, — ווייל די בריטישע אימפּעריע, וואָס קעמפט איצט פאַר יושר, האָט נאָר פאַר זיי אַזויפיל יושר, וויפל דאָס ווייסע פּאַפּיר באַשטימט. און די אַנדערע לענדער האָבן אפילו אַזויפיל יושר אויך ניט פאַר אידישע נע־ונדניקעס.

וואָלט דאָך טערקיי סוף־כל־סוף געמוזט אַליין האַלטן זיך מיט זיי, — האָט זיך ביי איר שוין לאַנג אויסגעשעפּט דער קוואַל פון יושר און מענטשלעכקייט. האָט זי די 750 געטריבן צוריק, — צוריק אינם גיהנום פון וועלכן זיי האָבן קוים מיט צרות און פּיין זיך אַרויסגעראַטעוועט.

דער ים האָט זיך אָבער אויף זיי מרחם געווען, און האָט געמאַכט אַ סוף צו זייערע צרות, — זיי האָבן געפונען רעטונג פון מענטשלעכער רישעות און אייביקע רו אויף זיין דעק.

* * * * *

און אונדז האָט דערגרייכט די קאַלטע, שאַדנפריידיקע ידיעה פונם פיינדלעכן ווישי: נאָך 750 יידישע פּליטים אומגעקומען אין אַ שיף־ברוך אויפן ים.

איך בין ניט זיכער צי איר האָט באַמערקט אָט די נייעס, און אויב יאָ, צווייפל איך, אויב איר האָט איר געשענקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט. וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן היינטיקע צייטן נאָך 750 נפשות!

ס'איז אָבער פאַרט ניט בלויז "נאָך 750 נפשות". ס'איז ניט דאָס זעלבע וואָס אַזויפיל און אַזויפיל געהרגעטע אין שלאַכט, און טאָרפּעדירן אַ שיף, אין דער באַמבאַרדירונג פון אַ שטאָט, אפילו ניט דאָס זעלבע וואָס אויסגעמאָרדעט אין אַ פּאָגראָם.

מלחמה איז אַ ביטערער עסק, אָבער עס זיינען דאָ צוויי צדדים וואָס הרגענען איינער דעם צווייטן כדי אַליין ניט געהרגעט צו ווערן. פּאָגראָמען זיינען גרויזאַם און שענדלעך, אָבער פּאָגראָמען ווערן געוויינ־לעך געמאַכט פון אַ קליינער גרופּע, וואָס ווערט פאַרדאַמט און פאַראַכטעט פון דער מענטשלעכער וועלט פאַר איר ברוטאַליטעט.

אין דעם פאַל פון די 750 איז אָבער די גאַנצע וועלט איין גרויסער סדום. עס זיינען שולדיק ניט נאָר די וואָס טרייבן זיי, נאָר אויך די וואָס פאַרהאַקן די טויערן און נעמען זיי ניט אויף. אַזאַ ברוטאַליטעט איז נאָך ניט באַקאַנט אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

אין די אַלטע צייטן האָבן די אידן געפונען אַ מקום מקלט אין מצרים, לויפנדיק פון די בבלים, און אין בבל און פרס, לויפנדיק פון די רוימער. נאָכן גירוש שפּאַניע האָבן אידן געפונען אַ רו אָרט אין טער־קיי, און אפילו אינם פּאַבסטס רוים.

* * * * *

וואָס טראַכט איר פון איינעם וואָס זאָגט אַזוי: "אַט, לאָמיך איצט גנבענען, רויבן, שווינדלען, ביז איך וועל אָנזאַמלען אַ פאַרמעגן. דערנאָך, אימירצעשעם, אַז איך וועל שוין קאָנען לעבן זיכער און רויִק, וועל איך ווערן אַן ערלעכער מאַן און וועלן געבן צדקה"...

און וואָס וועט איר זאָגן אויף אַ וועלט וואָס קעמפט פאַר יושר און מענטשלעכקייט — ערשט נאָך דער מלחמה, ווען זי וועט לעבן אין רויִקייט, פרידן און פּראָספּעריטעט, — און וואָס איז דערווייל אַ סדום?

גלויבט איר עס איר, אָ, איר אָפּטימיסטן, וואָס זאָגן אַז "לאָמיר נאָר שלאָגן היטלערן וועט שוין אַלץ זיין גוט!"

אוודאי דאַרפן מיר שלאָגן היטלערן, אָבער דערמיט שלאָגן מיר נאָך ניט דעם היטלעריזם, וואָס איז אַזוי טיף איינגעוואָרצלטע אפילו צווישן אונדז, וואָס קעמפן קעגן היטלערן.

אָט זעט נאָר, ווי די וועלט וועט בלייבן טויב און שטום צום טראַגישן גורל פון די 750. אויב די ניט־אידישע פּרעסע האָט נאָך ערגעץ אין אַ ווינקעלע דערמאָנט וועגן דעם, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל זי זעט דערינען אַ שטיקל אַנטי־היטלער פּראָפּאַגאַנדע. זי באַגרייפט גאָרניט, וואָס פאַר אַ גוואַלדיקער באַשולדיקונג אַקט דאָס איז קעגן אונדז אַליין!

פעברואַר 27טן 1942.

## טרייבט ניט איבער

די נביאים האָבן מיט פייערדיקע ווערטער געשטראָפט דאָס פאָלק און געשילדערט זיין חורבן. אָבער נביאים האָבן חוץ שטראָף־רייד אויך געהאַט ווערטער פון רחמנות, פון טרייסט און פון גרויסע וויזיעס פאַר דער צוקונפט.

שוין ביז אין אונדזערע צייטן האָבן מיר געהאַט מגידים און מוסר־זאָגערס וואָס האָבן געשטראָפט דאָס פאָלק פאַר זיין געפאַלנקייט און אָפּגעלאָזנקייט, און האָבן אים געסטראַשעט מיט די שרעקן פון גיהנום. אָבער יעדער מגיד און מוכיח האָט, לויט אַן אַלטער אידישער טראַדיציע, פאַרענדיקט זיין דרשה מיט "ובא לציון גואל", — וואָס האָט געמיינט: "ניט געקוקט אויף אַלע זינד, צרות און ליידן, וועט נאָך קומען די ישועה".

אָבער א. גאָלאָמב האָט פאַר אונדז ניט קיין איינציקן וואָרט פון טרייסט און דערמוטיקונג. ער זעט נאָר שוואַרץ. ער גלויבט, אַז מיר קאָנען זיך ניט אויסדרייען פונם גורל פון אונדזערע ברידער אין אייראָפּע.

סיידן . . . סיידן מיר זאָלן "תשובה טאָן", — אויפן מאָדערנעם אופן, נאַטירלעך. אָבער דאָס איז פאַר אונדז קיין טרייסט ניט. זיין תשובה רעצעפּט איז אַזאַ שווערע, אַז ער אַליין גלויבט ניט מיר זאָלן אים ווען אננעמען. ער האָפט אַליין קוים אויף מער ווי ל"ו צדיקים.

* * * * *

אין זיין לעצטן פעליעטאָן אין דא"וו (ראש השנה אויסגאַבע) דערציילט א. גאָלאָמב וועגן זיין דערפאָרונג אין צוויי לענדער, וווּ יידן האָבן זיך געטרייסט מיטן חלשותדיקן "טרייבט ניט איבער" און האָבן זיך ביטער אָפּגענאַרט. די לענדער זיינען פוילן און ארץ ישראל, וואו יידן האָבן געגלויבט אין זייערע ניט־יידישע שכנים, און יענע האָבן זיי דערנאָך איבערגעצייגט מיט פּאָגראָמען.

דאָ, אין קאַנאַדע, הערט ער ווידער דעם "טרייבט ניט איבער", און, לויט זיין לאָגיק קומט עס אויס, אַז דער רעזולטאַט פון אַזאַ "טרייבט ניט איבער" מוז אַלעמאָל זיין דער זעלבער: פּאָגראָמען.

נאַטירלעך, וואָלט ער געקענט ברענגען נאָך שטאַרקערע ראיות פון לענדער וואו ער פערזענלעך האָט ניט געוווינט. די פראַנצויזישע יידן, למשל, האָבן געהאַט בכלל פאַרגעסן אַז ס'איז דאָ אַנטיסעמיטיזם אויף דער וועלט, און — איר זעט דאָך?

נו, איז וואָס זשע הייסט עס? דאָס מיינט, אַז סוף יידן לפּאָגראָם. מיר קענען עס ערגעץ ניט אויסמיידן. אונדז קאָן זיך אויסדוכטן אַז מיר קאָנען אין אַמעריקע אויסמיידן פּאָגראָמען, אָבער א. גאָלאָמב וואָרנט אונדז קעגן אַזאַ אילוזיע.

* * * * *

דער שרייבער פון אָט די שורות האָט אַליין געוואָרנט זיינע לייענער פאַר א סך יאָרן אַז זיי זאָלן זיך ניט איינריידן אַז "דאָ קאָן עס ניט

פאסירן". ער גלויבט, אז אונטער געוויסע באדינגונגען קאן דער אנטי־סעמיטיזם אויפהויבן דא זיין קאפ און ווערן דא באלעבאס, — און דאס האט פאסירט אין א סך לענדער. א נאצישער זיג, חלילה, וואלט זיכער געפירט צו דעם אין אמעריקע.

דערפאר גלויב איך, אז אונדזער אויפגאבע איז צו פארשטארקן אונדזער אינערלעכן אידישן פראנט, כדי אריבערצוטראגן די שווערע צייטן וואס קאנען אויף אונדז קומען (נאטירלעך, איז דאס נויטיק אויך צוליב אונדזער אייגענער חשיבות). מיר דארפן אבער אויך גלויבן אין א בעסערער צוקונפט, ווייל אן דעם גלויבן קאנען מיר ניט האבן קיין כוחות אריבערצוטראגן די צרות.

ווען איך וואלט אבער געווען אזא פעסימיסט ווי א. גאלאמב, און וואלט געגלויבט אז דא און אומעטום מוז "דאס" פאסירן, דאן וואלט איך געווען דער ערשטער צו ראטן דאס יידישע פאלק צו באגיין זעלבסטמארד אויף א גרויסן און גרינדלעכן מאסשטאב. ווייל צו מוטשען זיך, אן האפע־נונגען, האט ניט קיין זינען.

מיר מוזן דאך לעבן צווישן אומות העולם. ווען מיר זאלן אפילו זיין אין אן אייגענעם לאנד, וועלן מיר אלץ זיין א קליין פאלק צווישן זיי. און אויב זיי זיינען באמת וועלף און מוזן פארבלייבן אזעלכע, דאן קאנען מיר ניט האבן קיין שום האפענונג, און די בעסטע זאך פאר אונדז וואלט געווען אויסגעראטן צו ווערן, רחמנא לצלן, אין איין דור צייט, אנשטאט צו מוטשען זיך אויף אייביק.

* * * * *

איידער ער איז אנגעקומען קיין פוילן און האט דארטן געהערט דעם בארימטן "טרייבט ניט איבער", איז ח' גאלאמב געווען אין קאמור־ניסטישן רוסלאנד. מסתמא ווייס ער דאך וואס דארטן האט פאסירט: וואסערע טענות מיר זאלן ניט האבן צום רוסישן רעזשים, אבער דעם אנטיסעמיטיזם האט ער דערשטיקט, אדער, אמווייניקסטנס, ארונטערגע־טריבן אונטער דער ערד. און דאס אין רוסלאנד — נאך רומעניע דאס "קלאסישסטע" פאגראמען לאנד.

הייסט עס דאך, אז צווישן גויים זיינען אויך דא כוחות וואס זיי־נען קעגן פאגראמען. מיר מוזן עס צוגעבן, ווי מיר זאלן ניט זיין "אנטי־סעמיטן" אויף גויים. ווי אן ערך ביי אונדז, אבער אונטער אנדערע אומ־שטענדן, זיינען ביי זיי אויך דא כוחות פון גוטס, און כוחות פון בייז. זיי קעמפן צווישן זיך, — און איינמאל געווינט איין צד, און א צווייטן מאל, א צווייטער, און דער געווינענדיקער צד האט דעם כוח ארויפצוצווינגען זיין ווילן.

דאָ, ביי אונדז, קאָן "דאָס" פּאַסירן, ווען עס זאָלן געווינען די פאַשיסטישע כוחות. פאַר אונדז וועט עס זיין זייער שלעכט, אָבער איבער־ריק גוט וועט עס אויך ניט זיין פאַר אונדזערע ניט־יידישע שכנים.

אָבער זיי, אַט די כוחות, מוזן בשום אופן ניט געווינען. אויך די בייזע כוחות אין אייראָפּע, גלויבן מיר, וועלן פאַרלירן, — עס וועלן גע־ווינען די הייפּעלעך פראַנצויזן, די האָלענדער, בעלגיער, נאָרוועגער, טשע־כן, אאַ"וו, וואָס זיינען זיך איצט מוסר־נפש ארויסצוהעלפן די גערודפטע יידן.

אין אָט דעם גלויבן שעפּן מיר כוחות אינם קאַמף פאַר אונדזער עקזיסטענץ. דאָס גיט א גרויסן זינען צו אונדזער קאַמף. אָן דעם גלויבן איז דער קאַמף ניט כדאי, — און דערפאַר טאַקע, — "היט זיך, טרייבט ניט איבער!"

סעפּטעמבער 15טן, 1942.

# שטעטלעך אין די נייעס

אין משך פון די לעצטע וואָכן לייענען מיר אין די מלחמה נייעסן נעמען פון שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען אינטים פאַרבונדן מיט די קינדערשע זכרונות פון דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות. פון אָט די נעמען האָט מער ווי ווען פריער א קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ מיטן באוואוסט־זיין פון א חורבן, וואָס קען מער קיינמאָל ניט אויפגעבויט ווערן.

ווייס־רוסישע שטעט און שטעטלעך זיינען געווען יידישע, זייער גאנצער פרצוף איז געווען א יידישער. עס זיינען אין זיי אויך געווען ניט־יידן, — אָבער יענע האָבן זיך "אויסבאַהאַלטן", און די פאָרשטאָ־טיקע געסלעך פאַרפלאָנצט מיט סעדער און גערטנער, — די א"ג "סלאָ־באָדעס", ווו א יידיש קינד פלעגט ציטערן אריינצושמעקן, אוים מורא פאַר הינט און פאַר שקצים; בעת אין די צענטראַלע טיילן פלעגן די איינ־צלנע ניט־יידן מערסטנס זיין נאָר די רעגירונגס באאמטע, וואָס פלעגן מער לעבן פון כאבאר, ווי פון זייערע געהאַלטן; די גלחים, און א קליינער קרייז פון רוסישע, אָדער רוסיפיצירטע אינטעליגענטן, וואָס פלעגן אוים־לעבן זיך אין אידישער געזעלשאפט, אפילו ווען זיי זיינען אליין געווען אנטיסעמיטן.

אין די שטעט איז געווען א יידיש לעבן, איינגעוואָרצלט פאַר דורות. אלץ אין זיי איז געווען אונטערן חותם פונם יידישן לעבן. אפילו די רוסישע קולטור איז געווען אין יידישע הענט, און ווען ניט די יידן, וואָלט אין זיי, למשל, קיין רוסיש טעאטער ניט געקענט עקזיסטירן.

אין אזא גרויסער שטאָט ווי האָמליע (האָמעל) פלעגט אפילו דער פּאָליציימײַסטער, דער פאַקטישער צאַר פון שטאָט, מוזן איינקויפן זיך ערב־שבת. אין דער גאַנצער שטאָט געדענק איך נאָר איין באַקאַלייַ קראָם בײַם מאַרק וואָס איז געווען אָפן שבת, — אַ גוישע. נאָר איין גוישע קראָם געדענק איך ערגעץ אויף דער סלאָבאָדע.

* * * * *

יעדער שטאָט און שטעטל האָט געהאַט איר אייגענעם פּרצוף, איר אייגענעם כאַראַקטער, — געשאַפן פון דורות איינגעוואָרצלט, אייגנאַרטיק יידיש לעבן.

אָט האָט איר אין די מלחמה נייעס אַ שטעטעלע מיטן נאָמען קריטשעוו, וואָס האָט "זוכה געווען" צו ווערן אַ "מקום", אַ דיוויזיאָנער־לער אייזנבאַן פּונקט, לויט די צייטונגען. אין מיינע צייטן איז דאָס געווען אַ פאַרוואָרפן שטעטל, וואָסערע 30 ווערסט פון דער נאָענטער באַן, און די איינציקע פאַרבינדונג מיט דער גרויסנדיקער וועלט איז געווען דורך אַקס, איבער זייער בלאָטיקע אָדער זייער זאַמדיקע וועגן.

ביי אונדז פלעגט זיין אַ ווערטל, "אַ קריטשעווער אַנצוהערעניש" (אַנשטאָט אַ "קאַפּוליער" אָנצוהערעניש). ביי אונדז האָט מען געהאַלטן די קריטשעווער פאַר דורכגעטריבענע יונגען, און מיין אייגענע דערפאַרונג מיט קריטשעווער וואָס איך האָב באַגעגנט דאָ און דאָרטן האָט באַרעכטיקט די דאָזיקע מיינונג וועגן זיי . . .

אָדער פּראָפּאָיסק, — אַ שטעטל וועלכן עס איז באַשערט געווען צו ווערן אַ שם־דבר אין וויניפּעג, אַ דאַנק דער פּראָפּאָיסקער לאַנדסמאַנשאַפט. לויט ווי די לעצטע האָט זיך, קיין עין הרע, צעלייגט אין וויניפּעג, וואָלט מען געקאָנט מיינען אַז ס'איז עפּעס געווען אַ גרויסער כרך. אָבער באמת איז עס געווען נאָר איינס פון הונדערטער אַנדערע שטעטלעך, ווו יעדער איד האָט געוווסט וואָס עס קאָכט זיך אין די טעפּלעך ביי אַלע אַנדערע יידן אין שטעטל.

אָבער ס'איז געווען אַ שטעטל מיט כאַראַקטער, — אַן "אַריסטאָקראַטיש" שטעטל, אַזוי צו זאָגן, וואו יידן האָבן געלעבט אין פאַרהעלטנסמעסיקן וואוילשטאַנד. אויב איך מאַך קיין טעות ניט, האָב איך דאָרטן, דאַכט זיך, צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געזען אַ צוויי־שטאָקיקן "הימל־קראַצער".

און ווער רעדט שוין פון אַזאַ שטאָט ווי האָמליע, — אַן עיר ואם בישראל, מיט אירע 35 שולן און בתי מדרשים, מיט אירע ישיבות, לומדי תורה און פּרושים, און מיט אירע משכילים און רעוואָלוציאָנערן.

האַמליע, — די שטאָט פון י. ח. ברענער, הלל צייטלין, "מאַטעלע קאהאן" (מרדכי בן הלל הכהן), און פון בונד, סאָציאַליסטן, טעריטאָריאַ־ליסטן, פועלי ציון און אנדערע רעוואָלוציאָנערע גרופּן.

וואָס פאַר א געדיכט יידיש לעבן דאָרטן איז געווען איינגעפונ־דעוועט, און ווי קאָלירלייך דאָס לעבן איז געווען. וואָס פאַר א רייכער קאַליידאָסקאָפּ פון יידישע טיפּן און כאַראַקטערן, פון שווערמערס און טרוימערס!

* * * * *

אָדער אָט האָט איר אין די נייעס א "כרך" טשעריקאָוו, — מיין אייגענע קרייז שטאָט, וועלכע איך האָב געזען נאָר איין מאָל, פאַרבייפאָ־רנדיק אין א באַלעגאַלישער בויד.

אין מיין זכרון איז א לאַנגע גאַס אינמיטן פון וועלכער עס ציט זיך דער שאָסיי, און פון ביידע זייטן שאָפּיי — טיפע, שוואַרצע בלאָטעס, אַז ס׳איז סכנות נפשות צו מאַכן א טראָט אראָפּ פון שאָסיי.

און מאָהילעוו, מיין גובערנסקע הויפּטשטאָט, — אויך פון א באַ־לעגאַלישער בויד איבער א שאָסיי דורך א ים פון בלאָטע, ביז איר פאָרט אריין אין די צענטראַלע, שוין מערסטנס ברוקירטע גאַסן פון שטאָט.

בלאָטע איז בלאָטע. אָבער אין די הייזער און מערק, אין די שולן און בתי מדרשים, אין די הינטער הויפן און אויף די "בערזשעס" האָט גע־קאָכט און געברויזט א יידיש לעבן, א לעבן טיף איינגעוואָרצלט אינם באָדן, — און א לעבן באַהויכט מיט גרויסע אידעאַלן פון גאולה.

* * * * *

די שטעט און שטעטלעך זיינען איצט באַפרייט. זיי וועלן צוריק אויפגעבויט ווערן, — אפשר גרעסער און שענער ווי זיי זיינען געווען, און אָן בלאָטע.

אָבער די אַלטע נעמען וועלן זיין ניט מער ווי צוגעקלעפּטע נעמען, פונם יידישן לעבן איז קיין זכר ניט געבליבן, — די רשעים האָבן עס פאַרניכטעט.

אָקטאָבער 5טן, 1943.

## די צוקונפט פון די יידן אין אייראָפּע

די טראַגישע יידישע ידיעות פונם אייראָפּעישן גיהנום זיינען זייער קאַרג, און זיי זיינען אָפט סותר איינע די צווייטע. עס איז זייער שווער־

צו ריידן מיט וועלכער ס'איז מאָס פון זיכערקייט וועגן דער צאָל אידן וואָס איז נאָך פארבליבן אין אייראָפּע, און איבערהויפּט וויפל עס וועלן פארבלייבן ביז דער שעה פון דער דערלייזונג. איך אליין בין געגוייגט צו זיין אַן "אָפּטימיסט", אויב מען קאָן אזאַ וואָרט בכלל צופּאַסן צו אַזעלכע טראַגישע אומשטענדן. איך גלויב אָבער, אַז מיליאָנען מענטשן פון אַ באַשטימטן פאָלק איז ניט בכוח אויסראָטן אפילו אַזאַ טיכטיקע מאָרד מאַשין, ווי די נאַצישע.

אַ סך יידן וועלן זיך ראַטעווען פון די נאַצישע מערדער. איך גלויב און איך האָף אַז אפילו אין פּוילן, וואָס די נאַצים האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער שלאַכטהויז פאַר יידן, לעבן נאָך אַ סך יידן, — עס זיינען נאָך דאָ יידן אפילו אין וואַרשעווער געטאָ.

דער כוח פון לעבן איז זייער שטאַרק, און עס געלינגט אים אָפט צו באַזיגן דעם כוח פון טויט. מענטשן אַנטשלאָפן צו באַזיגן דעם מלאך המות זוכן אָפּט אָפּ מיטלען וואָס מיר, וואָס לעבן אונטער נאָרמאַלע באַדינגונגען, קאָנען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, — און זיי געווינען דעם קאַמף.

* * * * *

עס איז אונדזער אַלעמענס טיפסטער ווונטש, נאַטירלעך, אַז דאָס יידישע לעבן אין אייראָפּע זאָל צוריק אויפגעבויט ווערן, און אַז דאָס אייראָפּעישע יידנטום זאָל צוריק פאַרנעמען זיין אָנפירנדיקע ראָל אינם יידישן לעבן בכלל. דאָס איז, גלויב איך, דער הייסטער ווונטש פון יעדער יידן, — און אין מיינע אויערן קלינגט נאָך די וואָרנונג פון יידישע פירערס, ביי דער באַלטימאָרער פאַן־אַמעריקאַנער יידישער קאָנפערענץ, אַז מיר, אַמעריקאַנער יידן, זאָלן ניט וואַגן צו ירשענען די יידישע פירער־שאַפט, וואָס באַלאַנגט צום אייראָפּעישן יידנטום.

אָבער נאַרן זיך אין חשבון דאַרפן מיר אויך ניט בלויז צוליב סענטימענטאַלע אורזאַכן. ווי אָפּטימיסטיש מיר זאָלן ניט זיין וועגן דער צאָל פאַרבליבענע יידן איז אייראָפּע בכלל, און אין פּוילן בפרט, איז זיך ליידער שווער פאָרצושטעלן, אַז די אויסגעוואָרצלטע יידישע ישובים און זייערע פאַרניכטעטע אינסטיטוציעס זאָלן צוריק אויפגעבויט ווערן אויף אַ וועלכן עס איז באַדייטנדיקן פאַרנעם, און אַז אַט דער שארית הפליטה, פאַר פינף יאָר געפּייניקט מיט די אוממענטשלעכסטע פּייניקונגען און אין כסדרדיקן קאַמף פאַרן בלויזן לעבן, זאָל אין דער נאָענטסטער צוקונפט קאָנען אָננעמען אַן אָנפירנדיקע ראָל אינם יידישן לעבן.

אויף אַזוי פיל אָפּטימיסטיש קאָנען מיר ליידער ניט זיין.

עס זיינען נאָך דאָ פּוילישע יידן אין די הונדערטער טויזנטער, וועלכע עס איז געלונגען ארויסצוראטעווען זיך קיין סאָוועט רוסלאנד און אנדערשוווּ. ווען זיי קערן זיך אום קיין פּוילן, וואָלטן זיי געקאָנט ווערן א וויכטיקע באזע פאַרן אויפבוי פונם נייעם יידישן לעבן דאָרטן. אָבער ווילן זיי זיך אומקערן קיין פּוילן? איך צוויפל זייער. א קליינע צאָל אפשר יאָ, אָבער די מערסטע, גלויב איך, וועלן זיך ניט צוריקקערן.

זאָלן מיר אונדזערע "בונדישע" פריינט אין אמעריקע מוחל זיין: אפילו פיל פון די פון זיי, וואָס פאַרזיכערן אז די היים פון די פּוילישע יידן איז פּוילן, וועלן זיך ניט צוריקקערן קיין פּוילן, אויב זיי וועלן נאָר האָבן די געלעגנהייט צו פאַרבלייבן אין אמעריקע . . .

פאַרוואָס זאָלן יידן וועלן צוריקקערן זיך קיין פּוילן, אָדער קיין דייטשלאנד, אויב זיי האָבן א געלעגנהייט צו פאַרבלייבן אָדער איבער־וואנדערן ערגעץ וואו זיי דאַרפן ניט קעמפן טאָג און נאכט קעגן קאָני־באַלישן אנטיסעמיטיזם? אָדער מיינט איר, אז באַלד ווי היטלער וועט באַזיגט ווערן, וועט דער פינצטערער אנטיסעמיטיזם איינגעוואָרצלט אין דורות פּלוצים אויסוועפּן זיך?

אפילו די טשעכאָסלאָוואַקישע פירערס, וואָס זיינען פריי פון אַנ־טיסעמיטיזם, וואָרענען דאָך, אז עס וועלן ביי זיי זיין שוועריקייטן צוליב דעם יידן־האַס, א ירושה פון די נאַצים . . .

* * * * *

איז עס נאָך אפשר אביסל צו פרי פאַר אונדז צו מאכן גענויע פּלענער פאַרן יידישן ווידעראויפבוי נאָך דער מלחמה. עס זעט מיר אָבער אויס צו זיין קלאָר, אז צווישן די פּלענער וואָס מיר מאַכן יאָ, דאַרף אויסוואנדערונג פאַרנעמען אן אויבנאָן.

וואָס־וואָס, קיין עקאָנאָמישע אידישע פּאָזיציעס זיינען אין היט־לערס אייראָפּע זיכער מער ניט פאַרבליבן, מען מוז אַלץ בויען פונדאַסניי.

און אז בויען פונדאַסניי, האָט דאָך ניט קיין זינען צו בויען אויף א ווולקאַן, בלויז צוליב דעם פרינציפּ, וואָס מיר האָבן דאָס רעכט אויף דעם . . .

ניט נאָר די מערסטע פּליטים וועלן זיך ניט וועלן צוריקקערן צו זייערע היימען, נאָר אפילו פון די יידן וואָס וועלן בלייבן אין פּוילן, אין רומעניע, אין אונגאַרן אאַ"וו, וועלן א סך וועלן ארויסרייסן זיך סיי פון די טראַגישע זיכרונות, און סיי פון דער גליענדיקער שינאה וואָס וועט נאָך דאָרטן פאַרבלייבן.

איר וועט ניט קאָנען איבערצייגן זיי, אַז זיי מוזן זיך צוריק איינאָרדענען אין די באַטרעפנדיקע לענדער, ווייל דאָס פאָדערן יידישע אינטערעסן, לויט געוויסע טעאָריעס . . .

יוני 6טן, 1944.

# א לאהובי ידידי בריוול, וואָס איז ניט אַרויסגעשיקט געוואָרן

מיין ליבער חבר אין וואפן, ווינסטאָן טשווירטשיל:—

איך בין טיף גערירט פון דעם, וואָס דו האָסט אין דיין לעצטער רעדע געגעבן דיין אנערקענונג צו דער רויטער ארמיי און צו מיין ווייני־קייט, פאַר דער אָנקומענדיקער גרינדלעכער מפלה פון היטלערס דייטש־לאַנד. מיט מיין גאַנצער באַשיידנקייט, מוז איך צוגעבן, אַז מיר האָבן, ווי דו זאָגסט, געמאַכט אַ פיינע קאַשע פון היטלערס האָרדעס און דאָס פאַרלייכטערט אונדזער אַלעמענס זיג.

איך פיל אָבער, אַז איך קאָן ניט און טאָר ניט נעמען די גאַנצע גלאָריע פאַרן זיג פאַר זיך.

אייך, ענגלענדער, און אויך אונדזערע אַמעריקאַנער שותפים, קומט אַ פולער חלק אין דעם.

איך רייד שוין ניט פון דעם, וואָס איר האָט אונדז אַזויפיל אַרויסגעהאָלפן אין אונדזער זיג צושטעלנדיק אונדז ריזיקע קוואַנטיטעטן פון געווער און מאַטעריאַלן, — און פירנדיק עס צו אונדז אויף אייערע שיפן, אין פנים פון גרויסע געפאַרן. איך מוז אייך געבן אייער קרעדיט אויך פאַר אייערע דירעקטע בייטראָגן צו היטלערס מפלה: פאַר די בייטראָגן וואָס איר האָט געמאַכט, און וואָס איר וועט נאָך מאַכן.

* * * * *

אנדעריש ווי מיינע חסידים ביי אייך, וואָס ציינגן אויף דער מאַפע מיט חוזק וויפל טעריטאָריע איך האָב געוואונען אין פאַרגלייך מיט אייך, ווייס איך, אַז איר האָט ניט וואָס צו שעמען זיך מיט אייערע אויפטוען. דאָס וואָס מיר האָבן גענומען, האָבן מיר גענומען מערסטנס אונדזער אייגנס, וואָס מיר האָבן פריער פאַרלאָרן, און אויף אַן אָפענעם פראָנט פון איבער טויזנט מייל לאַנד, וואָס גיט אונדז די געלעגנהייט צו מאַנעוו־רירן און דורכשפאַרן זיך דורך יעדער שוואַכן פונקט, וואָס מוז זיין אויף אַזאַ ברייטן פראָנט.

איר, אויף אייער אינוואזיע פראָנט, האָט זיך געפונען, ווי אייערער א גענעראַל האָט געזאָגט, אין דער בחינה פון איינעם וואָס וויל צענעמען זיינע הענט מיט א מיסט גאָפּל אין א טעלעפאָןביידל.

די נאַציס האָבן פאַר פיר יאָר געבויט דאָ זייערע פעסטונגען טיף אין לאַנד אריין, און איר האָט שוין פיל אויפגעטאָן איינברעכנדיק זיך צום ברעג. — און ווען איר רייסט דורך דעם רינג, ווייס איך, אז איר וועט, ווי פריער אין איטאַליע (אויך אן ענגער, נאַטירלעך באַפעסטיקטער פראָנט) שנעל באַוועגן זיך פאָרויס.

* * * * *

אָבער מער ווי אַלץ דאַרף איך דערמאָנען דיר, ברודער ווינסטאָן, דיינע באַרימטע היסטאָרישע ווערטער אין 1940, נאָכן פאַל פון פראַנקרייך, ווען דו האָסט דערקלערט, אז די קליינע ענגלאַנד, דאָן אָן אן ארמיי און אָן געווער, מיט א היים־וואַך באַוואָפנט מיט מיסט־גאָפּלען, וועט, אויב נויטיק, אליין קעמפן קעגן דער גוואַלדיקער מאַכט פון היטלערס דייטשלאַנד און איר שותפטע, מוסאָלינים איטאַליע.

און ווי בראַוו איר האָט געקעמפט! פאַר דעם יאָר וואָס איר זייט געווען אליין, האָט איר מיט הוילע הענט אָפּגעשלאָגן אַלע אַטאַקעס אויף ענגלאַנד, און האָט נאָך באַזיגט אן אימפעריע אין אפריקע!

נאָר א דאַנק אייער קוראַזש, איז היטלער געווען געצוואונגען אָפּלייגן די אַטאַקע אויף אונדז אויף נאָך א יאָר, וואָס מיר האָבן געקאָנט אויסנוצן צוצוגרייטן זיך בעסער צו דער אנקומענדיקער אַרגיע. און וואָס פאַר א פּנים וואָלט די וועלט איצט געהאַט, ווען איר צייגט ניט אַרויס אַזויפיל מוט אין פּנים פון א טויטלעכער געפאַר! איר, און נאָר איר, האָט דאַן געראַטעוועט די ציוויליזאַציע!

* * * * *

און דערנאָך האָט איר, מיט די אַמעריקאַנער שותפים, — כאָטש איר האָט געמוזט צעטיילן אייערע קרעפטן איבער אַלע זיבן ימים און צווישן דייטשלאַנד און יאַפּאַן — דערנאָך האָט איר געלאַנדעט אין צפון אפריקע. איר האָט אָפּגערייניקט טויזנטער מייל טעריטאָריע פונם שונא, פאַרניכטעט זיינע אַרמייען און אַרויסגעקלאַפּט איטאַליע פון דער מלחמה.

איר האָט געעפנט א פראָנט אין איטאַליע און געזיגט, כאָטש יעדער סאָלדאַט און יעדער שטיקל מאַטעריאַל האָט געדאַרפט געבראַכט ווערן מיט שיפן פאַר טויזנטער מייל. איר האָט געעפנט דעם "לופט פראָנט", און האָט צעשמעטערט נאַצישע שטעט און נאַצישע אינדוסטריעלע צענטערן.

בעת דו האסט געהאלטן דיין רעדע, זיינען נאצישע ראבאט באמבעס געפלויגן איבער דיין קאפ, טראגנדיק פלוצימדיקן טויט און פארוויסטונג. דאס האט אבער אויף א האר ניט פארקלענערט דיין קוראזש און דיין אנטשלאסנהייט . . .

* * * * *

איז לגבי וואס שרייב איך עס דיר?

מיר קעמפן א געמיינשאפטלעכן קאמף, און מיר אלע גלייך זיינען בלוטיק פאראינטערעסירט אין זיין דערפאלגרייכן אויסגאנג און אין דעם, אז א נייע וועלט זאל איינגעשטעלט ווערן, וווּ מענטשן זאלן ניט רייסן איינער דעם צווייטן ביים גארגל.

האבן מיר ניט וואס צו פירן קיין חשבונות, ווער האט מער אויפגעטאן. מיר אלע דארפן צוטראגן אלץ וואס אונדזערע באטרעפנדיקע אומשטענדן דערלויבן פאר דער אלגעמיינער זאך.

איז גוט וואס דו אנערקענסט אונדזער ביישטייער. אבער מיר ווילן אויך אנערקענען אייער ביישטייער. דאס איז נויטיק פאר אונדזערע קעגנזייטיקע פריינדלעכע באציונגען, און וואס די צוקונפט פון דער וועלט הענגט אפ.

מיט חברשן גרוס און מיט טיפסטער אנערקענונג, איבערגעגעבנסט דיינער, יוסף סטאלין.

אויגוסט 8טן, 1944.

## אן אפענער בריוו

(צו פראפעסאר שלמה מיכאעלס און לייט. קאל. איציק פעפער,
צו זייער אנקום אין קאנאדע)

חשובע שליחים, ליבע ברידער!

איך וויל צוערשט אויסדריקן מיין באדויערן, וואס מיר האבן ניט געהאט דאס פארגעניגן צו באגעגענען אייך דא פערזענלעך, און אויסהערן דעם גרוס וואס איר האט געבראכט פון די וואס איר פארטרעט, און איבערגעבן זיי אונדזער גרוס דורך אייך. א שאד, וואס איר האט וויניפעג ניט געקענט באזוכן.

עס זיינען דא צווישן אונדז אזעלכע, וואס גריבלען זיך אין דער

פראגע, צוליב וואס איר זייט געקומען אויף דער זייט ים. איך וויל זיך אין דער פראגע ניט גריבלען. פאר מיר, ווי פאר א סך פון אונדז, איז עס א פרייד צו באגעגענען זיך ווידער מיט פארשטייער פונם סאָוועטישן יידנטום, נאָך 20 יאָר פון קינסטלעכער פארפרעמדונג, ווי ברידער מיט ברידער.

אָט די פארפרעמדונג איז ניט פארורזאכט געוואָרן פון די, אין וועמעס נאָמען איך רעדט דאָ, און ניט פון די, פאר וועמען איך וואג דאָ צו ריידן. זי איז פארורזאכט געוואָרן פון דרויסנדיקע סיבות, וואָס זיינען געווען אויסער אונדזער קאָנטראָל.

אין דער אמתן האָבן אונדזערע הערצער תמיד ווארים געקלאפּט פאר אונדזערע ברידער אינם סאָוועטן פארבאנד, און, מיר זיינען זיכער, אז זיי האָבן דאָס זעלבע געפילט צו אונדז.

מיר זיינען דערפאר גליקלעך צו האָבן די געלעגנהייט ווידער אָפּן אויסדריקן אונדזערע קעגנזייטיקע ברידערלעכע געפילן, פארקניפּן צוריק אונדזערע משפחה־בונדן, און אויסבויען צוריק א בריק וואָס זאָל אונדז אין דער צוקונפט צונויפפירן פאר געמיינשאפטלעכער ארבעט, ווי קינדער פון איין יידישער משפחה.

* * * * *

חשובע שליחים, ליבע ברידער!

אויב אָט די ווערטער וועלן אייך צופעליק דערגרייכן, טאָ גיט איבער א ווארימען ברידערלעכן גרוס צו אונדזערע סאָוועטישע ברידער אויך פון אונדז, זייערע ווייטע אין שטח אָבער נאָענטע אין ברידערלעכן געפיל, מערב קאנאדער אידן.

גיט זיי איבער, אז אונדזער הארץ איז מיט זיי, און מיר שעצן זייערע גוואלדיקע קרבנות און זייער העלדישקייט אינם קאמף קעגן אונדזער אלגעמיינעם שונא. מיר טיילן מיט זייער צער אויף זייערע פארלוסטן, און מיר פרייען זיך מיט זיי אין יעדער זיג, אין יעדער אקט פון נקמה קעגן אונדזער פארפלוכטן שונא.

פון דערווייטנס שטרעקן מיר זיי אוים אונדזער ברידערלעכע האנט. צוזאמען מיט זיי קוקן מיר ארוים אויף דער שעה פון פולשטענדיקן ניצחון, און, צוזאמען מיט זיי זיינען מיר גרייט צו בויען א נייע וועלט אויף די חורבות פון דער אלטער, — א וועלט וווּ אויך פאר אונדז, יידן, זאָל זיך געפינען א פלאץ צו בויען אונדזער אייגענעם גליק און צו אנטוויקלען אונדזער אייגענע רייכע קולטורעלע ירושה.

דערציילט זיי, אז מיר זיינען די גאנצע צייט געשטאנען אינם קאמף מיטן נאצישן שונא. אויף וויפל עס איז שייך אונדז, האבן מיר ניט ארויסגעלאזן דאס געווער פון האנט אפילו אויף קיין איין מינוט. און מיר האבן ניט איבערגעריסן דעם קאמף פאר קיין איינציקן טאג — ניט אפילו צוליב וועלכע ס'איז מאמענטאלע פראקטישע חשבונות.

פאר אונדז איז נאציזם פון דער ערשטער מינוט אן געווען א ביטערער שונא, מיט וועלכן מיר קאנען ניט שלום מאכן אפילו צייט־ווייליק. עס איז די גאנצע צייט געווען אונדזער שונא אויף לעבן און טויט.

און ווען די שעה איז געקומען, נאך מיט פיר יאר צוריק, ווען מיר האבן געקראגן די געלעגנהייט צו קעמפן קעגן דעם שונא מיט וואפן אין האנט, האבן אונדזערע יונגעלייט אין די טויזנטער פרייוויליק זיך אנגעשלאסן אין קאנאדעס ארמייען, גרייט צו פארגיסן זייער בלוט אינם קאמף קעגן דעם שונא.

אמת, מיר דא האבן געהאט דאס מזל צו זיין ווייט פון דעם שונא, און זיין האנט האט אונדז ניט דערלאנגט אויף א דירעקטן אופן. אונדזערע שטעט זיינען ניט חרוב געווארן ווי אייערע, און אונדזערע פרויען און קינדער זיינען ניט פארפייניקט געווארן פונם גרויזאמען שונא.

אבער גראד דאס, וואס אונדזערע קינדער זיינען געגאנגען מוסר־נפש זיין זיך אויף ווייטע שלאכטפעלדער, און זיי האבן עס געטאן פרייוויליק, איז זייער זכות. דערציילט זשע זיי, אונדזערע סאוועטישע ברידער, אז אין דער שעה ווען דער היסטארישער רוף איז געקומען, האבן מיר זיך אפגערופן.

* * * * *

גיט זיי איבער, אז א סך פון אונדז דא פירן אויך אן א קאמף קעגן א שטארקן שטראם וואס זוכט אפצווואשן אונדזער יידישע אייגנארטיקייט און בארויבן אונדזערע נייע דורות פון דער גרויסער קול־טורעלער ירושה פון טויזנטער יארן.

אנדערש ווי ביי אייך, ווערן אונדזערע יידישע אספיראציעס ניט געשטיצט פון דער מלוכה, אלץ אינם לעבן ארום שטערט אונדז אין אונדזער ארבעט. דאך מאכן מיר יעדער מעגלעכע אנשטרענגונג צו פאר־היטן וויפל מיר קאנען נאר פון אונדזער יידישער ירושה און אזוי אנ־האלטן אונדזערע פארבינדונגען מיט אייך און מיט יידן אומעטום.

דערציילט זיי אויך וועגן דעם ווונדער פון יידישן אויפבוי פון ארץ־ישראל, צו וועלכן מיר האבן אויך צוגעלייגט א האנט. גיט זיי איבער אונדזער כסדרדיקע גרייטקייט צו שטיצן יידישע ארבעט און

יידישע אספיראַציעס אומעטום. און אונדזער טיפן ווּנטש, אז זיי, אָפּ־געריסן פונם אלגעמיינעם שטראָם פון יידישן לעבן פאר 25 יאָר, זאָלן צוריק אריין אין דעם שטראָם און צוזאמען מיט אונדז טראָגן די לאסט, העלפן בויען דאָס יידישע לעבן און פאַרזעצן די גאָלדענע קייט פון דער יידישער געשיכטע.

גיט זיי איבער אונדזער וואַרימען גרוס — שלום!

סעפטעמבער 7טן, 1943.

## דער געשפּאָלטענער אטאָם

מסתמא וואָלט איר געוואָלט, אז מיר זאָלן אייך געבן דאָ א קורצע און גענויע דערקלערונג וועגן אָט דעם חברהמאַן, דעם געשפּאָל־טענעם אטאָם, וואָס איז היינט דער העלד פונם טאָג. ס'איז אָבער פאַר אונדז קיין עסק ניט, — פון די "קורצע און גענויע" דערקלערונגען אין דער פּרעסע וועגן אָט דעם ענין זיינען מיר נאָך אליין אויף א האָר ניט קליגער געוואָרן . . .

פאַר אונדז, פּשוטע מענטשן, ניט קיין וויסנשאַפטלער, איז גענוג צו וויסן וועגן אים ניט מער ווי וועגן דעם "בלאָק באַסטער", אָדער דער "ערדציטערניש" באָמבע; און דאָס איז, אז ער קאָן פאַראורזאַכן א גוואַלדיקן חורבן, — אָן א פאַרגלייך א גרעסערן, ווי אָט יענע טיכטיקע באָמבעס. מיט איין געשפּאָלטענעם־אטאָם באָמבע קאָן מען אָפּווישן א שטאָט ווי ווינציגע אין עטלעכע מינוט צייט, און, אויב איר ווילט, קאָן מען מיטן געשפּאָלטענעם אטאָם אויפרייסן די גאַנצע ערד און פאַר־וואַנדלען זי אין א זון . . .

אוואדע קאָן מען אָט דעם נעמלעכן געשפּאָלטענעם אטאָם מיט דער צייט איינשפּאַנען און צוימען אין דינסט פונם מענטשן, — צו טרייבן מאַטאָרן, צו באַלייכטן און באַהייצן הייזער און צו טאָן פאַר אונדז ארבעטן וואָס זען אונדז אוים צו זיין אוממעגלעך. אָבער געבראַכט צו שלעפּן אים פון זיין באַהעלטעניש האָבן מיר ניט צוליב בויען, נאָר צוליב חרוב מאַכן, און זיין ערשטער אויפטריט אין דינסט פון דער מענטשהייט איז דער חורבן פון היראָשימאַ און דער טויט פון הונדערט טויזנט מענטשן אָדער מער.

* * * * *

פאַר וואָסערע פּערציק אָדער פופציק יאָר האָבן וויסנשאַפטלער איבער גאָר דער וועלט געהאַלטן אין איין זוכן דעם געשפּאָלטענעם

אטאָם, — יענעם אומדערשעפּלעכן אור־כוח וואָס באַוועגט די זון און די פּלאַנעטן ארום איר, און וואָס איז אפשר דער אור־קוואַל פונם גאַנצן באשאף. פון דער צייט פונם טורעם פון בבל הערט דאָך דער מענטש ניט אויף צו רייסן זיך אין הימל, צו געפינען דעם געהיימען שליסל פון מעשה בראשית.

יידישע לעגענדעס דערציילן א סך בבל־טורעם פאלן. יידישע חכמים האָבן פארמשפּט א סך ווערק וואָס האָבן זיך געגריבלט אין מעשה בראשית צו גניזה, צוליב דער מורא זיי זאָלן ניט אריינפאלן אין ניט־ריכטיקע הענט, וואָס קאָנען דורך זיי חרוב מאכן די וועלט.

אפשר איז געווען א גליק, וואָס וויסנשאפטלער איז ביז איצט ניט געלונגען אנטדעקן אָט דעם געהיימען, פּרימיטיוון כוח. ווען ער וואָלט אנטדעקט געוואָרן מיט א צען יאָר פריער, וואָלט איצט פון דער וועלט, אמווייניקסטנס פון דער מענטשלעכער וועלט, שוין קיין זכר ניט געבליבן.

מלחמה איז א גוואַלדיקע טרייב־קראַפט, — שיר אליין ניט ווי א געשפּאָלטענער אטאָם, — וואָס טרייבט דעם מענטשן צו אלץ נייע און נייע דערפינדונגען פאר אייגענער באשיצונג און דער פארניכטונג פונם שונא.

דאָס וואָס אין פרידן־צייט האָבן וויסנשאפטלער ניט געקאָנט אויפטאָן אין צענדליקער יאָרן, האָט מען איצט דערגרייכט אין חדשים און געציילטע יאָרן. מען האָט דערפונדן וואונדערלעכע הייל־מיטלען, ווי פּעניסילין; מען האָט דערפונדן אינסעקטן־פארניכטערס, ווי די. די. טי., וואָס האָבן כמעט ווי געמאכט א סוף צו מאלאריע און טיפוס, באגלייטערס פון יעדער מלחמה; און מען האָט אויך דערפונדן די שנעלסטע עראָפּלאנען, די ריזיקסטע באָמבעס און, צום סוף, די אטאָם־באָמבע, פאר פארניכטונג צוועקן.

די דייטשן זיינען אויך געלאָפן נאָכן געהיימען געשפּאָלטענעם אטאָם, אָבער זיי האָבן פארלאָרן דעם געוועט־לויף. ווי מען גיט איבער, האָבן זיי פארשפּעטיקט אויף וואָסערע זעקס חדשים, און ווען די מלחמה פארציט זיך אויף נאָך א האלבן יאָר, וואָלט פון אונדז קיין זכר ניט געבליבן, — ווען היטלער קריגט, חלילה, אין זיין האנט אָט דעם שרעקלעכן וואָפן, ווייסט איר דאָך וואָס ער וואָלט געטאָן . . .

(ביי אונדז פלעגט מען זאָגן, אז ווען א חזיר קאָן א קוק טאָן אויפן הימל, וואָלט ער חרוב געמאכט די וועלט).

איצט איז דער שליסל צו אַט דער שרעקלעכער אור־קראַפט אין אונדזערע הענט. מיר נוצן עס פאַר "גוטע" צוועקן, — צו באַזיגן און צו ברענגען צו גערעכטיקייט א באַנדיטן־לאַנד.

איך בין אָבער ניט זיכער אויב עס זיינען ניט גערעכט געווען די וואָס האָבן זיך געוואַקלט צו באַנוצן די אַטאָם־באָמבע; די, וואָס האָבן געוואָלט אַז מען זאָל דעם אַנטדעקטן שרעקלעכן סוד פאַרמשפּטן צו גניזה און באַשווערן די וויסנשאַפטלער וואָס האָבן אים אַנטדעקט קיינמאָל פאַר קיינעם קיין דערמאָנען וועגן דעם אַנטדעקטן סוד.

דער געשפּאָלטענער אַטאָם קאָן ווערן א קוואַל פון נייעם לעבן פאַרן מענטשן — א לעבן, וואָס מען האָט אַפילו אין די רייכסטע פאַנטאַזיעס ניט געקאָנט אויסמאָלן. ווען איז דאָס אָבער גערעדט געוואָרן, ווען דער מענטש איז אויף א געהעריקער גייסטיקער הויך.

איז אָבער אונדזער דור ראוי צו האַלטן אין האַנט אַזא גוואַלדיקן כוח? וועט ער מיט אים ניט שפּילן זיך ווי א קינד מיט א שוועבעלע, ביז ער וועט אונטערצינדן און פאַרניכטן די וועלט?

אָדער וועט זיך אפשר איבערחזרן אין א נייעם נוסח די אַלטע געשיכטע פונם טורעם פון בבל?

אַוגוסט טטן, 1945.

# אז מען זייט ווינט

מיינער א פריינד איז צופרידן מיטן מאָרד אין מארסעל. עס קאָן פירן צו א מלחמה און נאך זיין מיינונג וואָלט בלוט־לאָזונג געווען געזונט פאר אייראָפּע. א מלחמה, גלויבט ער, וואָלט אויסגעלייטערט די לופט, וואָלט געמאכט א סוף צום פאשיזם און וואָלט ווארשיינלעך אראָפּגע־בראכט דעם סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם.

איך גלויב, אז א סך מענטשן פילן היינט אזוי. זעענדיק דעם עקאָנאָמישן כאָאָס וואָס הערשט אויף דער וועלט, און צוזאמען דערמיט דעם וווּקס פון פאשיזם און מענטשלעכער ווילדקייט, ווערט מען אזוי אָפּהענטיק און פארצווייפלט, אז מען הויבט אָן האָפן אויף מלחמה, ווי אויף א מעגלעכער לייזונג פון די ברענענדיקע פּראָבלעמען פונם טאָג.

דער דורכפאַל פון דער עסטרייכישער רעוואָלוציע, און איצט פון דער שפּאַנישער, האָט בכלל דערוויזן, אַז ס'איז שווער צו דערוואַרטן א זיג פון סאָציאַליזם דורך באוואָפנטער מאכט; און די דורכפאַלן פון קאָנסטיטוציאָנעלע סאָציאַליסטן אין פארשיידענע לענדער האָבן שטאַרק אָפּגעשוואַכט דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט צו דערגרייכן דעם סאָציאַ־ליזם דורך פּאַרלאַמענטאַרישע מיטלען. מען הויבט דערפאַר אָן לייגן האָפענונגען אויף א מלחמה "נס". געפערלעכע האָפענונגען!

* * * * *

עס איז גאָר קיין פראַגע ניט, אז טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן זין פון מיליטערישן עלטער, קאָנען ניט ווינטשן קיין מלחמה, ווּהין זייערע קינדער זאָלן געטריבן ווערן צעריסן צו ווערן פון די מאָ־דערנע מאָרד־מאַשינען, פאַרגיפטעט ווערן פון גיפט־גאַזן, אָדער, אין בעסטן פאַל, געגעסן ווערן פון ווערים און פוילן לעבעדיקערהייט אין טראַנשייען.

שטעלן מיר זיך פאָר, אַז ביי זיי פרעגט מען ניט קיין דעות. און אויב ס'איז א פראַגע פון דערגרייכן א הויכן מענטשלעכן אידעאַל, איז במילא, קאָן מען אין א נויט פאַרמאַכן די אויגן אויף די מענטשלעכע ליידן, וואָס זיינען די געבורט־ווייען פון א נייער וועלט. אָבער איך בעט אייך: וואָס פאַר א נייע וועלט וועט עס זיין? וועט עס ניט זיין אַן ערגערע און מיאוסערע פארזעעניש ווי די איצטיקע וועלט?

איך בין זיכער, אז א פארזעעניש. אַט די לעקציע האָט אונדז די גרויסע מלחמה געלערנט. מיר האָבן דאָן געגלויבט, אז זי וועט "אויס־רייניקן די לופט", אז זי וועט פארזיכערן דעמאָקראטיע, אז זי וועט זיין די לעצטע מלחמה. זי האָט די לופט נאָך מער פארגיפטעט. זי האָט געמאַכט כמעט א סוף צו דעמאָקראטיע, און זי האָט פארזייט די זריעה פון נייע און נאָך מער געפערלעכע מלחמות.

און עס מוז אזוי זיין. אז מען זייט ווינט, און עס געראָט — שניידט מען א גוטע גערעטעניש פון שטורעם־ווינט.

* * * * *

איך גיב צו, אז א גרויסע מלחמה ביי איצטיקן מאָמענט קאָן פירן צום פולשטענדיקן צוזאמענברוך פון דעם קאפיטאליזם און דעם איינפיר פון סאָציאַליזם. אייגנטלעך גייט דאָך אריין אין מוסאָליניס פּלאַן פון מלחמה די סאָציאַליזאציע פון אַלע פּראָדוקטיווע כוחות פון איטאַליע, כדי צו קאָנען פינאנסירן די מלחמה.

מלוכה סאָציאַליזם איז אין א געוויסער מאָס פּראַקטיצירט געוואָרן אין דער וועלט־מלחמה, און אין א נייער מלחמה איצט, וועט ער מוזן פּראַקטיצירט ווערן אין א סך א גרעסערער מאָס, ווייל קיין לאַנד וועט אנדערש ניט קאָנען קריגן די ריזיקע מאַטעריעלע מיטלען נויטיק פאר אזא "אונטערנעמונג". פאר די פאר וועמען סאָציאַליזם איז א רעליגיע, קאָן די זאַך אויסזען צוציענדיק. פאר די וואָס גלויבן, אז סאָציאַליזם איז אַן ענין פאר זיך אליין און איז זעלבסט דער העכסטער ציל צו וועלכן די מענטשהייט דאַרף שטרעבן, קאָן אזא אויסזיכט אפשר זיין נאָענט צום הארצן.

מיר גלויבן אָבער, אַ דער סאָציאַליזם איז פאַרן מענטשן, און ניט דער מענטש פאַרן סאָציאַליזם. מיר באַטראַכטן דעם סאָציאַליזם נאָר ווי א מיטל צו שאַפן א גליקלעכערע מענטשהייט, אַז עטאַפּ אויפן וועג פונם מענטשן אין זיין אייביקן געיעג נאָך גליק. מיר ווילן ניט קיין מוסאָליניס סאָציאַליזם, ווייל אונדז איז ניט צום הארצן אפילו דער סטאַליניסטישער סאָציאַליזם.

* * * * *

די לעצטע וועלט־מלחמה האָט ברוטאַליזירט די מענטשהייט און האָט דערצויגן א יונגן דור, וואָס האָט געשאַפן דעם פאשיזם און א שטיק געטאָן די געשיכטע אויף הונדערטער יאָרן צוריק. א נייע מלחמה וועט נאָך מער צעפלאַקערן די ברוטאַלע ליידנשאַפטן פונם מענטשן און וועט דערציען א דור וואָס וועט שלעפּן די געשיכטע נאָך ווייטער אויף צוריק. און אויב א סאָציאַליזם זאָל אויסוואַקסן אויף אזא באָדן, וועט עס זיין א

ברוטאלער, מיטלאלטערלעכער סארט סאציאליזם, וואס וועט דערשטיקן דעם פרייען מענטשלעכן גייסט און וועט פארשקלאפן דעם מענטשן ניט ווייניקער ווי דער היינטיקער פאשיזם — און אפשר נאך מער, ווייל די מענטשן וועלן ווערן נאך ברוטאלער.

צום טייוול מיט אזא סארט סאציאליזם! צוליב אים זאלן מיר שיקן מיליאנען פון אונדזערע קינדער אויף א וועג פון שווידערלעכן פיין און טויט? מיר ווילן ניט קיין מלחמה און קיין "טובות" פון מלחמה.

אקטאבער 16טן, 1934.

# "זיי געזונט רעוואלוציע"

מיט א פאר יאר צוריק האב איך דורכגעלייענט א דיקן בוך פון עווערעט דין מארטין, "פעירוועל טו רעוואלושאן" (א זיי־געזונט צו רע־וואלוציע). איך האב זיך אויף אט־דעם בוך דערמאנט איצט, צוליב דעם טעם וואס איך וועל שפעטער דערמאנען.

עווערעט דין מארטין איז א באקאנטער אמעריקאנער ראדיקא־לער דענקער און סאציאלאג, א לעקטאר פונם סאציאליסטישן קופער יוניאן אין ניו־יארק. וואס זיין מיינונג וועגן רעוואלוציע זאל ניט זיין, קאן מען אים ניט דערקלערן פאר א קאנטער־רעוואלוציאנער. און לאמיר אייך זאגן, אז ער האלט זייער שטארק פון פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט, אמת, יושר און אלע אנדערע גוטע זאכן, אין נאמען פון וועלכע רע־וואלוציעס ווערן געוויינלעך דורכגעפירט. פון די רעוואלוציעס זעלבסט האלט ער אבער גארניט.

און גראד ניט דערפאר אליין, וואס רעוואלוציעס זיינען פארבונדן מיט בלוט־פארגיסונג. ער וואלט זיי ווארשיינלעך בארעכטיקט, ווען זיי דערגרייכן די צילן, וואס זיי שטעלן פאר זיך און גיבן די מענטשן דאס, וואס זיי זאגן צו. דער אומגליק מיט רעוואלוציעס אבער איז דאס, וואס "אויף מארגן נאך דער רעוואלוציע" פארגעסן זיי אויף אלץ וואס זיי האבן צוגעזאגט. אויב זיי פארגעסן ניט די לאזונגען, חזרן זיי זיי נאר איבער מיט אזעלכע אויסטייטשונגען, אז מען נעמט ארויס די נשמה פון זיי.

* * * * *

עווערעט דין מארטין איז א פארשער פון מענטשלעכער געשיכ־טע. אין דעם בוך גיט ער איבער בילדער פון אלע גרעסערע רעוואלו־ציעס אין דער געשיכטע פון אייראפע, פון די אלטע צייטן ביזן היינטיקן טאג. און ער דערווייזט, אז יעדער רעוואלוציע האט זיך פארענדיקט מיט א קאנטער־רעוואלוציע.

רעוואָלוציעס ווערן געוויינלעך געקעמפט אינם נאָמען פון באַ־פרייונג, און זיי ברענגען נייע שקלאַפעריי. עס קאָנען זיך בייטן די פער־זאָנען אָדער שיכטן וואָס באַהערשן דאָס באַטרעפנדיקע לאַנד, אָבער די צוגעזאָגטע פרייהייט ברענגט עס בשום אופן ניט; רעוואָלוציעס זאָגן געוויינלעך צו ברויט, און גיבן עס ניט, — גיכער ברענגען זיי הונגער; זיי זאָגן צו שלום, און ברענגען מלחמה; זיי זאָגן צו פּראָגרעס, און ברענגען רעאַקציע; זיי פאַרניכטן אָפט רייכע, איינגעפונדעוועטע ציוויל־זאַציעס און פירן פעלקער צו ווילדקייט און אוממענטשלעכקייט.

אוודאי קאָן איך דאָ אפילו ניט אָנהויבן צו באַרירן די אַלע היסטאָרישע פאַקטן און באַווייזן, וואָס ער אַנאַליזירט אינם בוך. עס זיינען אָבער דאָ גענוג ביישפּילן פאַר אונדזערע אייגענע אויגן . . . אין שפּאַניע, דוכט זיך מיר אָפּט, האָט זיך די קאָנטער־רעוואָלוציע אָנגעפאַנגען נאָך אפילו איידער די רעוואָלוציע איז פאַרענדיקט געוואָרן.

* * * * *

איך וואָלט געפּרוּווט דעם ענין אזוי דערקלערן: אַלע גרויסע רעליגיעס זיינען געווען רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אינם מענטש־לעכן לעבן. זיי זיינען געקומען צו פאַרטיידיקן די אָרימע קעגן די רייכע, צו פאָדערן יושר און גערעכטיקייט, רחמנות און מענטשלעכקייט. זיי זיינען דאָס געווען אזוי לאַנג, ווי די טרעגער פון רעליגיעזע אידעאַלן האָבן באַלאַנגט צו די אונטערדריקטע. איז די קריסטלעכע רעליגיע, למשל, געוואָרן די רעליגיע פון די מאַכט־האָבער, האָט זי זיך שנעל צוגעפּאַסט צו אַלץ וואָס זי איז געווען באַרופן צו באַקעמפן.

צו מאַכן דעם ענין נאָך קלערער, וועל איך באַרירן א נעענטערן ביישפּיל: אונדזערער אַן אייגענער ראַדיקאַל, וואָס איז געוואָרן אַן "אַלרייט־ניק". ער קאָן יאָ אָדער ניט האַלטן זיך אָן די אַלטע ראַדיקאַלע פראַזן, און געבן אָדער ניט געבן א פּאָר דאָלאַר פאַר אַלטע, ראַדיקאַלע צוועקן, — אָבער פּסיכאָלאָגיש און פּראַקטיש איז ער אַן "אַלרייטניק", ווי אַלע אַנ־דערע "אַלרייטניקעס".

* * * * *

און אַז איר פרעגט ביי מיר וואָס האָב איך צו זאָגן וועגן דעם 20טן יאָרצייט פון דער סאָוועטישער רעוואָלוציע, שיק איך אייך אָפּ צו "פעירוועל טו רעוואָלושאָן". עווערעט דין מאַרטין האָט דאָס בוך גע־שריבן נאָך פאַר די סאַמע נייסטע אַנטוויקלונגען אין סאָוועטן פאַרבאַנד. ער שטעלט אוועק די סאָוועטישע רעוואָלוציע אין א רייע מיט אַלע אַנדע־רע, וואָס האָבן אָפּגענאַרט.

מען האָט ניט געדאַרפט וואַרטן ביז איצט פאַר אַן אורטייל. באַלד

ווי די גרינדונג־פאַרזאַמלונג איז צעטריבן געוואָרן, איז די רעוואָלוציע געוועזן פאַרראַטן. באַלד ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ דיקטאַטור, באַלד ווי טראָצקי האָט אויסגעמאָרדעט 20 טויזנט רעוואָלוציאָנערן אין קראָנשטאַט, איז עס געווען "זיי געזונט, רעוואָלוציע". טראָצקי האָט זיך עס געכאַפּט ערשט ווען ער אַליין האָט פאַרזוכט דעם טעם פון זיין אייגענער מעדיצין.

* * * * *

אוואדע קאָן מען אָנצייגן אויך אויף אַ צאָל גרויסע סאָוועטישע דערגרייכונגען פאַר די לעצטע 20 יאָר (איך מיין דאָ לחלוטין ניט אינדוסטריעלע, — אַזעלכע האָט מוסאָליני אויך געמאַכט. די דעמאָקראַטישע לענדער מאַכן נאָך גרעסערע פאַרשריטן, נאָר זיי באַרימען זיך ניט מיט אַזעלכע זאַכן).

אָבער דאָס דערמאָנטע בוך דערווייזט, אַז אמת־גרויסע, מענטשלעכע דערגרייכונגען זיינען אין דער געשיכטע געמאַכט געוואָרן דורך זעלבסט־טעטיקייט פון די מאַסן, און ניט פון רעוואָלוציעס, און אוואדע ניט פון דיקטאַטורן, וואָס דערשטיקן אַט די זעלבסט־טעטיקייט.

לייענט דאָס בוך. אויב איר האָט געדולד פאַר ביכער, וואָס אַפּעלירן ניט צום איבערפלאַך פון קאָפּ און צו די געפילן, נאָר צום טיפערן שכל. איר וועט אפשר ניט מיט אַלץ איינשטימען אין אים, אָבער עטוואָס לערנען פון אים קאָנט איר.

נאָוועמבער, 12טן, 1937.

## אַן אָפּענער בריוו

מיין ליבער פריינד: — איך האָט פאַרזיכטיק דורכגעלייענט לעאָן טראָצקיס אַרטיקל וועגן "מאָראַל", אינם נייעם "אינטערנאַציאָנאַל" וואָס איר האָט מיר געגעבן צו לייענען. אייער צוועק איז געווען איבערצוציינגן מיך, אַז מען קאָן טראָצקין ניט אויפוואַרפן זיינע האַנדלונגען, ווען ער פאָרטעסטירט קעגן אימעצנס אַנדערש האַנדלונג׳ען בנוגע אים. איר האָט מיר געוואָלט דערווייזן, אַז מאָראַל איז בכלל ניט קיין אַבסאָלוטע זאַך, נאָך אַ באַגריף, וואָס ענגט אָפּ אָן צייט, פּלאַץ און אומשטענדן: און אויב ס׳איז דאָ אַזאַ זאַך ווי מאָראַל, איז זי לויטן מאַרקסיסטישן באַגריף אַ קלאַסן מאָראַל, ניט קיין אַלמענטשלעכע.

דער אַרטיקל געשריבן מיט אַזאַ זיכערקייט אין זיך (און מיט אַזאַ ביטערן סאַרקאַזם), האָט מיך אָבער אין גאָרנישט ניט איבערצייגט. איך האָב בלויז צוגעגעבן, אַז מאָראַל איז אַ באַגריף וואָס ענגט אָפּ אָן צייט,

פלאץ אא"ו, — וואס איך האב אנערקענט נאך לאנג איידער איך האב געלייענט טראצקיס ארטיקל, און אויך אז אין צייט פון מלחמה און געפאר, ווערן די געוויינלעך אנגענומענע באגריפן פון "מאראל" צעשטערט, און "צילן" הויבן אן בארעכטיקן "מיטלען". איך פארבלייב אבער אלץ א קעגנער פון דער אזוי־גערופענער "האטענטאטישער מאראל" (א בילבול אויף די האטענטאטן) — אז דאס וואס איך מעג טאן פאר מיינע צילן, טאר יענער ניט טאן פאר זיינע.

* * * * *

האט טראצקי, אין זיין צייט, גענומען נעמען קינדער פון אפיצערן פאר משכנות, די טאטעס זאלן ניט פארראטן די רויטע ארמיי? אוודאי: ער האט דאך געדארפט ראטעווען די רעוואלוציע! אבער אטדוויל סטאלין אויך ראטעווען די רעוואלוציע — אויף זיינעם, ניט אויף טראצקיס שטייגער. נעמט ער אויך משכנות: דאס מאל, טראצקיס קינדער . . . שרייט טראצקי, אז סטאלין ראטעוועט ניט די רעוואלוציע, נאר די קאנטר־רעוואלוציע. אבער סטאלין זאגט נאר, אז טראצקי איז דער קאנטר־רעוואלוציאנער, און ער איז דער אמתער מארקסיסט. טא ווער זאל זיין דער פוסק־אחרון אין דער פראגע, ווו איז די אמתע קלאסן־מאראל, ביי טראצקין, צי ביי סטאלינען?

ביידע צדדים שטעלן זיך ארויס פאר די איינציקע, אמתע אויס־טייטשערס פון מארקסיזם און פון דער זעלבער "קלאסן־מאראל" (ריכטי־קער: קלאסן איבער־מאראליטעט). ביידע נעמען משכנות, ביידע שיסן (אויב ביידע קאנען) לשם מצווה . . .

און פון דער אנדערער זייט, קומט א פארקערטע, א שווארצע ריכטונג, און זאגט: די מיטלען זיינען גוט, אבער די צילן דארפן זיין גאנץ אנדערע. אנשטאט קלאסן איבער־מאראל, שטעלט זי אוועק נאציאנאלע איבער־מאראל. און זי נעמט אויך משכנות, בויט אויך קאנצענטראציע לאגערן, שיסט אויך, באשרענקט אויך די עלעמענטארסטע מענטשלעכע רעכט . . .

* * * * *

לויט ווי מענטשן רעוואלטירן קעגן "אוממאראליטעט", מוזן מיר קומען צום באשלוס, אז מאראל, ווי א סך אנדערע מענטשלעכע, גייסטיקע איינגשאפטן, איז פון א מיטל געווארן א ציל פאר זיך אליין.

אין מיטלאלטער, למשל, זיינען געווען באשטימטע רעגולאציעס פאר דועלן צווישן ריטער און וויפל יעדער איינער פון די ריטער איז ניט געווען פאראינטערעסירט אינם ציל, — צו שלאגן זיין קעגנער און ראטעווען זיין אייגענעם לעבן, — וואלט ער ניט געבראכן די איינגעשטעל־

טע מאַראַל פונם קאַמף צוליב זיינע "צילן". און ניט נאָר יחידים, נאָר גרופּן און פעלקער, ווייסן מיר פון געשיכטע, זיינען צייטנווייז מקריב די ערדישע עקזיסטענץ פאַר מאַראַלישע צילן (יידישער קידוש השם, למשל).

לאָמיר אָבער אָננעמען, אַז מאַראַל איז בלויז באַלדיקע צוועקמעסיקייט. נו, לוינט זיך דאָן צו באַנוצן זיך אין קאַמף מיט מיטלען, וועלכע מען וויל ניט דער שונא זאָל אָנווענדן קעגן אונדז? אדרבא, אפילו אין מלחמה, לוינט זיך אָפט צו שליסן געוויסע אָפּמאַכן, וואָס זאָלן באַשרענקען ביידנס פרייהייט צו פאַרניכטן איינער דעם צווייטן. עס לוינט זיך, למשל, אָפּמאַכן ניט צו באַנוצן זיך מיט גיפטיקע גאַזן, ניט צו פאַרשפּרייטן קיין אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן אאַ"וו.

* * * * *

איך בין טיף איבערצייגט, אַז מיט אַזעלכע מיטלען, וואָס טראָצקי האָט באַנוצט קעגן אַנדערע, און וואָס אַנדערע באַנוצן איצט קעגן אים, קאָן מען בכלל קיין הויכע צילן ניט דערגרייכן.

טראָצקי באַקלאָגט זיך טאַקע זייער שטאַרק, וואָס "זיין" רעוואָלוציע איז אוועק צום טייוול . . . ער האָט זיין ציל, מיט זיינע מיטלען, הייסט עס, פאַרט ניט דערגרייכט. ער האָט אָבער דערפאַר דערגרייכט, אַז די מיטלען זאָלן בלייבן, און זאָלן באַנוצט ווערן קעגן אים, און פון אַ פאַרקערטער זייט קעגן די וואָס באַנוצן זיי קעגן אים . . .

ס'איז אַ "חד־גדיא", מיין פריינד. דער ערשטער קרבן איז דאָס הילפלאָזע ציגעלע, אָבער אויך דער הונט, דער שטעקן, דאָס פייער, דאָס וואַסער אאַ"וו קאָנען זיך ניט אויסדרייען פונם גורל וואָס זיי אַליין האָבן אָנגעצייכנט. ס'איז ניט, חלילה, קיין מיסטעריעזער ענין. ס'איז אַ פּשוטער, לאָגישער אויספיר: לאָזט זיך דער מענטש אויף אַט־אַזאַ וועג, ווערט ער פאַרפלאָנטערט אין אַ נעץ פון מענטשלעכע קאָנפליקטן, אין וועלכע נאָר די "דובינע" איז דער פוסק אחרון, — אָבער בלויז ביז דאָס פייער פאַרברענט זי אויך . . .

יולי 8טן, 1937.

## טראָצקיס סוף

ווען איך האָב געהערט וועגן דעם ברוטאַלן אָנפאַל אויף טראָצקין און זיין גוואַלדזאַמען טויט, האָט מיר מיין האַרץ אַ ציטער געטאָן. דאָס האַרץ ווייס פון קיין חכמות ניט, — אַ ברוטאַלער מאָרד איז באַגאַנגען געוואָרן, און אַ ניט־פאַרשטיינערט האַרץ טוט אַ ציטער. איך

האָב אמאָל מודה געווען זיך, אז מיין הארץ האָט א ציטער געטאָן אפילו אויפן גורל פון צאר ניקאָליי און זיין פאמיליע, ווען זיי זיינען אויסגע־שלאכטעט געוואָרן. כאָטש איך בין זיכער, אז פאר דער וועלט איז עס א סך גלייכער, וואָס די פאמיליע איז אָפּגעווישט געוואָרן. אָט אזא הארץ איז עס: עס וויל ניט וויסן פון קיין שום חשבונות, אויסער די באלדיקע מענטשלעכע אימפּולסן.

איך שטעל זיך פאָר, אז מיין הארץ וועט טרויעריק "א שאָקל טאָן מיטן קאָפּ" אפילו, ווען היטלער וועט איינגעמען א מיתה משונה. און אויף דעם קוק איך דאָך ארוים ווי א פרומער ייד אויף משיחן.

ס'איז דאָס הארץ. אָבער מיין געדאנק זאָגט מיר קלאָר און זיכער: טראָצקי האָט געקראָגן דאָס וואָס ער האָט כשר פארדינט. ער איז געפאלן א קרבן פון א סיסטעם פון מאָרד און פארראט, וואָס ער האָט אליין אויס־געבויט, און ער איז דערמאָרדעט געוואָרן פּונקט ווי ער האָט געמאָר־דעט און ווי ער וואָלט נאָך ביז היינט געמאָרדעט, ווען ער וואָלט געהאט די מאכט.

* * * * *

א, אוואדע האָט טראָצקי געטאָן וואָס ער האָט געטאָן לשם "אי־דעאל". אָבער זיין מערדער, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין אייגענעם לעבן פארן מאָרד, אפשר מער ווי טראָצקי האָט עס ווען געטאָן, איז דאָך זיכער אויך אַן "אידעאַליסט" — אויף זיין אייגענעם אופן. די געשיכטע איז דאָך, וואָס ניט אַן אידעאַל איז דער עיקר, נאָר די מיטלען וואָס מען נעמט אָן צו דערגרייכן אים. דורך ליגן, אָפּנארעריי, פארראט און מאָרד, מעג עס זיין מיט די פרומסטע כוונות, — דערגרייכט מען נאָר ליגן, אָפּנארעריי, פארראט און מאָרד.

מיט גוטע כוונות איז דער וועג צום גיהנום אויסגעפּלאסטערט. קיינמאָל איז עס אזוי קלאָר ניט דערוויזן געוואָרן אויף אזא גרויסן פאר־נעם, ווי אין די לעצטע פאָר צענדליק יאָרן.

* * * * *

מיט טראָצקין האָט זיך פאקטיש פארענדיקט דער דור פון גרויסע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געמאכט די רוסישע רעוואָלוציע. ווי אלע אַנ־דערע, גרעסערע פּירערס פון דער רעוואָלוציע, איז ער געפאלן פון די הענט פונם תליון, — אים איז ניט געלונגען אויסצודרייען זיך פון זייער גורל, ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער איז געווען ווייט פון דער "קאָנטר־רעוואָ־לוציע" (ווי ער האָט עס אָנגערופן), און וואָס ער איז געזעסן אין א באַ־פעסטיקטער הויז, באוואכט פון שטארק באוואָפנטע שומרים. די האנט פונם גאָט פון נקמה האָט אים דאָרטן אויך דערלאנגט.

דאס באשטעטיקט צוויי כללים פון דער געשיכטע, וואס האבן ווייניק אויסנאמען: אז א רעוואלוציע פרעסט אויף אירע קינדער, און אז א טיראן שטארבט ניט מיט קיין נאטירלעכן טויט. און דאס לעצטע איז א בשורה אופן סוף פון די טיראנען, וואס זיצן נאך דערווייל אויף זייערע טראנען. זייער טאג וועט נאך קומען . . .

* * * * *

טראצקי איז געווען א זשעני. ער איז געווען א ריז. אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואלוציע האט ער געשפילט די גרעסטע ראל, — אפשר נאך לענינען, און אפשר אויך ניט נאך אים. זיכער איז ער געווען גלענצענדיקער פון לענינען (מיט סטאלינען איז ניט שייך צו פארגלייכן אים: סטאלינס ראל אין דער רעוואלוציע איז געווען א קליינע). אבער ריזן ווערן אין פאלקלאר פון יעדער פאלק פארגעשטעלט ווי בייזע זשענים (אין אור־אלטן יידישן פאלקלאר, אין דער ביבל נאך, — די "נפילים", עוג מלך הבשן, גלית). דער קליינער, פשוטער מענטש מוז שטענדיק אנפירן א קאמף קעגן דעם בייזן ריז (צי ער פארמאגט בלויז איין אויג, צי גאנצע זיבן אויגן אין שטערן).

די וועלט וואלט געווען א סך א בעסערע וועלט, ווען זי האט ניט קיין ריזן פון דעם טראצקי טיפ.

* * * * *

טראצקי האט ביטער געקעמפט קעגן סטאלינען. טראצקי האט נאך מיט אייניקע יאר צוריק פארויסגעזאגט, אז סטאלין פירט דעם סאוועטן־פארבאנד צו א שותפות מיט היטלערן. אבער וואלט טראצקי אליין ניט געגאנגען אין סטאלינס וועגן, ווען אים געלינגט איבערצוכיטרעווען דעם גרוזין און זיצן איצט אויף זיין טראן אין קרעמל? וואלט ער מער געשאנעוועט זיינע קעגנער, ווי סטאלין? וואלט ער זיך אפגעשטעלט פון א שותפות מיטן טייוול, אויב ער וואלט געפונען, אז דאס דערנעענטערט אים צו עפעס א פארגעשטעלטן ציל?

אין זיין צייט האט טראצקי געהאנדלט פונקט ווי סטאלין. ער איז געווען אנטי־סטאליניסטיש, ווייל דער סטאליניזם איז געווען אנטי־טראצקי, צי אנטי־טראצקיסטיש.

* * * * *

און פון יידישן שטאנדפונקט איז טראצקי געווען דורכויס א פאסיוו, און קיין שום אקטיוו. ער האט זיך אפגעזאגט פון וועלכער ס'איז שייכות צום יידישן פאלק, אבער די יידישע שונאים האבן אים צוגעשריבן צו אונדז, אויפבלאזנדיק מיט אים די פייערן פונם אנטיסעמיטיזם. נו, איז פארוואס זאל איך באדויערן זיין טויט?

בלויז ווייל ס'איז געווען א מאָרד, אפילו ניט צוליב גערעכטיקייט, נאָר כדי צו באַפעסטיקן דעם טראָן פון א קעגנערישער אומגערעכטיקייט. איז עס דאָך א פאַסקודנע וועלט, פאַרדריסט עס . . .

## צום ערשטן מאַי

אין צאַרישן רוסלאַנד, ביים אָנהויב פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט, איז די פייערונג פון דעם ערשטן מאַי געווען פאַררעכנט פאַר א גרויסן פאַרברעכן, באַשטראָפט מיט טורמע און מיט סיביר. אָבער ניט געקוקט אויף די געפאַרן פאַרבונדן דערמיט, פלעגן יונגעלייט און מיידלעך, מיט גרויס מסירת נפש, דורכפירן די פייערונג. עס פלעגן זיך געפינען אפילו עטלעכע צענדליק מוטיקע בחורים און מיידלעך, וואָס פלעגן אַרויס דעמאָנסטרירן אין די גאַסן מיט רויטע פלאַגן, און מיט אויסרופן "נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!" קאָזאַקן, מיט נאַגייקעס, פלעגן צעממיתן די דעמאָנסטראַנטן, אָפט אויך שיסן און טויטן אייניקע פון זיי, — אָבער די דעמאָנסטראַציעס פלעגן ווערן פון יאָר צו יאָר אַלץ גרעסער און אימפּאַזאַנטער.

אין קעלערן, אויף בוידעמס, אין וועלדער, פלעגט מען מיט מסירת נפש צונויפקומען זיך און האַלטן פייערדיקע רעוואָלוציאָנערע רעדעס. ערשטער מאַי פּראָקלאַמאַציעס פלעגן דורך געהיימע הענט פאַרשפּרייט ווערן, און זיי פלעגן געלייענט ווערן מיט הייליקן עקסטאַז הינטער פאַרהאַקטע לאָדן.

היינט איז דער ערשטער מאַי, ווי א סך סאָציאַליסטן וואָס זיינען געוואָרן "אַלרייטניקעס", — א סך ערגער ווי געבאָרענע . . . אין צוויי לענדער, וואָס באַהערשן איצט פּאַקטיש גאַנץ אייראָפּע און א דריטל אַזיע, איז דער ערשטער מאַי אַן אָפיציעלער יום־טוב, — ער ווערט געפייערט אויף א ריזיקן מאַסשטאַב, מיט מיליטערישע מאַרשן, מיט עראָפּלאַנען, מיט טאַנקען. קאָנען דעם ערשטן מאַי איצט פייערן אויך די אונטערדריקטע, — די פאַרשיקטע אין דאַכאַו אָדער אין סיביר? . .

* * * * *

מיטן סאָציאַליזם האָט פּאַסירט אַז ערד דאָס זעלבע, וואָס מיט דער קריסטלעכער רעליגיע: ס'איז לכתחילה געווען דער גלויבן פון די שקלאַפן און די געדרודפטע, און דערנאָך איז עס געוואָרן א געצייג אין די הענט פון מאַכטהאָבער צו רודפן און צו אונטערדריקן אַנדערע. דאָס קריסטנטום האָט דער וועלט געבראַכט דעם געדאַנק פון מענטשנליבע, פון הויכער עטיק געירשנט פון די יידן. ווען דאָס קריסטנטום איז אָבער געוואָרן א

הערשנדיקע רעליגיע, האָט מען אין זיין נאָמען פאַרגאָסן טייכן בלוט און מען איז באַגאַנגען די שווידערלעכסטע גרויזאַמקייטן, — אין נאָמען פון ליבע.

די קריסטלעכע רעליגיע, וואָס איז לכתחילה געווען א רעוואָלוציאָנערער כוח, איז געווען די טרעגעריין פון דער פינצטערסטער רעאַקציע. פאַר א טויזנט יאָר האָט זי פאַרדעקט די אייראָפּעישע הימלען מיט די וואָלקנס פונם מיטלאַלטער. פירט איצט דעם פּאַראַלעל, און רעכנט אויס, וואָס וועט, חלילה, פּאַסירן ווען די נייע רעליגיע זאָל זיגן אין דער איצטיקער מלחמה און פאַרגעסט ניט, אז נאַציזם איז אן אָפּצווייגונג, א נוסח פון "סאָציאַליזם", וואָס קעמפט קעגן "פּלוטאָ־דעמאָקראַטיעס" און "צעפוילטן קאַפּיטאַליזם".

וועט איר זאָגן: אז דאָס איז קיין סאָציאַליזם ניט? ביי מיר האָט אזוי געפּועלט, אז דער מאָסקווער קאָמוניזם איז טאַקע אויך קיין סאָציאַליזם ניט. אזוי איז אָבער דאָס קריסטנטום פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן און דערנאָך פון טאָרקוועמאַדאָן אויך ניט געווען קריסטוסעס קריסטנטום, כאָטש די טערמינאָלאָגיע איז פאַרבליבן און פאַרהייליקט געוואָרן.

* * * * *

אלע גרויסע רעליגיעס זיינען צוערשט געווען רעוואָלוציאָנער. אזוי איז, נאַטירלעך, אויך סאָציאַליזם. עס איז ניט די שולד פונם קריסטנטום און פונם סאָציאַליזם, וואָס זיי זיינען אויסגענוצט געוואָרן פאַר רעאַקציאָנערע צוועקן. מאַכטהאָבערס נוצן זיך אויס מיט אלע מיטלען צו דערוועררבן די מאַכט, — און ניי האָבן אויסגענוצט רעליגיע ווען זי איז געווען א גרויסער פאַקטאָר אינם לעבן פון מענטשן, און היינט באַנוצן זיי זיך מיט סאָציאַליזם (אינם צווישן האָבן זיי באַנוצט זיך מיטן קאַפּיטאַליזם וועלכער גייט אויס פון א פּריצייטיקן עלטער).

היטלער האָט ביטער באַקעמפט דעם "יידישן מאַרקסיזם", אָבער ער האָט זיך אויסגענוצט מיט די סאָציאַליסטישע שטימונגען, וואָס אָט־דער מאַרקסיזם האָט ארויסגערופן אין לעבן. און איינער פון זיינע ערשטע אַקטן איז געווען צו דערקלערן דעם סאָציאַליסטישן יום־טוב פונם ערשטן מאַי, פאַר א נאַציאָנאַלן יום־טוב.

* * * * *

אָבער סאָציאַליסטן זיינען יאָ שולדיק, וואָס זייער סאָציאַליזם האָט אזוי געקאָנט ווערן דאָס געצייג אין די הענט פון איינער פון די פינצטערסטע רעאַקציעס אין דער מענטשלעכער געשיכטע. דער פאַקט וואָס אזויפיל אַנגעזעענע סאָציאַליסטן (ווענן קאָמוניסטן אָפּגערעדט), האָבן אזוי לייכט

געפונען א געמיינשאפטלעכע שפראך מיט היטלערן, באוויזט, אז זיי האָבן געפירט דעם סאָציאַליזם אין אָפּגרונט אריין. אין אָט־די קורצע שורות קאָנען מיר ניט אריינטראכטן זיך אין אָט־דער פראגע. אויב אָבער עס זיינען נאָך דאָ צווישן די פארבליבענע ערלעכע סאָציאַליסטן, אַזעלכע וואָס ווילן ניט ברעכן א טראדיציע און פייערן דעם ערשטן מאי, וואָלטן זיי איִם געדארפט פארוואנדלען אין א יום־כיפור — אין א טאָג פון חשבון־הנפש, תשובה און חרטה.

אפריל 29טן, 1941.

## וועגן אמתן סאָציאַליזם

מיט א צאָל יאָרן צוריק האָבן מיר ביי א פארזאמלונג פון א געוויסער אָרגאַניזאַציע, דאָ אין שטאָט, דיסקוטירט וועגן סאָוועטן־פארבאנד און סאָציאַליזם. דאן איז עס נאָך געווען אן ענין וועגן וועלכן ס'איז כדאי געווען צו פירן ויכוחים . . . דער שטאנדפונקט פונם שרייבער פון די שורות איבער אָט־דער פראגע איז אייך מסתמא באקאנט, אויב איר לייענט אים. נו, האָט מען דיסקוטירט אזוי לאנג, ביז אן אויסגעלינקטער פריינד האָט אויסגערופן צו אים: "זייט איר דאָך טאַקע א קנאפער סאָציאַליסט!"

דער טאָן זיינער איז געווען ווי פון יענעם תמימותדיקן, פרומען יידן, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערהערט ווי אן אפיקורוס לייקנט אין גאָט, רחמנא לצלן: "אוי, וויי, ביסטו דאָך טאַקע אן אפיקורוס!" ביי מיר האָט דער טאָן דער ארויסגערופן א שמייכל, — דאן איז שוין אויף דער וועלט געווען נאַציזם (כאָטש ניט אין מאכט), וואָס האָט אויף זיך אויך געטראָגן דעם עטיקעט פון סאָציאַליזם.

מיין ענטפער איז דאָך טאַקע געווען: אויב דאָס איז סאָציאַליזם, דאן בין איך צופרידן ניט צו זיין פאררעכנט פאר קיין סאָציאַליסט. ס'איז דאָך אָבער א גאנץ אנדער סאָציאַליזם וועגן וועלכן אונדזער אויסגעלינקטער חבר האָט מיט א סך פון אונדז אמאָל געחלומט . . . איך בין מער ניט שאָקירט געוואָרן, ווען איך האָב מיט א געוויסער צייט צוריק געלייענט, אז דער פּראָמינענטער בעלגישער סאָציאַליסטישער פירער, הענדריק דע מאן, איז געוואָרן א היטלעריסט. דאָס האָבן שוין ביז איִם אָפּגעטאָן א סך סאָציאַליסטן, — וועגן קאָמוניסטן איז דאָך אָפּגערעדט.

איך האָב שוין געהערט דאָ פון קאָמוניסטעוואטע יידן, — "נאָך אַלעמען איז דאָ עפּעס אין היטלערס קאַמף קעגן קאפּיטאַליזם". עס זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס גלויבן באמת, אז דורך היטלערן קאָן קומען די סאָציאַליסטישע ישועה!

ס'איז קיין וואונדער ניט: פון סאָציאַליזם האָט מען געמאַכט א געטשקע, מיט א רעליגיע. מיר, אין אונדזערע יונגע נאַיווע יאָרן, האָבן באַטראַכט דעם סאָציאַליזם ווי א מיטל צו דערלייזן דעם מענטשן, — ס'איז ביי אונדז געווען פאַרבונדן מיט דער אמתער פאַרווירקלעכונג פון די גרויסע לאָזונגען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, — "פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט", — אָבער באמת איז דער סאָציאַליזם געווען א ציל פאַר זיך אליין, אליין פאַר זיך "די דערלייזונג".

און דאַן האָט ער אָנגעהויבן אויסגענוצט ווערן פאַרט ווי א מיטל, אָבער צו גאַנץ אַנדערע צוועקן — פאַר מאַכט און פאַר אונטערדריקונג. פריער האָבן נאָך מענטשן באַנוצט זיך פאַר אַט־די צוועקן מיט רעליגיע, מיט קאַפּיטאַליזם, און איצט האָט מען זיך אָנגעהויבן באַנוצן מיט סאָציאַליזם.

* * * * *

עס זיינען אמאָל געווען מענטשן, וואָס האָבן געגלויבט באמונה שלימה אינם אַפּגאָט מולך. ווען זיי וואָלטן ניט געגלויבט אין אים פון טיפסטן הארצן, וואָלטן זיי דאָך ניט געקענט ברענגען פאַר אים זייערע אייגענע קינדער פאַר קרבנות.

אין זיין בוך "דער מאַן פון נוצרת" ("נאַזארין") באַשרייבט שלום אַש א סצענע, ווי עלטערן האָבן מיט שמחה פאַרברענט זייערע קינדער אין די קופּערנע אָרעמס פון אַט־דעם אַפּגאָט. די סצענע איז שוידערלעך און אַפּשיילעך.

ס'איז דערפאַר ניטאָ וואָס נתפּעל צו וואָס פון "אמתן גלויבן", וואָס פאַרט זיך ביי אונדז אַפּט אין געדאַנק מיט אידעאַליזם. אויב געמיינהייטן ווערן באַגאַנגען אין נאָמען פון גלויבן, איז דאָס ניט קיין אידעאַליזם, ווען אפילו מען ברענגט דערפאַר די גרעסטע קרבנות, ס'איז מיאוסע געצנדינעריי, און די מענטשן וואָס טוען עס זיינען גיכער פאַרפירטע אָדער פאַרדאַרבענע, איידער אידעאַליסטן.

און אַט־דער סאָציאַליזם, אָדער קאָמוניזם, אין נאָמען פון וועמען מען קאָן זיך דערקייקלען צו היטלעריזם, איז ניט קיין אידעאַל, — ס'איז מיאוסע געצנדינעריי.

* * * * *

א רוסישער גלח האָט פאַר מיר אמאָל דערקלערט, פאַרוואָס די קריסטלעכע קירך באַנוצט זיך מיט איקאָנעס ,ניט געקוקט אויף א בפירושן פאַרבאָט אין די עשרת הדיברות. פאַרן פאָלק, האָט ער געזאָגט, קאָן מען ניט געבן קיין אַבסטראַקטן גאָט, — עס וועט אים ניט באַנעמען. מען מוז

אים געבן א קאָנקרעטע אָפּשפּיגלונג פונם גאָט, וואָס ער זאָל זען מיט די אויגן און אָנטאַפּן מיט די הענט.

פאַר אָט־דער נאָכגעביקייט, האָט דאָס קריסטנטום אפשר פאַר־שלעפּט די מענטשלעכע געשיכטע אינם פינצטערן מיטלאַלטער אריין.

דער סאָציאַליזם, אויף וויפל ער איז געוואָרן מאַרקסיסטיש, האָט זיך אויך קאָנקרעטיזירט. ער האָט גערעדט מיט דער שפּראַך פון ברויט מיט פּוטער. דאָס האָט אים געמאַכט פּאָפּולער, אָבער האָט אים אויך דערפירט ביז צום נאַציזם, — און צו א מענלעכן נייעם מיטלאַלטער, אויב ער זאָל, חלילה, זיגן. דאָס איז אָבער באמת גאָר קיין סאָציאַליזם ניט. דער אמתער סאָציאַליזם איז ניט קיין געמשקע, נאָר א מיטל צו דער דערהויבונג פונם מענטשן, צו זיין אויסלייטערונג. ס'איז דער וועג צום אמתן גלויבן, — צו אָט יענעם גלויבן פון די אַלטע יידישע נביאים, — דעם גלויבן אין אמת און יושר, אין גערעכטיקייט און מענטשלעכקייט.

מאי 9טן, 1941.

## סי. סי. עף.

לויט אן אויספאָרשונג געמאַכט פונם קאַנאַדער "גאַלאָפּ פּאָל", פונם אינסטיטוט פון עפנטלעכער מיינונג (ווי פאַרעפנטלעכט אנומלט אין א היגער צייטונג), איז אין משך פון די לעצטע פאַר יאָר גוואַלדיק גע־שטיגן דער איינפלוס פון דער קאַנאַדער קאָמאָנוועלט פעדעראַציע (סי. סי. עף.), בעת דער איינפלוס פון די אַלטע פּאַרטייען איז פּראָפּאָרציאָנעל געפאַלן. די ליבעראַלע ווײלערשאַפט איז לויט דער אויספאָרשונג, געפאַלן פון 55 פּראָצענט אין די וואַלן פון 1940, צו 30 פּראָצענט, און די קאָנ־סערוואַטיווע, פון 31 צו 23 פּראָצענט; בעת די סי. סי. עף. ווײלערשאַפט איז געשטיגן פון 8 פּראָצענט צו 21 פּראָצענט (מיט 17 אָנשטאָט 6 פּראָ־צענט פאַר אנדערע פּאָליטישע גרופּירונגען).

לויט די דאָזיקע ציפערן קומט עס אויס, אז די סי. סי. עף. איז קאַנאַדע גייט זייער שנעל אינם וועג פון דער בריטישער ארבעטער פּאַרטיי, — צו פּאָליטישן איינפלוס, — און אפשר צו פּאָליטישער מאַכט. מיטן איינציקן אונטערשייד, וואָס אין ענגלאַנד האָט זי ארויסגעקוועטשט די ליבעראַלע פּאַרטיי, און אין קאַנאַדע וועט זי גיכער ארויסקוועטשן די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי, וועלכע זי יאָגט שוין אָט־אָט אָן.

* * * * *

עס קאָן זיין א חילוק הדעות וועגן דעם, אויף וויפל געננוי זיינען די רעזולטאַטן פון די פאָרשונגען פונם "גאַלאָפּ פּאָל" (מערסטנס ווייזן

זיי זיך ארויס זייער געגוי), אָבער אַז דעם "גאַלאָפּ פּאָל" פּילט זיך אויך דער שטייגנדיקער איינפלוס פון דער סי. סי. עף. אין קאַנאַדער פּאָליטישן לעבן. די סי. סי. עף. איז שוין די אָפיציעלע אָפּאָזיציע אין צוויי פּראָווינציעלע לעגיסלאַטורן (סאסקאַטשעוואַן און בריטיש קאָלומביא). זי הויבט אָן אַריינדרינגען אויך אין די מזרח פּראָווינצן, האָט שוין אַ שטאַרקן באָדן אין אָנטעריאָ און דערגרייכט שוין אפילו קוועבעק, און זי קאָן באַלד ווערן די אָפיציעלע אָפּאָזיציע אינם פעדעראַלן פּאַרלאַמענט. און פון דעם מצב אָפיציעלע אָפּאָזיציע צו מאַכט איז ניט קיין גרויסער שפּרונג. אַ סי. סי. עף. רעגירונג אין קאַנאַדע, לויט די איצטיקע אויסזיכטן, איז אַזוי אַ מעגלעכקייט פון דער ניט־ווייטער צוקונפט.

* * * * *

ווען איך וואָלט געווען די סי. סי. עף., וואָלט איך ניט געווען צו האַפּערדיק איבער אַט־דעם אויסזיכט, און איך וואָלט מיין פּרעסע ניט דערלויבט קיין צו געהויבענעם טאָן. איך וואָלט אויפגענומען די גרויסע אחריות, וואָס די געשיכטע האַלט ביי ארויפלייגן אויף מיינע פּלייצעס, מיט ערפורכט און מיט באַשיידנקייט. אַט, ווי אונדזער אַ שליח ציבור טרעט צו צו די ימים־נוראימדיקע תפילות מיטן "הנני העני", אויסדריקנדיק זיין מורא און צווייפל, טאָמער איז ער ניט פּאַסיק פאַר דער גרויסער שליחות.

איך וואָלט געפילט, אַז איך בין ניט סתם אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, ווי די אַלטע פּאַרטייען, ווער דאַרף עס דען נאָך אַ נייע פּאָליטישע פּאַרטיי? איך קום דאָך מיט אַ נייעם וואָרט פון דערהויבונג און דערלייזונג, פאַר אַ נייער מענטשלעכער געזעלשאַפט. עס גייט מיר ניט אין פּאַרכאַפּן די מאַכט, נאָר אין איינפירן נייע, העכערע פּרינציפּן פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן.

איך וואָלט דערפאַר אויסגעמידן דעם געוויינלעכן פּאָליטישן שפּיל. איך וואָלט געשטימט לויט מיין געוויסן, און ניט צו געווינען פּאָליטישן פּאַרצוג. איך וואָלט אפילו געשטיצט מיינע פּאָליטישע קעגנער, ווען איך פיל, אַז זיי זיינען גערעכט! אדרבא, זאָלן זיי געווינען פּאָליטישן פּרעסטיזש דורך גערעכטע האַנדלונגען און זאָלן זיי באַמיען זיך צו זיין גערעכט . . . איך וואָלט אָנגעהאַלטן אַ ווירדיקן טאָן אין מיין פּרעסע און אין מיינע פּאָליטישע קאַמפּיינען. איך וואָלט בעסער אויסגעקליבן צו פאַרלירן וואַלן, איידער צו געווינען זיי דורך פּאָליטישע מאַנעווורען און דורך נאַרן די וויילער.

* * * * *

די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען האָבן געהאַט אַ גוואַלדיקן איינפלוס אויפן געדאַנק פון מענטשן אין משך פון די לעצטע דורות, און

זייער איינפלוס איז גראד געשטיגן באזונדערס די לעצטע צייטן, כאטש די באוועגונגען גופא האבן געליטן שרעקלעכע פיזישע און מאראלישע מפלות. ביי היינטיקן טאג, למשל, זיינען שוין דא א סך פון די סאמע קאנסער־וואטיווע מענטשן, וואס הויבן אן צו אנערקענען, אז געזעלשאפטלעכער ווילזיין קאן זיין וויכטיקער ווי די פארהייליקטע פרינציפן פון פריוואט אייגנטום און דעם "פראפיטן מאטיוו".

די אמתע סאציאליסטישע ירידה איז געקומען אומעטום ווו די סאציאליסטן זיינען געקומען צו מאכט. ווי מיט אלע אנדערע ריכטונגען אין אזעלכע פאלן, ווערט "דראנג צו מאכט" דער הויפט־ציל צו וועלכן אלץ דארף דינען, איינשליסנדיק די פרינציפן . . . און דערפאר, ווען איך בין די סי. סי. עף., וואלט איך זיך גארניט געיאגט אזוי נאך מאכט. איך וואלט בעסער אויסגעקליבן צו באווירקן דאס לעבן אזוי, אז עס זאל זיך אנטוויקלען א מענטשלעכע געזעלשאפט מיט א שטארקן סאציאליסטישן באוווסטזיין, אזוי אז קיין מאכט זאל בכלל ניט נויטיק זיין אויף ארויפ־צווינגען אויף איר א העכערן שטייגער פון לעבן

נאטירלעך, בין איך ניט די סי. סי. עף., און די סי. סי. עף. פרעגט ביי מיר קיין דעות און קיין עצות ניט. איך דריק דא אויס נאר מיין איי־גענעם ווונטש, וואס קאן אפשר זיין אויך דער ווונטש פון אייניקע סי. סי. עף. מיטגלידער . . .

סעפטעמבער 22טן, 1942.

## "אינסענטיוו"

עס זיינען דא א סך זאכן וואס ס'איז ניט פיין אנצורופן מיט זייער אייגענעם נאמען. צו אט די זאכן באלאנגען היינטיקן צייטן אויך "קאפיטאליסטישער סיסטעם" און "פראפיטן מאטיוו".

היינט איז ניט אנשטענדיק אויסטאן דעם קאפיטאליסטישן סיס־טעם נאקעט פאר דער וועלט, אנרופנדיק אים מיט זיין נאמען, וואס גיט אונדז אן אנצוהערעניש אויף עקספלואטאציע פון פרעמדער ארבעט, אויף דריקנדיקער ארימקייט און אויף רואינירנדיקע . . . "דעפרעסיעס" (שיר ניט געזאגט "קריזיסן", וואס איז אויך א ניט־אנשטענדיק ווארט). היינט זאגט מען דער סיסטעם פון "פרייער אונטערנעמונג", וואס דעקט צו די קאפיטאליסטישע נאקעטקייט מיט א מאנטל פון פרייהייט.

און "פראפיטן מאטיוו" איז היינט אויך א גראבער אויסדרוק. היינט הייסט עס "אינסענטיוו", — דערמונטערונג, א מין סארט טרייב־קראפט צו פראדוצירן וואס מער און אזוי באררייכערן די געזעלשאפט.

דער רעזולטאַט פון דעם "אינסענטיוו" איז טאַקע דער זעלבער, וואָס פון דעם נאַקעטן פּראָפיטן סיסטעם. אָבער איר, וואָס קריגט אפשר ארוים פון דעם נאָר קאַפּיטאַליסטיק און לײדיקע קעשענעס, קענט זיך טרייס־טן מיט דער "נאַציאָנאַלער פּראָדוקציע". איר קאָנט זיך אויסרעכענען, אַז איר זייט גאָר ניט אזא אָרימאַן ווי איר מיינט, ווייל, אין דער אמתן, פאַרמאָגט איר, בשותפות מיט ראקעפעלערן און פאָרדן, א פּאָר ביליאָן דאָלאַר, כן ירבו!

* * * * *

אונדזער גוטער און זייער ליבעראַלער שכן פון טאָראָנטאָ, די "סאַטורדעי נייט", האָט לעצטנס געגומען שטאַרק צום האַרצן דעם "אינ־סענטיוו" און האַלט אים אין איין פאַרטיידיקן. נאַטירלעך, זאָרגט זי זיך ניט פאַר די קאַפּיטאַליסטן (זיי זיינען בכלל זייער עלנט, און קיינער זאָרגט זיך ניט פאַר זיי, — אפילו ניט זיי אליין), — זי זאָרגט זיך פאַרן פאָלק, פאַר וועמען אלע זאָרגן זיך היינטיקע צייטן.

און, אין די אינטערעסן פונם פאָלק, איז סאָציאַלע זיכערקייט, קומט עס אוים, זייער א שלעכטע זאַך. ווען מיר זאָלן גיין אין אָט דעם וועג וואָס די רעגירונג אונדזערע האָט לעצטנס אָנגעפאַנגען, וועלן מיר, סוף־כל־סוף, מוזן אָנהויבן גיין איבער די הייזער.

פריער פון אלץ, מוז מען פאַר סאָציאַלער זיכערקייט רייסן גרוי־סע שטייערן. איז פון וועמען רייסט מען זיי איבערהויפּט? פון די רייכע. איז אַז מען נעמט אוועק פון זיי דעם "אינסענטיוו", ווילן זיי ניט פּראָ־דוצירן, איז וווּ וועט מען נעמען געלט אויף סאָציאַלער זיכערקייט?

און איצט קומט די "סאַטורדעי נייט" (אין איר לעצטער אוים־גאַבע) צו דער צווייטער זייט פון דער פראַגע, — צו דעם ארבעטער. אז ארבעטער וועלן זיין גוט באַזאָרגט דורך סאָציאַלער זיכערקייט, וועלן א סך פון זיי פאַרלירן דעם "אינסענטיוו" צו ארבעטן (ס'איז נאָך גוט, וואָס מען אנערקענט פאַר ארבעטער אויך א רעכט אויף "אינסענטיוו"). און אַז ארבעטער וועלן ניט ארבעטן, וועט אונדזער נאַציאָנאַלע הכנסה אָנהויבן פאַלן און עס וועט ניט זיין מיט וואָס צו צאָלן סאָציאַלע זיכער־קייט בענעפיטן.

* * * * *

דאָס איז טאַקע שלעכט. אָבער לאָמיר א קוק טאָן אביסל אויף צוריק:

צווישן 1929 און 1938 האָבן מיר געהאַט "פרייע אונטערנעמונג" אין פולן שוווּנג און "אינסענטיוו" אין דער פולסטער מאָס. הכנסה שטייערן זיינען געווען זייער קליין און גרויסע פאַרדינערס זיינען ניט

באריסן געוואָרן, און קיין סאָציאַלע זיכערקייט, וואָס זאָל מאַכן ארבעטער פויל, האָבן מיר פּאַקטיש ניט געהאַט.

און דאָך איז עפּעס געווען אַ שטעקן, וואָס האָט זיך אַריינגע־שטעקט אין דעם ראָד, און ס'איז ניט געגאַנגען. קאַנאַדעס נאַציאָנאַלע הכנסה איז געפאַלן צו עפּעס איבער דריי ביליאָן דאָלאַר אַ יאָר אין משך פון אַט די יאָרן.

זינט דער מלחמה איז די פרייהייט פון "פּרייוועט אונטערנעמונג" שטאַרק געשניטן געוואָרן, און פונם "אינסענטיוו" האָט מען געריסן אַ פּאַס דורך הויכע שטייערן, און אונדזער נאַציאָנאַלע הכנסה איז געשטיגן ביז וואָסערע צען ביליאָן דאָלאַר אַ יאָר, און כאָטש די מלחמה האָט אונדז געקאָסט פיל ביליאָנען, האָבן מיר דאָך געלעבט עקאָנאָמיש בעסער ווי ווען פריער.

* * * * *

"אינסענטיוו" איז טאַקע אַ וויכטיקער ענין, אָבער עס זיינען בלי־ספק דאָ אַנדערע טרייבקראַפטן, חוץ פּראָפיטן. מיר קאָנען די לעצטע טאַקע אפשר ניט אַוועקמאַכן אינגאַנצן מיטן האַנט (דער קאָמוניסטישער סיסטעם אין רוסלאַנד קומט אויך אָן צו עקאָנאָמישן "אינסענטיוו" אויף זיין אייגענעם שטייגער). אָבער מיר מעגן צוגעבן, אַז זיי שפּילן ניט קיין געהויבענע ראָל אין אונדזער מאָדערנעם לעבן און זיי זיינען אַ רעזולטאַט פון אַ נידעריקער מאָראַל אין אונדזער געזעלשאַפט.

אפילו היינט זיינען דאָ מענטשן וואָס גיבן אַוועק מאַסן צייט און ענערגיע אויף געזעלשאַפטלעכער ארבעט, אָן געדאַנק פון פּערזענלע־כע פּראָפיטן. און אַ סך געלערנטע זיינען זיך מקריב פאַר וויסנשאַפט־לעכע דערגרייכונגען אויך אָן וועלכן ס'איז געדאַנק פון מאַטעריעלע פּראָפיטן.

כבוד, למשל, קאָן זיין אויך אַ וויכטיקער "אינסענטיוו", און, כאָטש דאָס איז אויך ניט פון די געהויבנסטע מאָטיוון, איז כדאי צו דערמוטיקן אים אין פאַרגלייך מיט פּראָפיטן. נאָך העכער איז דער מענטשלעכער דראַנג צו דערגרייכונגען, און נאָך העכער — דער דראַנג צו ברענגען נוצן דער געזעלשאַפט.

וואָלטן מיר אפשר געפּרוווט דערציען אונדזער געזעלשאַפט אינם גייסט פון אַט די "אינסענטיווס"?...

אַפּריל 15טן, 1947.

## צו וואָס צענזור ?

פאַר האַראָלד סטאַסען, געוועזענער גאָווערנאָר פון מינעזאָטאַ, האָט פּרעמיער סטאַלין דערקלערט, אַז ס'איז זייער געווונטשן אַז „פּרעסע, אויסלענדישער האַנדל און קולטורעלער אויסטויש" צווישן סאָוו. רוסלאַנד און די אַנדערע לענדער זאָלן זיי אויף אַ פרייען באַזיס. ליידער אָבער געפינט סאָוועט רוסלאַנד דערווייל ניט די מעגלעכקייט אָפּצושאַפן די צענזור פאַר אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, האָט ער געזאָגט.

געוויסע אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן, האָט דער סאָוועטישער פּרעמיער געזאָגט, לויט אָט דעם באַריכט, האָבן „אַ שלעכטע שטימונג" בנוגע סאָוועט רוסלאַנד. דערפאַר, הייסט עס, קאָן סאָוועט רוסלאַנד ניט באַהויפּטן אָפּצושטעלן די צענזור.

ביי איינציקע געלעגנהייטן האָט סאָוועט רוסלאַנד אָפּגעלאָזן די צענזור, און זי האָט דערנאָך געמוזט חרטה האָבן. אַזוי למשל, האָט אַן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט אין 1944 געשיקט אַ דעפּעשע דער־ציילנדיק, אַז בעת אַ באַנקעט ביי דער „גרויסע דריי" קאָנפערענץ אין טעהעראַן לכבוד ווינסטאָן טשוירטשיל, האָט ער, סטאַלין, דערלאַנגט טימאָשענקאָן אַ קנאַק איבערן קאָפּ מיט אַ פלאַש, ווען יענער האָט זיך אָנגעשיכורט און האָט אָנגעהויבן פּלאַפּלען אויסערן וועג.

* * * * *

די דאָזיקע מעשה איז אמת. אַ קאָרעספּאָנדענט פון יונייטעד פּרעס האָט טאַקע געשיקט אַזאַ דעפּעשע, און זי איז פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן אין די היגע ציימונגען. שפּעטער איז די געשיכטע אָפּגעלייקנט געוואָרן, און אגב האָט די יונייטעד פּרעס אַליין אַנטשולדיקט זיך פאַר איר צו סאָוועט רוסלאַנד.

אַזעלכע ניט־געשטויגענע ניט־געפלויגענע געשיכטעס זיינען קיין בייעס ניט אין אונדזער פּרעסע, וואָס האָט ניט קיין צענזור איבער זיך. עס פּאַסירט אויך אַז דאָס זיינען געשיכטעס פון אַ סך אַ מער בייז־וויליקן כאַראַקטער, ווי יענע מעשה מיט סטאַלינען און טימאָשענקאָן.

אָבער אַזעלכע אויסגעטראַכטע מעשות קאָן מען ביי אונדז פאַר־עפנטלעכן ניט נאָר וועגן סטאַלינען, נאָר אויך וועגן פּרעזידענט טרומאַן, אָדער פּרעמיער קינג. יענע וועלן ניט אַלעמאָל געפינען פאַר נויטיק אפילו אָפּצולייקענען זיי.

קיין צענזור צוליב דעם טראַכט מען אפילו ביי אונדז ניט איינ־

פירן. מען פארלאזט זיך אויף דער אינטעליגענץ פונם לעזער, אז ער זאל זיך פאנאנדערקלייבן צווישן אמת און סענסאציע.

מאכט סאוועט רוסלאנד טאקע בעסער אוים מיט דער צענזור?

* * * * *

מיר דא האבן ניט קיין צענזור פאר סאוועטישע קארעספאנדענטן, און מען קאן ניט זאגן, אז זיי האבן ניט קיין "שלעכטע שטימונג" בנוגע אונדזערע לענדער. זיי האבן בפירוש אזא, און אין זייערע קארעספאנדענצן צו סאוועטישע צייטונגען זיינען זיי בפירוש טענדענציעז.

מיר האבן אז א צאל מאל געזען אין די צענזורירטע סאוועטישע צייטונגען בפירוש פאלשע באריכטן פון דער זייט ים. איין ביישפיל איז דא ניט לאנג געווען באריכטעט אין דער היגער "טריביון", — צו דער־ווייזן אז קאנאדער זיינען קריגעריש געשטימט צו סאוועט רוסלאנד, האט די סאוועטישע פרעסע איבערגעגעבן אן עדיטאריעל פון דער "טרי־ביון" פונקט פארקערט (די "טריביון" האט פארעפנטלעכט איר עדי־טאריעל זייט־ביי־זייט מיט דעם סאוועטישן פארקערטן נוסח פונם נעמ־לעכן עדיטאריעל).

ביי אונדז, אן צענזור, קאנט איר לייענען סיי איין זייט פון דער געשיכטע, און סיי א צווייטן, און אורטיילן ווו ס'איז דער אמת. אבער דארטן ווו ס'איז דא צענזור, און אט די צענזור איז פאראינטע־רעסירט אין א געוויסן שטאנדפונקט (און צענזור האט אלעמאל א שטאנדפונקט), דארטן קאנט איר האבן נאר דאס וואס דער צענזור ווינט זיך איר זאלט וויסן, — צי ס'איז אמת, צי ניט.

* * * * *

די קארעספאנדענטן "שלעכט געשטימט" צו סאוועט רוסלאנד געפינען שוין זייער קוואל פון ניט גינסטיקע נייעס. אויב ניט פון רוס־לאנד דירעקט, שעפן זיי די ידיעות פון דרויסנדיקע און מערסטנס פיינד־לעכע קוואלן.

דער רעזולטאט דערפון איז אט וואס: פון סאוועט רוסלאנד האבן מיר קיינמאל ניט קיין ראיעלע באריכטן. אדער מיר קריגן ידיעות וואס די צענזור דערלויבט, לויט וועלכע סאוועט רוסלאנד איז א גן־עדן אין וועלכן עס שוועבן 180 מיליאן מלאכים מיט סטאלינען בראש; אדער פיינדלעכע באריכטן, לויט וועלכע ס'איז א לאנד מיט 180 מיליאן טייוואלים, מיטן אשמדי, סטאלין בראש.

ביידע זיינען ניט ריכטיק, ווייל זיי זיינען טענדענציעז און

באַפאַרבט.ביידע העלפֿן ניט פֿאַרשטאַרקן פֿריינדשאַפֿט צו סאָוועט רוס־לאַנד, ווייל ביידע גיבן ניט קיין מענטשלעך בילד פֿון מענטשן און פֿון אַ געזעלשאַפֿט מיט אַלע מענטשלעכע מעלות און מענטשלעכע שוואַכקייטן.

די מעשה מיט סטאַלינען וואָס האָט דערלאַנגט טימאָשענקאָן מיט אַ פֿלאַש וואָלט געווען אַבסאָלוט אומשעדלעך, ווען מיר קריגן תמיד פֿרייע, ניט צענזורירטע באַריכטן פֿון סאָוועט רוסלאַנד ווי פֿון אַלע אַנדערע לענדער. עס וואָלטן דאַן צווישן אונדז איינגעשטעלט זיך פּשוטע מענטשלעכע באַציונגען, מיט מענטשלעכער פֿאַרשטענדעניש פֿאַר די רו־סישע מעלות און חסרונות.

אַפּריל 22טן, 1947.

## בריטישע אַרבעטער רעגירונג

די בריטישע לייבאָר פּאַרטיי קאָנווענשאַן אין בורנעמאַוט האָט גוט אויפֿגענומען פּרעמיער אַטלי. כאָטש געוויסע גרופּן אין דער פּאַרטיי זיינען ניט צופֿרידן מיט איין האַנדלונג אָדער אַן אַנדערער פֿון דער אַרבעטער רעגירונג, איז מען אָבער בכלל קאַנטיק יאָ צופֿרידן מיט די דערגרייכונגען פֿון ענגלאַנדס ערשטער סאָציאַליסטישער רעגירונג און מיט אירע גוטע צוזאָגן אויף ווייטער.

מר. אַטלי האָט צוגעזאָגט איינפֿירן סאָציאַליזם אין לאַנד, און ער פֿירט דורך זיין פּראָגראַם זייער ענערגיש. עס ווערן נאַציאָנאַליזירט איין אינדוסטריע נאָך דער אַנדערער, און זייער פּראָדוקציע ווערט אָנ־געווענדעט פֿאַר נאַציאָנאַלן וווילזיין, אַנשטאָט פּריוואַטע פּראָפֿיטן.

לויט דער שנעלקייט מיט וועלכער די נאַציאָנאַליזאַציע גייט אָן, קאָן אָט די רעגירונג, אין משך פֿון איר איצטיקן טערמין, פֿאַרוואַנדלען גרויס בריטאַניע אין אַ לאַנד וווּ "פּריוואַטע איניציאַטיווע" וועט פֿאַר־בלייבן בלויז אויף די געביטן פֿון קליינעם האַנדל אין קליידער פּראָדוקציע. אַלע גרעסערע אונטערנעמונגען וועלן זיין נאַציאָנאַליזירט.

אמת, פֿאַר די נאַציאָנאַליזירטע אינדוסטריעס און אונטערנע־מונגען ווערן די אייגנטימער באַלוינט. דאָס מיינט אויסגעבן ביליאָנען דאָלערס, וואָס מען וואָלט געקאָנט איינשפּאָרן דורך קאָנפֿיסקאַציע. דאָס איז אָבער נאָך אַלץ ביליקער ווי בירגער קריג, מיט עקאָנאָמישן חורבן און בלוט פֿאַרגיסונג וואָס קומט דערפֿון אַרויס.

* * * * *

די אַרבעטער פּאַרטיי מעג זיין צופֿרידן. איר ערשטע רעגירונג

האָט דערוויזן, אַז מען קאָן איינפירן סאָציאַליזם אָן בירגער קריג און אָן צעטרייסלונגען.

זי האָט דערוויזן, אַז די באַשולדיקונג געמאַכט קעגן דער פּאַרטיי אַז זי וועט איינפירן אַ "נאַציאַן" (דיקטאַטאָרישן) רעזשים, געמאַכט קעגן איר פון די קאָנסערוואַטיוון, מיט ווינסטאָן טשוירטשיל בראש, איז געווען פאַלש. די פּאָליטישע פרייהייטן און בירגערלעכע רעכט פון די בריטישע בירגער זיינען ניט באַרירט געוואָרן אויף אַ האָר, — כאָטש עקאָנאָמישע הפקרות איז יאָ אָפּגעשאַפן געוואָרן און דאָס עקאָנאָמישע לעבן ווערט יאָ קאָנטראָלירט, — וואָס אַ ניט־סאָציאַליסטישע רעגירונג וואָלט אויך געמוזט טאָן אונטער די איצטיקע נאָך־מלחמהדיקע באַדינגונגען אין ענגלאַנד.

אין גאַנץ ענגלאַנד איז דאָ נאָר איין גרעסערע צייטונג וואָס איז פאַר דער רעגירונג, — דער דיילי העראַלד. אַלע אַנדערע צייטונגען זיינען קאָנסערוואַטיוו אָדער ליבעראַל, און זיי באַקעמפן די סאָציאַליסטישע רעגירונג.

אָבער די רעגירונג טראַכט אפילו ניט פון קאָנטראָלירן די פרעסע און צוימען זי. אדרבא, רעגירונגס מיניסטאָרן טרעטן אָפט אַרויס גלאָריפיצירנדיק די פרייהייט פון וואָרט אין ענגלאַנד, ווי אַ יסוד פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

די בריטישע אַרבעטער רעגירונג האָט דערוויזן, אַז מען קאָן איינפירן סאָציאַליזם אָן צוימען די פרעסע, צו פאַרמאַכן דאָס מויל פון יעדער קעגנער, אָן פאַרבאָטן אַ וואָרט פון קריטיק. מיט איין וואָרט: זי האָט דערוויזן, אַז סאָציאַליזם קאָן איינגעפירט ווערן אָן בלוט פאַרגיסונג און אונטער באַדינגונגען פון פולסטער בירגערלעכער פרייהייט.

* * * * *

עס איז געווען ביי דער קאָנווענשאָן קריטיק, איבערהויפּט פון דער אויסלענדישער פּאָליטיק פון דער אַרבעטער רעגירונג. צווישן אַנדערש, איז קריטיקירט געוואָרן די ארץ ישראל פּאָליטיק פון דער רעגירונג.

די מיטגלידער פון דער רעגירונג אַליין וואָלטן דאָך קריטיקירט אַזאַ אויסלענדישע פּאָליטיק ווי זייער אייגענע, איידער זיי זיינען אַריין אין מאַכט. אַ סך ענגלענדער, וואָס זיינען פערזענלעך ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער שאַפונג און דעם דורכפיר פון ענגלאַנדס פּאָליטיק, זיינען בנוגע איר זייער ליבעראַל און פריינגעביק, און ערשט ווען זיי גייען אַריין אין מאַכט ווערן זיי קאַרג און פאַרזיכטיק.

דער אמת איז אָבער, אַז די דאָזיקע קריטיק איז געווען א גאַנץ באַשיידענע. קיינעם פון די קריטיקערס וועט ניט אַרויף אויפן זינען צו פאַרלאַנגען, אַז די אַטלי רעגירונג זאָל רעזיגנירן, דערפאַר, למשל, וואָס זי דערפילט ניט דער פּאַרטייס פאַרפליכטונגען צו יידן בנוגע ארץ ישראל.

* * * * *

וואָס, וואָס, אָבער ווען עס קומט צו באַציונגען מיט דער דרויסנ־דיקער וועלט, ווייסן די אומות העולם דעם סוד פון אחדות. אַזוי זיינען ניט נאָר די ענגלענדער, נאָר אויך די אַנדערע פעלקער פון דער וועלט.

די סאָציאַליסטישע רעגירונג פון ענגלאַנד פאַרהיט די בריטישע אימפּעריאַלע אינטערעסן ניט ווייניקער, ווי דאָס וואָלט געטאָן א קאָנסערוואַטיווע רעגירונג. אין אייניקע פאַלן באַנוצט זי זיך מיט אַנדערע מעטאָדן (צוריקציִען, למשל, ארמיי פון עגיפּטן), און אין אַנדערע פאַלן גייט זי אין די זעלבע וועגן וואָס א קאָנסערוואַטיווע רעגירונג, ווי למשל, אין אַפּיזמענט צו די אַראַבער אויפן חשבון פון די יידן.

נאַציאָנאַלע אינטערעסן שפּילן די ערשטע ראָל אינם לעבן פון פעלקער, זעט עס אויס. דאָס איז ריכטיק אויך, בנוגע סאָציאַליסטישע, און אפילו קאָמוניסטישע לענדער.

די בריטישע לייבאָר פּאַרטיי וועט דערפאַר מסתמא ניט מאַכן קיין איבעריקס גרויסן צימעס פון די ניט־סאָציאַליסטישע שטריכן פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק פון דער סאָציאַליסטישער רעגירונג. וויכ־טיק פאַר איר איז אַז זי זאָל איינפירן סאָציאַליזם ביי זיך אין לאַנד, און דאָס, מוז מען צוגעבן, טוט זי מיט גאָר באַדייטנדיקן דערפאָלג.

יוני 14טן, 1946.

# קייען איז ניט הבל

אימעצער האָט אמאָל געזאָגט, — נאַפּאָלעאָן, אַלעקסאַנדער מוקדון אָדער אפשר גאָר משה נאדיר, — אַז "אַן אַרמיי מאַרשירט אויף איר מאָגן". מאכט רש"י, אַז אם אין קמח אין תורה — מיט אַ הונגעריקער אַרמיי קאָן מען ווייט ניט פאַרפאָרן אַפילו אויף די בעסטע טאַנקען.

דאָס איז שוין אָבער אַן אַלטער כלל, און אַלע קריג־פירערס פון אַלע צייטן האָבן פריער פון אַלץ געזאָרגט זיך פאַרן פּראָוויאַנט פון זייערע אַרמייען. מערניט, וואָס היינט ווייס מען שוין, אַז ס'איז ניט גענוג גלאַט אַזוי אָנשטאָפּן דעם מאָגן פונם סאַלדאַט מיט שפּייז, — די אכילה איז שוין היינט איינע פון די זיבן חכמות, און איר דאַרפט שוין שיר ניט פאַרענדיקן אַן אוניווערסיטעט צו פאַרשטיין ווי געהעריק די חכמת האכילה.

יידן האָבן, למשל, געגעסן מערן־צימעס פון מתן־תורה אָן. קיין חכמה איז אָבער דערינען ניט געווען. איז געקומען די וויסנשאַפט און הייסט עסן מערן פאַר די אויגן, — און היינט קאַרמעט מען לופט־פּליערס, וואָס דאַרפן האָבן זייער אַ שאַרפע ראיה, מיט מערן.

אָדער אָט עסן יידן געהאַקטע לעבער פאַר מי יודע וויפל דורות, אָן באַזונדערע כוונות, — אפשר פשוט דערפאַר, וואָס ס'איז געשמאַק. קומט די וויסנשאַפט און דערציילט אייך, אַז עס איז דאָ אַ טיפע כוונה אין אכילת לעבער, היות לעבער איז אַ רפואה קעגן אַנעמיע (בלוט אָרימקייט).

* * * * *

אָבער די חכמת האכילה באַשרענקט זיך מער ניט אויף דער פראַגע וואָס און ווי צו עסן, און וועלכע כוונות מען דאַרף האָבן דערביי. באַלד ווי אכילה איז אַזאַ וויכטיקער ענין, דאַרף מען דאָך טאַקע זען ווי אַזוי צו קריגן מערן, געהאַקטע לעבער און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן וואָס שטעלן צו נערונג, וויטאַמינען, ענערגיע און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן. ווייל די וויסנשאַפט האָט אויסגעפונען, אַז ניט בלויז אַן אַרמיי, נאָר אויך די מענטשלעכע ציוויליזאַציע, אַמווייניקסטנס אין איר אייראָפּעישן נוסח, מאַרשירט אויף איר מאָגן. האָט די מענטשהייט, חלילה, ניט וואָס צו אכלען, האָן ליגט די ציוויליזאַציע אין דער ערד מיט די ביינער; איז

אבער דער מענטש זאָט. דאָן קאָן ער באהויפּטן צו זיין ציווילזירט, האָבן אײדעלע מאַניערן, ניט כאַפּן פון טיש, און אויך אַריינקוקן אין א ספר.

א סברא, אז וואָלט די דייטשן ניט אויסגעפּעלט קיין ווורשטלעך מיט ביר, וואָלטן קיין היטלער און קיין נאציזם ניט געווען. דער דייטש וואָלט, אמווייניקסטנס, ניט אויסגעטאָן זיך אזוי לייכט פון דער גאנצער ציווילזאציע און ניט צוריקגעקערט זיך אזוי ווייט צוריק אין די גער־מאנישע וועלדער אריין.

דער שרייבער פון די שורות האָט אמאָל פאַרגליכן דעם אײראָ־פּעישן ציווילזירטן מענטשן צום לייב: ער טשעפּעט קײנעם ניט און אטאַקירט ניט קיין שוואַכערן ווען ער איז זאַט. ער איז דאָן גרויס־מוטיק, אפשר ווייל ער פוילט זיך . . .

* * * * *

און אָט דערפאר איז אזוי וויכטיק די אינטערנאציאָנאַלע שפּייז קאָנפערענץ וואָס איז אנומלט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין האָט ספּרינגס, ווירדזשיניא. זי האָט אָנגעצייכנט פּלענער, ווי צו פאַרזאָרגן נאָך דער מלחמה די גאַנצע וועלט מיט דער אכילה, — און טאַקע ניט סתם מיט אכילה, נאָר לויט די סאַמע נייסטע אנטדעקונגען פון דער וויסנשאַפט, — אכילה מיט דער געהעריקער וואָג וויטאַמינען, פּראָטעין, פעטס און אַלע אַנדערע שטאָפן וואָס צוזאַמען נאָרן זיי ניט בלויז אָפּ מיט כלומרשטדי־קער זאַטקייט, נאָר גיבן טאַקע די געהעריקע נערונג.

מען האָפט דאָך אויסבויען א נייע וועלט נאָך דער מלחמה, א ציווילזירטע וועלט, און דער יסוד פון אונדזער א"ג אייראָפּעישער צי־ווילזאציע איז דער מאָגן. זעטיקט אים ניט אָן, ווערט ער ברוגז און קאָן אייך פאַרפירן העט אין די מ"ט שערי טומאה אריין, — צום פאשיזם, נאציזם, וואַנדאַליזם, קאַניבאַליזם.

גיט איר דעם מאָגן וואָס אים קומט, לאָזט ער אייך צורו. אייער גייסט קאָן דאָן פריי שוועבן אין די הימלען פון אמת, יושר און שיינקייט.

* * * * *

די מלחמה האָט אָבער אויך דערוויזן דער וויסנשאַפט, אז דער מאָגן האָט זיינע קאַפּריזן, ער וויל ניט פאַרטראָגן מען זאָל אים איבער־שטאָפּן. אז מען לאָדט אים איבער, הויבט ער אָן אונטערקרענקען, און אזוי ווי ער איז דער דירעקטאָר אינם מענטשלעכן קערפּער, ווערט דער גאַנצער מענטש קרענקלעך, און במילא אויפגערעגט, — אזוי אז אי־בערזעטיקונג ווערט אויך א געפאַר פאר דער ציווילזאציע.

דערפאר אפשר די פאשיסטישע סימפאטיעס פון די צו זאטע עלעמענטן, און דער איזאלאציאניזם פון אמעריקאנער רעאקציאנערן, — עס קומט פון איבערפרעסן זיך. דאקטוירים האבן אויסגעפונען, אז דער געזונט־צושטאנד פון דער בריטישער באפעלקערונג האלט זיך אין איין פארבעסערן אין די לעצטע פיר יאר, זינט די מלחמה איז אויסגעבראכן, — כאטש אין ענגלאנד קריגט איר ניט קיין אראנזש אויף קיין רפואה, און אן איי נאר איינמאל א חודש. ס׳איז פשוט דערפאר, וואס, פון איין זייט האבן ענגלענדער אויפגעהערט איבערפרעסן זיך, און פון דער אנ־דערער האבן זיי אויפגעהערט הונגערן, א דאנק דער פארהעלטנסמעסיק גלייכער פארטיילונג פון שפייז.

און דערפאר מסתמא, קעמפן עס די ענגלענדער אזוי גוט קעגן דעם פאשיזם.

הייסט עס, אז אין דער נייער וועלט נאך דער מלחמה דארף מען זען, אז ניט נאר זאלן מענטשן ניט הונגערן, נאר זיי זאלן זיך אויך ניט איבערפרעסן. אנדערש וועט די וועלט שטענדיק זיין אין געפאר פון מלחמה און פאשיזם.

אבער דאס האט שוין ניט צו טאן מיט חכמת האכילה אליין.

יוני 18טן, 1943.

## "נייסי טאלפידי"

איך האב אנומלט ערגעץ געלייענט אזא מעשה: אין א רעסטאראן איז אריין אן אמעריקאנער און באשטעלט זיין מאלצייט. ווילט זיך אים מיט אימעצן דורכשמועסן זיך, אבער ביי זיין טישל זיצט נאר א כינעזער, — און גיי שמועס מיט א כינעזער "לאונדרימאן", וואס ווייס נאר "טשעקי, — וואשי". . . אבער ריידן ווילט זיך דאך פארט, פרובירט ער פארפירן א שמועס. אז מ׳האט דערלאנגט די סופ, מאכט דער אמע־ריקאנער: "נייסי סופי". אבער דער כינעזער ענטפערט ניט, נאר א שמייכל באווייזט זיך אויף זיין פארמאסקירטן אריענטאלישן פנים.

מאכט דער אמעריקאנער נאך א פארזוך. אז מען האט דערלאנגט דאס געבראטנס פון חזירשע פליש, מאכט ער "נייסי פיגי". אבער דער כינעזער ענטפערט גארנישט. פארפאלן!

דעם זעלבן אוונט קומט אריין דער אמעריקאנער אין זיין קלוב צו עפעס א באנקעט, און צו זיין דערשטוינונג דערזעט ער דעם "נייסי

סופי״ בינעזער אויף אַן אַנגעזעענעם אָרט. שפּעטער האָט דער פּאָרזיצער אַרויסגערופן דעם בינעזער צווישן די גאַסט־רעדנערס, ווי אַ פּראָמינענטן געלערנטן וואָס האָט געענדיקט אַ פּאָר אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן. יענער האָט אָוועקגעלייגט אַ פּרעכטיקע רעדע אין ראַפינירטן ענגליש.

אַביסל שפּעטער אין אָוונט האָט דער בינעזער אָפּגעזוכט זיין רעסטאָראַן באַקאַנטן און פרעגט ביי אים איראָניש: ״נייסי ספּיטשי?״...

* * * * *

די פון אונדז וואָס זיינען אין די יאָרן, וואָס מען געדענקט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט 38 יאָר צוריק, געדענקען מסתמא דעם בינעזישן באָקסער אויפשטאַנד. גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע האָבן זיך דאַן אַ לאָז געטאָן אויף בינע, און יעדערער האָט געשניטן אַ פּאַס.

די ״ווייסע״ האָבן נאָך דאַן ניט געהאַט אַזעלכע מאָרד מאַשינען ווי היינט, אָבער די בינעזער האָבן געקעמפּט בלויז מיט בעזימער און מיט קאָטשערעס. אַ געלעכטער! ״נייסי ברומי?״.

די בינעזער מאַכן זיך תמעוואַטע, און הויבן אָן ״אייראָפּעיזירן זיך״. מען וואַרפט אַראָפּ די קעניגין, מען שאַפט אַ רעפּובליק, מען אַנט־וויקלט אייראָפּעישן נאַציאָנאַליזם און — אייראָפּעישן מיליטאַריזם.

אין 1931, נאָכדעם ווי יאַפּאַן האָט אָפּגעריסן פון איר מאַנ־טשוקאָ, האָט בינע אַלעמען איבערראַשט מיט איר ווידערשטאַנד אין שאַנכאַיער שלאַכט. דאָס זיינען שוין ניט געווען קיין בעזימער און קאָטשערעס, נאָר אמתע קאַנאָנען. ״נייסי קאַנאָני״. . .

אַוודאי האָט יאַפּאַן געזיגט, אָבער מיט זעקס יאָר שפּעטער — און די בינעזער שיסן שוין מיט לופט טאָרפּעדעס און צעשטער עראָ־פּלאַנען, און זיי זינקען יאַפּאַנעזישע שיפן. ״נייסי טאָלפּידי?״. (באַמער־קונג: די בינעזישע שפּראַך האָט ניט קיין ״ריש״. וואָס זיי מאַכן פון ״רייז״, זייער הויפּט מאכל, איז אַ חרפּה אויסצוזאָגן . . .).

* * * * *

ניין, די יאַפּאַנעזער וועלן פאָרט זיגן, זיי וועלן אָפּרייסן נאָך אַ שטיק בינע. זייער מיליטאַריזם איז אַ סך עלטער פונם בינעזישן, און אויף ״טאָלפּידי״ זיינען זיי פאָרט גרעסערע בריות. אָבער דער פּרייז וואָס זיי וועלן באַצאָלן פאַרן זיג וועט זיין אַ שרעקלעכער.

נאָך שווערער וועט זיין האַלטן דעם זיג אין די הענט.

פאר א צענדליק אַנדערהאַלבן יאָרן וועט סאָוועט רוסלאַנד מער ניט דאַרפן מורא האָבן פאר אירע גרעניצן אין ווייטן מזרח. יאפּאן וועט זיין צו שוואך פון איר קאמף און צו פארנומען מיט גריזשען די כינע־זישע ביין.

אָבער דאן וועט זיך ערשט צעשפּילן די חתונה. כינע וועט שוין דאן זיין געאייניקט, נאציאָנאל באוואוסטזיניק און מיליטעריש מעכטיק. צוערשט וועט זיין אַ אַך און וויי צו יאפּאן. און דאן ערשט וועט סאָוועט רוסלאַנד דערפילן א נייעם, פיל מעכטיקערן שונא ביי אירע גרע־ניצן, — א שונא וואָס וועט אפשר זוכן נוקם צו זיין זיך אַן גאַנץ איירָאָפּע פאר אלע צרות און שאנד:

כינע, די געלע געפאר!

עס הויבט זיך דאַך אַלעמאָל אַן אזוי: באוואפענונג צוליב שוץ, און אַז מען דערפילט דעם כוח, הויבט מען אַן אנפאלן . . .

* * * * *

אַלע פעלקער, מיט טויזנט יאָריקע ציוויליזאציעס, האָבן פיינט מלחמה און בלוט פארגיסונג, אזוי די כינעזער, די אינדוסן, די יידן.

ווען זייער פּאָליטיק וואָלט געווען קריגערישקייט, וואָלטן זיי ניט געווען קיין אַלטע פעלקער. קריגערישע פעלקער געווינען ציטווייליקן רום, אָבער זייער סוף מוז זיין אונטערגאנג (דאָס איז די דייטשע טראַ־געדיע וואָס שפּילט זיך אָפּ כמעט פאר אונדזערע אויגן).

די אַלטע פעלקער פילן עס, דערפאר קאָן אין אינדיע האָבן אזא קאָלאָסאַלן איינפלוס מאהאטמא גאנדי און זיין לערע פון פּאסיוון ווידער־שטאנד.

כינע האָט פאר פיל הונדערטער יאָרן געלאָזט זיך באַזיגן, האָט איינגעשלונגען איין זיגער נאָכן אנדערן, און איז געוואָרן דאָס פּילצאָליק־סטע פאָלק אין דער וועלט. צום סוף צווינגט מען אויף איר ארויף "איי־ראָפּעישע ציוויליזאציע". א רחמנות אויף דער מענטשהייט . . .

ווען יאפּאן האָט געשלאָגן רוסלאַנד אין 1905, האָבן מיר אַלע געזען דערינען א פּראָגרעסיווע דערשיינונג. היינט דארף מען שלאָגן יאפּאן צוליב פּראָגרעס, — אונדזערע הערצער זיינען מיט כינע. אין 20 יאָר ארום וועט אפשר כינע ווערן דאָס וואָס היינט יאפּאן.

געשיכטע פּליט דאָך היינט אויף עראָפּלאַנען!

אויגוסט 27טן, 1937.

# ספאָרט

מיט א געוויסער צייט צוריק האָט די אויסטראַליער רעגירונג פאַרבאָטן די איינגעבאָרענע פּאַפּואַסן אָנצופירן זייערע צווישן־שבטימדיקע מלחמות. אויסטראַליע וויל ציוויליזירן אירע פּרימיטיווע שבטים, און קוילן זיך איינער דעם אַנדערן, ווי באַקאַנט, איז ניט ציוויליזירט, — סיידן מען טוט עס מיט ציוויליזירטע קריג־מיטלען, ווי מיט עראָפּלאַנען, באָמבעס, גרויסע קאַנאָנען און גיפטיקע גאַזן. נו, א פאַרבאָט איז א פאַרבאָט, — די פּאַפּואַסן האָבן אָפּגעלייגט אָן א זייט זייערע העק און "דובינקעס" און האָבן זיך פאַרנומען אויף א פרידלעכן לעבן.

איז עס, דאַכט זיך, גוט? טויג עס ערשט ניט. די פּאַפּואַסן האָבן פאַרלאָרן זייער "נאַציאָנאַלן ספּאָרט", איז זיי געוואָרן שרעקלעך אומעטיק און ניט אינטערעסאַנט צו לעבן אויף דער וועלט.

איז דאַך די רעגירונג א מאַמע צו איר טונקל־הויטיקע בירגער, און כדי די פּאַפּואַסן זאָלן ניט אויסגיין פון אומעט, האָט זי איינגעפירט צווישן די שבטים — דעם ציוויליזירטן ספּאָרט — פוטבאָל! נו, איז צווישן די פּאַפּואַסן טאַקע געוואָרן פריילעכער. און באַלד איז געוואָרן גאָר פריילעך, ווי אין די גוטע אַלטע צייטן!

ביי א מעטש צווישן שפּילער פון צוויי שבטים אין ראַבאַול האָט די פּאָליציי אויסגעפונען, אז זיבן זיינען געווען באַוואָפנט מיט מעסער, 17 מיט צעבראָכענע פלעשלעך, 9 מיט ראַזיר־קלינגלעך און די איבעריקע — מיט שטיינערנע "דובינקעס", 6 אינטשיקע טשוועקעס און אַנדערע שאַלאַמויזן, וואָס האָבן ניט צו טאָן דירעקט מיט פוטבאָל. דער מעטש האָט זיך אָנגעהויבן, ווי געוויינלעך, מיט 22 שפּילער. איז א האַלבער שעה אַרום איז א טוצן שפּילער שוין געלעגן צעבלוטיקט אויפן פעלד, האָבן דאַך געדאַרפט בלייבן צען, אָבער אין דער אמתן זיינען דאָרט געווען 75: דאָס פּובליקום, הייסט עס, האָט אויך גענומען א האַנט . . .

מיט איין וואָרט: פוטבאָל האָט געדינט די פּאַפּואַסן ווי א מיטל אויפצולעבן צוריק אויף א לעגאַלן אופן דעם אַלטן ספּאָרט פון צווישן־שבטימדיקע אויסשלאַכטונגען. נאָך א צאָל אַזעלכע אינצידענטן, האָט די רעגירונג פאַרבאָטן אויך פוטבאָל — און די פּאַפּואַסן זיינען ווידער אין געפאַר אויסצושטאַרבן פון אומעט . . .

* * * * *

די דאָזיקע מעשה דערצייל איך דאָ איבער, ווייל זי גיט אונדז א קולטורעל־היסטאָרישן בליק אויף דער אנטוויקלונג פון "ספּאָרט", איינס

פון די וויכטיקסטע פאַרווײלונגען פונם ציוויליזירטן מענטשן. ספּאָרט איז אַ רעזולטאַט פונם מענטשלעכן פּאָרשריט, פון דעם מענטשנס דראַנג אויסצולעבן זײַנע פּרימיטיווע קאַמף־אינסטינקטן אויף אַ מענטשלעכן אופן.

אין דעם רוימישן פּעריאָד האָט ער עס אויסגעלעבט אינם גלאַדיאַטאָרן קאַמף. אין מיטלאַלטער איז דער גרעסטער ספּאָרט געווען דער ריטערן טורניר, אויך אַ בלוטיקער ספּאָרט, אָבער פאַרהעלטנסמעסיק פרייער און ווייניקער גרויזאַם.

ביסלעכווייז האָט זיך עס אַנטוויקלט אין די מאָדערנע פאָרמען פון ספּאָרט, — פוטבאָל, בייסבאָל אאַ״וו, און דעם גרויזאַמסטן (און פּאָפּולערסטן פון זיי אַלע), דעם פויסטן קאַמף. אין פערד רייסעס, און אין שפּאַנישע לענדער אויך אין אָקסן־קאַמף און העגער קאַמף, לעבן אויך אויס אַ סך מענטשן דעם דאָזיקן פּרימיטיוון אינסטינקט.

אַ העכערע מדרגה פון ספּאָרט איז דערגרייכט געוואָרן אין די שפּילן, אין וועלכע פיזישער כוח ווערט בכלל ניט באַנוצט, — קאָרטן, דאַמקעס, שאַך אאַ״וו. די ייִדן וואָס האָבן אַן עלטערע ציוויליזאַציע און וואָס האָבן צוליב פאַרשיידענע סיבות דערווייטערט זיך פון פיזישן ספּאָרט, לעבן דערפאַר מער אויס אָט די אינסטינקטן אין דעם דאָזיקן סאָרט שפּילן. דערפאַר אפשר זײַנען ייִדן אַזעלכע ליידנשאַפטלעכע קאָרטן שפּילער (די נידעריקסטע מדרגה אין אָט דער קאַטעגאָריע). אָבער אויך אין שאַך, וואָס איז די העכסטע מדרגה אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע, פאַרנעמען זיי דעם אָנגעזעענסטן אָרט.

* * * * *

די פּאַפּואַסן האָבן אָט דעם היסטאָרישן פּראָצעס ניט דורכגעמאַכט, און פוטבאָל האָט פאַר זיי קיין שום טעם ניט. ווען עס זאָל ניט באַגלייט ווערן מיט שטיינערנע ״רובינקעס״ און מיט ״אַ פרייען פאַר אַלעמען״ געשלעג.

אָבער ביי די מאָדערנע ״ווייסע״ נעמט עס אויך ניט לאַנג צו גיין אויף צוריק. דער מאַרש אויף צוריק זעט זיך באַזונדערס אָן אין די פאַשיסטישע לענדער, און בפרט אין נאַצי־דייטשלאַנד. דאָרטן גלאָריפיצירט מען מלחמה ווי דעם גרעסטן פון אַלע ספּאָרטן, — אַ ספּאָרט, וואָס ״לייטערט אויס די נשמה, און דערהויבט דעם מענטשן צו זײַן העכסטער הויך״. . .

יאָ, נאָך העכער ווי די פּאַפּואַסן. וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן זייערע ״רובינקעס״ מיטן צוגאָב פון די רחמנותדיקע ראַזיר קלינגלעך, פּלעשער און טשוועקעס!

פאַר זייער נאַציאָנאַלן קיום וואָלט דער סאָרט קאַמף געווען א רעטונג. זיי קאָנען פאַר דורות שלאָגן זיך דערמיט צווישן זיך, און וואַקסן און בליִען, בעת אנדערש וועלן זיי אפשר אונטערגיין פון אומעט.

די ״ארישע פאַפּואַסן״ האָבן אזעלכע וואָפן מיט וועלכע מען קאָן אָפּווישן לענדער און פעלקער און איין שמע־ישראל. אז זיי וועלן זיך נעמען פאַר דער ארבעט, וועט אפשר אין עטלעכע יאָר צייט קיין זכר ניט בלייבן פון דער ציוויליזאציע, און מענטשן וועלן זיך אין א דור אָדער צוויי ארום צוריקקערן צו דער אלטער ״דובינקע״. וועט עס אפשר טאַקע זיין גאָר ניט אַזוי שלעכט, מען וועט זיך פארגעסן שאַך, אָבער עס וועט אויך פארשווינדן מאָדערנע מלחמה, קעגן וועלכער פאַפּואסער שבטים קריג איז אן אומשולדיקער מענטשלעכער ספּאָרט . . .

יוני 22טן, 1937.

# האָמאָ סאַפּיענס

איר געדענקט די מעשה מיט דער באַן אין קאַסרילעווקע? די קאַסריליקעס האָבן אין איר ניט געגלויבט. זיי האָבן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אז א וואָגן זאָל קאָנען גיין אָן פערד.

און אז מען האָט אויסגעלייגט די רעלסן און די באַן האָט אָנגעהויבן גיין, האָבן די קאַסריליווקעס נאָך אַלץ באַצויגן זיך סקעפּטיש צום גאנצן ענין: ״עס וועט ניט אויסהאַלטן״, האָבן זיי געזאָגט.

עס האָט אָבער יאָ אויסגעהאַלטן. היינט גייען באַנען, לויפן אויטאָמאָבילן, פליען עראָפּלאַנען, און איר קאָנט הערן ביי זיך אין הויז וואָס מענטשןריידן פאַר צען טויזנט מייל פון אייך. קיינער קוקט זיך מער ניט אום אויף דעם. קיינער באַטראַכט עס מער ניט אפילו פאַר קיין וווּנדער.

אפילו די אנטדעקונג פון אטאָמישער ענערגיע, וואָס קאָן רעוואָלוציאָניזירן דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן אין א גרעסערע מאָס ווי וועלכע ס׳איז אנדער דערפינדונג, איז ניט געווען קיין באַזונדערס גרויסע סענסאַציע. מיר זיינען שוין געוויינט געוואָרן צו אזעלכע זאַכן.

און אז מען רעדט וועגן א רייזע צו דער לבנה, אָדער גאָר צום שטערן מאַרס, באַטראַכטן מיר עס ווי א וואַרשיינלעכקייט פון דער גאָר נאָענטער צוקונפט. מיר ווייסן, אז דאָס איז אין די ראַמען פון דער נאָענטער מעגלעכקייט.

מענטשלעכע דערפינדערישקייט האָט דערגרייכט אזא הויכע מדרגה, אז אין די ראַמען פון די גרונט געזעצן פון לעבן און טויט, וועלכע מען קאָן ניט איבערשפרייזן, זיינען כמעט ווי ניטאָ קיין אוממעגלעכקייטן פאַר אונדז.

מיר באַוועגן זיך איבער דער ערד שוין איצט מיט אומגעהייערער שנעלקייט. מיר קאָנען איינשפּאַנען אין אונדזער דינסט כוחות פון דער נאַטור. מיר קאָנען איבערשאַפן דער נאַטורס מאַטעריאַלן פאַר אונדזער געברויך, — מיר קאָנען פאַרוואַנדלען שפּייז אין קליידער, און כעמישע שטאָפן אין שפּייז.

מיר האָבן איצט אין אונדזערע הענט די שליסלען צו אַ לעבן פון אַלגעמיינער שפע, זאַטקייט און זיכערקייט. עס איז ניטאָ קיין גרעניץ צו די רייכטימער וואָס מיר קאָנען פּראָדוצירן.

און אַט די מעגלעכע שפע הענגט מער ניט אָפּ פון שטח לאַנד און פון נאַטירלעכע רייכטימער. מיר קאָנען אַ מדבר פאַרוואַנדלען אין אַ גן־עדן, און פון אַ קליינעם שטח באָדן קאָנען מיר ציען חיונה און רייכקייט פאַר אַ סך מענטשן.

עס איז באמת ניטאָ קיין אורזאַך פאַרוואָס מענטשן זאָלן זיך רייסן פאַר לאַנד און פאַר רייכטימער. ס'איז דאָ גענוג פאַר אַלעמען.

* * * * *

איר זעט דאָך אָבער: מענטשן רייסן זיך צווישן זיך היינט ניט ווייניקער, — גיכער מער, — ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ווען מענטשן האָבן געמוזט אַרויסציען מיט שווייס פּנים פון יעדער שטיקל ברויט פון דער קאַרגער ערד. און היינט, אין אַ צייט פון אומבאַשרענקטע מעגלעכקייטן, לעבן נאָך די מערסטע מענטשן אויף דער ערד אין שרעקלעכסטער אָרימקייט.

דעם מענטשנס טעכנישער זשעני האָט ווייט אַריבערגעיאָגט זיין גייסטיקע און מאָראַלישע אַנטוויקלונג. מיט אַלע זיינע דערפינדונגען איז דער מענטש נאָך געבליבן פאַרשטעקט אין זיין ווילדן צושטאַנד, און ער ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט די אומבאַגרעניצטע כוחות וואָס ער האָט איינגעשפּאַנט אין זיין דינסט.

די גרויסע דערפינדונגען וואָס ער האָט געמאַכט קאָנען דערפאַר ווערן געצייג פון זיין פאַרניכטונג. ער וועט זיך אַזוי לאַנג שפּילן מיט דער אַטאָמישער ענערגיע וואָס ער האָט אַנטדעקט, ביז זי וועט אויפרייסן און פאַרניכטן אים.

דער נאַציזם האָט אַרויסגעבראַכט צום אויבערפלאַך די ווילדסטע אור־אינסטינקטן פון דער חיה אינם מענטשן. מיר האָבן זיך דערשראָקן, און מיר האָבן מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון אַלע אונדזערע כוחות דערשלאָגן די חיה צום טויט.

אָבער דער נאַצישער גייסט אין אונדז אַליין האַלט נאָך אין איין בושעווען. אַנשטאָט צו פּאַראַייניקן אונדזערע כוחות ווייטער פאַרן אויפֿבוי פון אַ נייער וועלט, — אַ וועלט פון קעגנזייטיקער הילף, — זוכן מיר פּאַרצוגן איינער קעגן דעם אַנדערן; אַנשטאָט גלייכהייט, זוכן מיר מאַכט; אַנשטאָט פרייוויליקער קאָאָפּעראַציע, יאָגן מיר זיך נאָך באַוואָפנטער פאַרזיכערונג (גלייך ווי באַוואָפנונג און באַפעסטיקונגען קאָנען זיין אַ פאַרזיכערונג קעגן אַן אַטאָמישער באָמבע).

און דערפאַר אַזאַ צערודערונג און אַזוי פיל קאַמף אויף דער וועלט שוין איצט, נאָך דער מלחמה. און דערפאַר גיבן מיר צו, ווען מען רעדט וועגן דערגרייכן די לבנה, "אויב מיר ווילן לעבן און געזונט זיין", — מיר ווילן אפשר אויפרייסן די ערד אונטער זיך, אײדער מיר ווילן זוכה זיין צו דערגרייכן די לבנה.

איך קוק זיך לעצטנס צו צו אונדזער "בראַווער נאָך־מלחמהדיקער וועלט" און איך טראַכט זיך: וואָס פאַר אַ נאַרישע באַשעפעניש דער "האָמאָ סאַפּיענס", דער "קלוגער" מענטש איז! מיט זיין גאַנצער כלומרשטדיקער חכמה לויפט ער און שלעפט מיט די וועלט צום חורבן.

פעברואַר 22טן, 1946.

## "גרויסע" און "קליינע"

מיר האָבן דאָ אַנומלט געלייענט וועגן דער סאָוועטישער אָקופּאַציע פון די קורילישע אינדזלען. די דאָזיקע אינדזלען, וואָס כאַפּן אַרום דעם אָקעאַטישן ים ביי די מזרח סיבירישע ברעגן, זיינען פאַר זיך אַליין קיין אויסגעבלאָזענע איי ניט ווערט, — דאָס זיינען ווילדע, שטיינערדיקע, שטורעמדיקע און קאַלטע אינדזלען, אויף וועלכע אפילו זוכערס פון טעריטאָריעס פאַר יידן האָבן קיינמאָל קיין אויג ניט געוואָרפן. אָבער אַ סאָוועטישע ציַיטונג האָט מיט שטאָלץ באַריכטעט, אַז אַט די אינדזלען זיינען איצט סאָוועטישע, און — "אַז מיר ווילן זיי באַפעסטיקן און מאַכן פון זיי אַ רינג פון שטאָל צו באַשיצן אונדזערע מזרח ברעגן".

האָב איך, לייענענדיק אָט דאָס, זיך געטראַכט: ווי נאַאיוו מענטש־

שן קאָנען נאָך זיין היינט, נאָך די דערפאַרונגען פון דער ערשט־פאַרענ־דיקטער מלחמה, און אין אַן עפּאָכע פון דער אטאַמישער באָמבע! איצט רעדט מען נאָך פון א "רינג פון שטאָל", גלייך ווי שטאָל וואָלט געווען שטאַרקער פון געברענטע פאַפּיר לגבי די מאָדערנע קריג משחיתים!

* * * * *

פון כל ימיו אָן איז עס געווען דער שטייגער פון אימפּעריאַליס־טישע לענדער, און לענדער וואָס האָבן געהאַט א יצר־הרע צו אימפּע־ריאַליזם, צו "פאַרטיידיקע זיך סטראַטעגיש". אָט אזוי, למשל: ענג־לאַנד האָט פאַרכאַפּט דעם סועץ קאַנאַל, צו באַשיצן איר באַזיץ אין אינדיע; דערנאָך האָט זי אריינגעשטעלט א פוס אין עגיפּטן, צו באַשיצן דעם סועץ קאַנאַל; דערנאָך האָט זי פאַרנומען ארץ־ישראל, צו באַשיצן אַ דעם קאַנאַל, אי עגיפּטן, — און אזוי ווייטער, ווי ווייט עס לאָזט זיך נאָר.

די איצטיקע מלחמה האָט בכלל געוויזן, ווי קליין ס'איז די באַדייטונג פון אָט די אַלע סטראַטעגישע הינטערלענדער. האָנג־קאָנג, סינגאַפּאָר און די פּיליפּינען זיינען איינגעשלונגען געוואָרן אויף איין פּרישטיק, און היטלערן האָט גענומען איין וואָך צייט דורכצולויפן דורך די סטראַטעגישע הינטערלענדער וואָס סאָוועט רוסלאַנד האָט אין 1939 און 1940 פאַרכאַפּט צו באַשיצן אירע מזרח גרעניצן קעגן אים.

און, צום סוף, איז יאַפּאַן געפאַלן נאָך ווען איר "אייזערנער רינג", וואָס זי האָט אויסגעבויט ארום זיך, איז געווען טויזנטער מייל דיק, און איז קוים ערגעצוווּ אָנגעשפּאָלטן געוואָרן!

וואָלט מען געדאַרפט לערנען דעם מוסר השכל, אַז דער איינציקער "אייזערנער רינג" היינטיקע צייטן איז אינטערנאַציאָנאַלע מאָראַל און פריינטשאַפט צווישן פעלקער. ליידער בלייבט עס אָבער דערוויל ביים אַלטן: עס האַנדלט זיך נאָך אַלץ פון טעריטאָריעס און פון סטראַ־טעגישע פּאָזיציעס. — און כאַפּן זיי ווילן די, וואָס האָבן עס אַלעמאָל געטאָן, — די וואָס האָבן די שטאַרקע הענט, אָדער די וואָס זיינען ביי זיי נושא חן.

* * * * *

האָט איר זיך פאַרטראַכט ווען אויף דעם, למאי זייער רייכע מענטשן יאָגן זיך נאָך אַלץ מער און מער געלט? זיי האָבן, דאַכט זיך, גענוג צו לעבן א גאַנץ לעבן אין דעם גרעסטן לוקסוס (און אָפט זיינען זיי אַלט און קראַנק און דאַרפן שוין ניט קיין לוקסוס, — זייערע מאָגנס קאָנען קוים פאַרטראָגן א ביסקעט מיט א גלעזל מילך), — און דאָך יאָגן זיי זיך נאָך מער רייכטימער און זיינען גרייט צו באַגיין די גרעסטע

פארברעכנס (אין די ראמען און חוץ די ראמען פון געזעץ) צו געווינען מער רייכטימער.

אוואדע פארשטייט איר, אז מענטשן יאָגן זיך נאָך רייכטימער ניט כדי צו לעבן באקוועם, נאָר צוליב דער מאכט וואָס דאָס גיט. דער מענטשלעכער יצר־הרע נאָך מאכט קאָן קיינמאָל ניט געזעטיקט ווערן, און וואָס מער מענטשן האָבן פון דעם, אלץ מער ווילט זיך זיי.

איז דאָס זעלבע מיט פעלקער אויך: וואָס מער זיי פארמאָגן, אלץ גרעסער איז זייער יצר־הרע צו נאָך מער. זיי ווילן אָפט ארייג־שטעלן א פוס אפילו אין א פלאץ וווּ מען קאָן אים אויסברעכן, פונקט ווי א מיליאָנער וואָס ריסקירט, צו געווינען מער קאפיטאל.

* * * * *

די "נייע, בראווע וועלט" פון נאָך דער מלחמה איז אין אַט דער הינזיכט, אמווייניקסטנס, ניט ניי. נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה וועלן "גרויסע" ווערן נאָך גרעסער (אויב זיי האָבן די מלחמה געוווּנען), און קליינע וועלן בלייבן קליין, אָדער נאָך קלענער.

און וואָס וועט זיין מיט די "קליינע"?

איז לאָמיר זיך צוריקקערן צו אונדזער משל: איר ווייסט דאָך מן הסתם אויך, אז אין די רייכע פאלאצן איז ניטאָ מער גליק און פרייד ווי אין די קליינע קאטעדזשעס. גיכער איז עס פארקערט, אמווייניקסטנס וווּ די קאטעדזשעס זיינען פארזאָרגט מיט עלעמענטארע מענטשלעכע באדינגונגען.

ווייסט איר, וועלכע פעלקער זיינען געווען די גליקלעכסטע ביז דער מלחמה? ניט דאָס מעכטיקע ענגלאנד, און אפילו ניט די רייכע אמעריקע, נאָר די קליינע, אָרימע סקאנדינאווישע לענדער.

קאנאדער סאָלדאטן וואָס האָבן באזוכט דענמארק אָדער נאָרוועג־יע שרייבן נאָך איצט מיט באוואונדערונג וועגן דעם פיינעם, מענטשלעכן לעבן אין אָט די לענדער. ווו עס זיינען ניטאָ קיין זייער רייכע פאלאצן, אָבער אויך ניט קיין "סלאמס".

די קליינע פעלקער קאָנען אין דער "נייער" וועלט ווערן גרויס אפילו מיט זייערע באשרענקטע טעריטאָריעס. זיי דארפן נאָר אויסלער־נען זיך צו לעבן מענטשלעך און זוכן מאכט ניט אין מאטעריעלע, נאָר אין גייסטיקע דערוווערבונגען.

מיר, יידן, וועלן זיין צופרידן מיט א קליינער טעריטאָריע, אז

"שטאָלענע רינגען". לאָמיר נאָר האָבן די געלעגנהייט צו לעבן אונדזער לעבן, און זיין "גרוים" אויף אונדזער אייגענעם שטייגער.

סעפּטעמבער 18טן, 1945.

## ווי טרינקט א קייסער טיי?

ווי אזוי טרינקט א קייסער טיי? ער נעמט א היטל צוקער, אא"וו. ווי אזוי עסט א קעניג לאַטקעס? ער מאַכט א רעקל פון לאַטקעס, גיסט אַן אין די קעשענעס פּוטער, אא"וו.

אזוי דערציילט אונדז א באַקאַנט יידיש פאָלקס לידל. דער יידי־שער עולם זינגט דאָס לידל, און איז מסתמא מקנא דעם קייסער. א יידנס גרעסטע אַמביציע איז דערפאַר: "ווען איך וואָלט געווען א קייסער!"

אָבער, רבותי, איר נאַרט זיך אָפּ אין חשבון. וואָס מיינט איר, וואָלט געווען, ווען איר זייט א קייסער?

איר מיינט איר וואָלט געטרונקען טיי פון א היטל צוקער? עס ווענדט זיך אין אייער פּרעמיער מיניסטער און זיין פּאָליטיק: אפשר וואָלט ער פּונקט אָנגעפירט א פּאָליטיק פון "אַפּיזמענט" בנוגע יאַפּאַן, און אזוי ווי טיי איז א כינעזישער געטראַנק, וואָלט ער אייער מאַיעסטעט בכלל געראָטן ניט צו טרינקען קיין טיי, כדי ניט צו פּראָוואָצירן יאַפּאַן (און א מיניסטערס "עצה" איז היינטיקע ציטן פאַר א קעניג זייער וויכטיק אָנצונעמען, ווייל א קרוין איז ניט שטאַרק צוגעקלעפּט צום קאָפּ, און א קאָפּ צו די פּלייצעס).

און אזוי איז מיט לאַטקעס און מיט אַלע אנדערע גוטע זאַכן. ווען איר זייט א קייסער, עסט איר ניט דאָס וואָס איר ווילט, איר הייראַט ניט וועמען איר ווילט, איר דערציט ניט אייערע קינדער ווי איר ווילט, איר פאָרט ניט וואוהין און ווי איר ווילט און איר קאָנט זיך ניט רירן פון אָרט, סיידן אין די "אינטערעסן פון דער מלוכה", ווי די רעגירונג פון דעם מאָמענט טייטשט זיי אויס.

א קעניג אין א דעמאָקראַטישער מדינה סימבאָליזירט די פּריי־הייטלעכע אינסטיטוציעס פונם פאָלק. ער אַליין האָט אָבער ווייניקער פרייהייט און מער פליכטן, ווי דער מינדסטער פון זיין פאָלק. ער קריגט דערפאַר כבוד און לאָיאַליטעט איבערן קאָפּ. אָבער וואָלט איר עס פאַר־ביטן פאַרן רעכט צו טרינקען אייער גלעזל טיי, ווי זי איז, ווען און ווי איר ווילט, צו זיין א באַלעבאָס אויף זיך אַליין און צו זאָגן וואָס איר מיינט און וואָס איר ווילט?

ווען איר ווינטשט זיך "ווען איך וואָלט געווען", זאָגט ניט א "קייסער" נאָר א "דיקטאַטאָר". א דיקטאַטאָר קאָן מאַכן פון א פאָלק דאָס וואָס ער וויל. א קייסער איז בלויז דאָס וואָס דאָס פאָלק מאַכט פון אים.

* * * * *

דאָס בריטישע פאָלק און די בריטישע דאָמיניאָנס פילן אן עכטע טיפע לאָיאַליטעט צום קעניגטום. אין דער הינזיכט ווייזן זיי ארויס אזוי פיל װאַרימקייט און ענטוזיאַזם, אז ס'איז גאָרניט אין אנקלאַנג מיט דער ענגלישער קאַלטבלוטיקייט און אָנגענומענער פלעגמאַטישקייט.

אויבנאויף זעט עס אויס ווי א גאַנץ פערזענלעכע צוגעבונדנקייט צו א באַשטימטער פּערזאָן. אָבער גראָד די ענגלענדער האָבן אין זייער געשיכטע ארויסגעוויזן א נייגונג צו באַזייטיקן קעניגלעכע פּערזאָנען, וואָס דערלויבן זיך צו "טרינקען טיי", "עסן לאָטקעס" אָדער גאָר חתונה האָבן לויט זייער אייגענעם פאַרלאַנג. פאַר "ניט פאָלגן די עצה פונם מיניסטער" פאַרלירט א קעניג זיין קרוין איינס־און־צוויי, ווי פּאָפּולער און באַליבט ער זאָל פריער ניט האָבן געווען.

די לאָיאַליטעט איז דערפאַר צו דער אינסטיטוציע און צו וואָס זי רעפּרעזענטירט אין די אויגן פונם בריטישער, — די פאַראייניקונג פון דער גרויסער פעלקער משפחה אין דער אימפּעריע, און די פרייהייט־לעכע אינסטיטוציעס וואָס זיינען אזוי טייער דעם בריט און מיט וועל־כע ער איז אזוי שטאָלץ. אין דער איצטיקער צייט פון גרויס געפאַר פאַר דער אימפּעריע און פאַר די פּרינציפּן פון פּאָליטישער פרייהייט, איז דערפאַר די צוגעבונדנקייט צום טראָן ביים בריטישן פאָלק נאָך שטאַר־קער, און די לאָיאַליטעט צום קעניג נאָך טיפער.

און קאַנאַדע, ווי א מיטגליד פון דער גרויסער בריטישער פעלקער משפחה, גרייט דערפאַר אזא וואַרימען קבלת פּנים פאַרן קעניג און דער קעניגין. אליין טאַקע אויך א משפחה פון א גרויסער צאָל פעלקערשאַפטן וואָס דער גורל האָט צונויפגעבראַכט, זעט קאַנאַדע אין דעם קעניג דעם סימבאָל פון איר אייגענער אייניקייט, אין איר שותפות מיט די אנדערע מיטגלידער פון דער גרויסער בריטישער פעלקער משפחה.

* * * * *

איך פּרוביר דאָ דערקלערן די האַרציקע אויסדרוקן פון לאָיאַלי־טעט צום קעניגלעכן פּאָרל, — אויסדרוקן וואָס זיינען אפשר ניט אי־בעריקס פאַרשטענדלעך צו די פון אונדז, וואָס קומען פון אזעלכע לענ־דער, וואו קעניגטום איז געווען דער סימבאָל פון אלדאָס בייז.

דער אמת איז אָבער, אז די זאַך איז ניט אזוי ראַציאָנאַל, מען זאָל זי אינגאנצן קאָנען דערקלערן מיט שכל. ס'איז דאָ א סך געפיל, — געפיל, וועלכער, ווי ליבע, איז ביי מענטשן מענטשלעך סימבאָליזירט, ווי דאָס זאָל ניט שטאַמען פון גאַנץ פּשוטע ערדישע אינסטינקטן.

נאָכאַלעמען, קאָן ראַציאָנאַליזם אליין ניט זיין די ליניע פון מענטשלעכן לעבן. אפילו די טרוקנסטע מאַרקסיסטן נעמען אין אכט מענטשלעכע סענטימענטן. אפילו אין סאָוועט רוסלאַנד ווערט קולטי־ווירט דער פּערזענלעכער סענטימענט צו דעם אָדער יענעם פירער, — און טאַקע אין א סך א גרעסער מאָס ווי אין א דעמאָקראַטישן לאַנד: אפשר דערפאַר, ווייל דאָרטן וווּ דער פירער האָט א סך מער מאַכט, איז נויטיק א סך מער לאָיאַליטעט צו פאַרהיטן די מאַכט.

פאַר אונדז איז דאָס קעניגלעכע פּאָרל ביי היינטיקן טאָג ניט בלויז דאָס וואָס זיי רעפּרעזענטירן, נאָר אויך דאָס וואָס זיי רעפּרעזענ־טירן ניט. מיר זיינען צופרידן וואָס מיר נעמען אויף א קייסער, ניט קיין דיקטאַטאָר. די אַלע אויסדרוקן פון לאָיאַליטעט צו א פּערזאָן זיינען ניט ראַציאָנאַל, ס'איז אָבער אַן אידייע וואָס ווערט סובלימירט.

קיין מענטשלעכער יום־טוב איז דאָך אָבער ניט ראַציאָנאַל. ווען מיר וואָלטן תמיד געלעבט נאָר מיטן שכל, וואָלטן מיר אויסגעגאַנ־גען פון לאַנגווייליקייט, אויב ניט נאָך ערגער.

מאַי 16טן, 1939.

די דאָזיקע אויסגאַבע איז דערמעגלעכט געוואָרן א דאנק דעם

## ש. מ. זעלטשען יובל קאָמיטעט

צוזאַמענגעשטעלט פון אָט־די פּערזאָנען:

רבי סאָל פרענק, ערן־פּאָרזיצער
ה. סטיינבערג, ערן־פּאָרזיצער
נ. י. ווײדמאַן, ערן־פּאָרזיצער
י. א. טשערניאַק, פּאָרזיצער
פ. זאָלף, גענ. סעקרעטאַר
ר. קליפּער, קאָרעספּ. רעקרעטאַר
מ. נאַטנזאָן, קאַסירער
א. אסאָווסקי
א. ה. אראָנאָוויטש
וו. ארטנשטיין
ל. אָרליקאָוו
ג. באָראָדיצקי
ז. באָראָדיצקי
מ. א. גרעי, מל"א
ב. דזשייקאָב
ס. י. דרייטש
י. וואָלינסקי
נח וויטמאַן
ל. זאראָוו
ב. זארעצקי
י. זיל
ב. צ. זארעצקי
נ. זעלטשען
מ. טעסלער
ל. טשעטשיק
ב. כהן
מ. כהן
א. לאַפּין
נ. לאָקשין
מ. מאָזער
ר. מאָזער
ל. ס. מאַטלין, פ"מ
רבי ל. מילגראַם
ב. מיימאַן
י. מיימאַן
א. ר. מיקעי
מ. נימאַן
ב. ד. סאַפיר
ג. סודאַק
פ. סימקין
ד. סלייטער
ג. שעפּס
מרס. פ. (אַדעל) שעפּס
מרס. מ. ד. (ראָזע) ספּיוואַק
מ. עלקין
ראָזע עלקין
י. פּלאָטקין
א. ב. פעלד
ש. פעלדמאַן
ח. פערלמאַן
מרס. י. פרידמאַן
מ. קאַנטאָר
ר. קיילאָף
ר. י. קימל
מרס. מ. ריידי
הרב מ. שוואַרצמאַן
דזש. שטיינבערג
מרס. ב. שיבאַ

# נאָכוואָרט

## פון י. א. טשערניאַק

פּאַרזיצער פונם ש. מ. זעלטשענ 60־יאָריקן יובל קאָמיטעט



איך האָב אַלעמאָל געהאַלטן פון יחוס.

איך האָב אַלעמאָל גערעכנט,—און מיין באַקאַנטשאַפט מיט טוערס אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען האָט דאָס באַשטעטיקט, — אַז איינער וואָס שטאַמט פון אַ שיינער פאַמיליע, איז בדרך־כלל אַ שענערער מענטש. איינער וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע פון לומדות, פון גייסטיקייט, פון אַ פּאָזיטיווער באַציונג צו טראַדיציע און קולטור, קאָן ניט און וויל אויך ניט, באַפרייען זיך פון זאַט־די אַלע אַטריבוטן, און מאַכט פון זיי אַ טייל פון זיין אייגענעם לעבנשטייגער.

אַט דערפאַר האָט מיך חבר ש. מ. זעלטשען (המכונה מאַרק) קיינ־מאָל ניט איבערראַשט. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו קענען זיינע עלטערן. די הויז וואו חבר זעלטשען האָט געקראָגן זיין דערציונג איז געווען אַ טראַדיציאָנעל יידישע. איך האָט ח׳ זעלטשען צו פאַרדאַנקען די מדות פון מילדקייט, פון טאָלעראַנץ צו מיינונגען, מיט וועלכע ער איז ניט מסכים, פון גוטער באַנעמונג צו מענטשן וואָס זיינען אים דערווידער — אַלץ מדות, פאַר וועלכע אונדזער בעל היובל איז אַזוי גוט באַקאַנט.

און צו די אַלע גוטע מדות, איז ער געבענטשט מיט אַ גראָדן, אַנאַליטישן שכל, מיט אַ גוטן זכרון, מיט אַ טיפער קענטעניש פון דער אַלטער און נייער יידישער געשיכטע, מיט אַ געזונטן חוש פאַר אַלץ וואָס איז עכט און ווינטשנסווערט אין אונדזער לעבן.

דאָס האָט אים געמאַכט פאַר דעם וואָרט־זאָגער אין קאַנאַדע בכלל און אין מערב קאַנאַדע, בפרט אין פראַגן יידישע און אַלמענטשלעכע; דאָס האָט באַקאַנט געמאַכט "דאָס יידישע וואָרט", אונטער זיין רעדאַקציע, אַלס שיינע, ערלעכע און פון דעם פּראָגרעסיוו־יידישן שטאַנדפּונקט, פאַר־דינסטפולע יידישע צייטונג.

די וועלכע לייענען די שורות, האָבן שוין זיכער געלייענט די אגב אורחאס, וואָס געפינען זיך אין דער זאמלונג. זיי וועלן זיכער מודה זיין, אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס זיי זיינען געשריבן געוואָרן וועגן טאָג־טעגלעכע פראגן, און צום גרעסטן טייל אין איילעניש, אונטערן דרוק פון פאסירונגען, וואָס האָבן געפאָדערט א שנעלן אָפּרוף, אנטהאלטן זיי אין זיך אייביקע אמתן און באווייזן אז ח׳ זעלטשען באזיצט א ווייטן, קלאָרן בליק, א פעאיקייט צו אָריענטירן זיך און קלאָר מאכן די פארוויקלטסטע פראָבלעמען און א טיפע, פּאָזיטיווע באציונג צו אלץ וואָס איז געזונט, עבט־יושרדיק און שיין פאר מענטשן בכלל און יידן בפרט.

איך האלט עס פאר א גרויס כבוד, וואָס דער קאָמיטעט האָט מיך דערוויילט אלס פאָרזיצער.

איך בין זייער דאנקבאר די חברים, וואָס האָבן געהאָלפן שאפן די פינאנציעלע מיטלען ארויסצוגעבן א טייל פון ח׳ זעלטשענס געזאמלטע שריפטן. איך רעקאָמענדיר דאָס בוך פאר אלט און יונג אלס א וועג־ווייזער אין פראגן וואָס האָבן פארנומען, פארנעמען נאָך, און וועלן פארנעמען א וויכטיקן פלאץ אין אונדזער שווערן לעבן; איך רעקאָמענדיר עס אלס א טעקסט־בוך פאר אונדזערע שולן, צו לערנען קינדער, ווי אזוי מען קאָן און מען דאַרף, שרייבן אויף יידיש וועגן די שווערסטע פּראָבלעמען — שיין, קורץ, זאכלעך און אינהאלטסרייך.

אין דעם נאָמען פון קאָמיטעט און אין מיין אייגענעם נאָמען, ווינטש איך חבר ש. מ. זעלטשען נאָך א סך יאָרן פון געזונט און פרוכט־בארער טעטיקייט אויפן געביט פון יידישער קולטור. זאָל דאָס בוך זיין, זיין ערשטער באנד פון א גרעסערער צאָל פון זיינע געזאמלטע שריפטן, און זאָל ער דערלעבן צו שרייבן דעם הימן פון אונדזער פולשטענדיקער באפרייונג, אונדזער עקזיסטענץ אלס פולבארעכטיקטער מיטגליד אין דער משפחה פון א פרייער מענטשהייט.

# די דאָזיקע אויסגאַבע איז דערמעגלעכט געוואָרן
# אַ דאַנק די פֿאָלגנדיקע חברים און פֿריינט :

סעם בראָנפֿמאַן, מאָנטרעאַל, פּרעזידענט קאַנאַדער אידישן קאָנגרעס

ב. אייזנשטאַט
ב. איידלמאַן
מרס. ארקין
אראַנאָוויטש-לייפּציג
וו. ארטנשטיין
י. אווערבאַך
מ. אווערבאַך
א. איידלמאַן
ל. אָרליקאָוו
ה. אָליאַן (ווענגרעוויל)
א. אסאָווסקי
מ. בייער
פּ. בילינקאָף
באַראָדיצקי ברידער
ע. א. בראָטמאַן
י. בלומבערג
בלאָשטיין (אַטלאַנטאַ)
פּ. בייקער
מ. בירנבוים
א. בריקער
א. גאָלאָמב (מעקסיקע)
י. גאָלדנבערג (סאַסק.)
מ. גובערמאַן
א. גובערמאַן
י. גילמאַן
ג. גרושקע
געלטנער (אסיניבאָיאַ)
ל. גאַרפֿינקל
י. גערשפֿילד
דר. ב. גינזבורג
אב. גרין (טאָראָנטאָ)
ש. מ. גאָלדין
ה. גאָרעליק
ה. י. גראַנאָווסקי
מרס. מ. גרעי
ד. פּ. גאָטליב
מ. א. גרעי
ס. גרין
ה. גרין
א. גרינבערג
מ. גוסין
ש. גרובער

ס. ל. גלעסמאַן
דזש. גאַרפֿינקל
מ. דענצקער
מ. דיימאָנד
פֿרענק בוקוואָלד
וו. דאָנער
דרייטש, מאַטלין און איזראַעלס
י. דריבין
ב. דזשייקאָב
נ. דזשייקאָב
דאָבראָוויטש (לעניגען)
ל. האַטסקין
ס. הערבסט
ה. וואָלש
ה. י. ווילדער
מ. וויסמאַן
וואַרקאָוו-סאַפּיר
נ. י. ווידמאַן
אָ. ווײַנשטיין
א. ווערייער
י. ווערייער און קאָ.
וויניפּעג לאָמבער
וויניפּעג פּענס
נ. וויטמאַן
מרס. י. וואַכנאָוו
סי. וואַלדמאַן
מ. וויסמאַן
ווענגאָד-דאַרדיק
ג. זעלטשען
מרס. י. זלאָטין
י. זעלטשען (לענגהעם)
ב. זאַרעצקי
ל. זאַראָוו
א. זלאָטניק
פּ. זאָלף
י. זיל
בנציון זאַרעצקי
י. א. טשערניאַק
מ. טעסלער
ד. טאָמפּסאָן
ל. טאַפּט

ל. טשעטשיס
טשאַסלאַווסקי ברידער
טולטשינסקי
ס. טעפּער
י. יאַנאָווסקי
א. לאַפּין
נ. לאָקשין
לאָוו פּאָר
מ. לייאָנס
ב. ליבערמאַן
פּ. מארגאָלים
ב. מיימאַן
א. מיקעי
י. מיילס
ב. מילער
מיטשל-קאָפּ
מ. מאָזער
ר. מאָזער
מ. מארגאָלים
ס. מאָזער
מ. מיינס
פּ. מילער (סאַסקאַטון)
מ. מאַנדעל (סאַסק.)
י. מיימאַן
מ. א. ניטיקמאַן
ס. ב. ניטיקמאַן
מ. נאַטאַנזאָן
מ. ה. נאַטאַנזאָן, טאָר.
י. סוירלעס
ד. סמיט
ל. סעדלעצקי
וו. סירקין
סילווערבערג און פּיטש
פּ. סימקין
ד. סלייטער
סמיט, שעכטער און גילמאַן
ס. סאָלאָוו
ג. סודאַק
ד. סודאַק
מ. ד. ספּיוואַק
מ. נימאַן (סטערלינג)

